דער טראַגיש אומגעקומענער אַנטי־נאַצי־קעמפער, דער שרייבער ח י י ם  י ע ל י ן, וואָס איז אין קאָוונער געטאָ געשטאַנען בראש פון דער ווידער־שטאַנד־באַוועגונג און פון די פּאַרטי־זאַנער — ער און זיין אָנדענק איז אָט דעם בוך.

צום ערשטן מאָל ווערן פאַרעפנטלעכט חיים יעלינס כתבים, אין געטאָ גע־שריבן, און מיט אַ נס אָפּגעראַטעוועט פון פייער.

צום וואָרט קומען אויך חיים יעלינס פריינד און מיטקעמפערס. זיי דער־ציילן וועגן איינעם פון די העלדיש־סטע זין וואָס די ייִדישע ליטע האָט ארויסגעגעבן אין איר אומקום־תקופה.

# HAIM YELIN

## Der geto-kemfer un shraiber

(Haim Yelin — The Ghetto-fighter and Writer)

Published by
The Association of the Lithuanian Jews in Israel,
Tel-Aviv, 1 David Hamelech Blvd.


Printed in Israel, 1975
נדפס בישראל, תשל"ו

עטיפה: ריטה קצוביץ

סידור: משה חמיאל

הדפסה: "חבצלת", הרצליה

## געז׳ קאָמיטעט אַרויסצוגעבן דאָס בוך

**אגר׳ יעקב אָלייסקי**, פאָרזיצער פון איגוד יוצאי ליטא בישראל
**יצחק ארד**, פאָרזיצער פון יד־ושם
**פראָפ׳ אברהם צבי בראון**, פּאַרטיזאַן, פאָרשער פון לעצטן חורבן און ווידערשטאַנד
**לייב גאַרפונקעל**, פון די מנהיגים פון ליטווישן ייִדנטום
**סטעפאַן גראַיעק**, פאָרזיצער פון איגוד הפרטיזנים, לוחמי מחתרת ומורדי הגיטאות
**יוסף חרמץ**, פּאַרטיזאַן, דירעקטאָר פון „אָרט״ ישראל
**יהודה טובין**, זשורנאַליסט (פאָרשטייער פון „מורשת״, בית עדות ע״ש מרדכי אנילביץ׳)
**מיכאל יצחקי** (געלבטרונק), פּאַרטיזאַן (פאָרשטייער פון „משואה״)
**מאיר יעלין**, שרייבער, פאָרשער פון לעצטן חורבן און ווידערשטאַנד
**ד״ר דב לעווין**, פּאַרטיזאַן, פאָרשער פון לעצטן חורבן און ווידערשטאַנד
**צבי לעווין**, טוער אין דער אונטערערד פון קאָוונער געטאָ
**חיים לאַזאַר**, שרייבער, פּאַרטיזאַן
**שׂרה נשמית**, שרייבערין, פאָרשערין פון לעצטן חורבן (בית לוחמי הגיטאות)
**נחמיה ענדלין**, פּאַרטיזאַן פון קאָוונער געטאָ
**אברהם סוצקעווער**, דיכטער, פּאַרטיזאַן
**אבא קאָווגער**, דיכטער, פּאַרטיזאַן
**ישׂראל קאַפּלאַן**, שרייבער, פאָרשער פון לעצטן חורבן
**משה שערמאַן**, פּאַרטיזאַן פון קאָוונער געטאָ

### רעדאַקציע:

**אגר׳ יעקב אָלייסקי, מאיר יעלין, ד״ר דב לעווין, ישׂראל קאַפּלאַן**

אַרויסגעבן דאָס בוך האָבן מיטגעהאָלפן

פאָנד אויפן נאָמען פון אברהם דב אַבראַהאַמס
אָרגאַניזאַציע פון ליטווישע ייִדן אין אַמעריקע, ניו־יאָרק
פאַרבאַנד פון ליטווישע ייִדן אין פילאַדעלפיע
אָרגאַניזאַציע פון ליטווישע ייִדן אין לאָס־אַנדזשעלעס
קאַנאַדישע פעדעראַציע פון ליטווישע ייִדן, מאָנטרעאָל
ד״ר י. בראַונס, לאָס־אַנדזשעלעס
פריינד און חברים פון חיים יעלין

אַגר' יעקב אָלייסקי / תל־אביב

# אין יענע גרוילפולע טעג

אין טעג ליכטיקע ווען קיין מחשבות מאַטערן ניט, אָדער אין צע־פייניקטע פון קאָשמאַרן פינצטערע נעכט, צי גאָר בעת מען ווערט גע־טריבן אויף ווענן אָדער אומוועגן פון לעבן — דערגייען אָפט די געדאַנקען צו די טראַגישע איבערלעבענישן פון שווערן עבר. ביי מיר פערזענלעך זענען די איבערלעבענישן צו ערשט פאַרבונדן מיט קאָוונער געטאָ. דריי יאָר האָבן מיר דאָרט געשמאַכט בעת דער היטלער־אָקופּאַציע פון ליטע.

ווען די שאָטנס ווערן געדיכט און מען פאַרזינקט אין יענעם חושכפולן אָפּגרונט, דערשיינט פּלוצעם די זעלטענע געשטאַלט פון חיים יעלין. פאַר די אויגן — אַ זאַמדיק געסל אין דער פאָרשטאָט סלאָבאָדקע (ווילִיאַמ־פּאָלע), ווו די דייטשן האָבן צונויפגעטריבן די קאָוונער ייִדן הינטערן שטעכלדראָט. אַנטקעגן דיר שטייט דער מאָגערער, מיטלוווּקסיקער בחור חיים, מיט זיינע איינגעפאַלענע באַקן, מיט די אַראָפּהענגענדיקע וואָנצעס וואָס ער האָט זיך פאַרלאָזט, מען זאָל אים ניט דערקענען. זיינע אויגן גלאַנצן, אָנגעפילטע מיט טרויער און אומרו. זיין שטענדיקער שמייכל באַהעלט אָבער דאָס ליידפולע פּנים.

איך האָב געזען חיימען אין דריי עיקרדיקע תקופות פון זיין לעבן: אַ גימנאַזיסט, אַ סטודענט און יונגער שרייבער, און צום סוף, אַלס אָנפירער פון דער ווידערשטאַנד־באַוועגונג און די פאַרטיזאַנער פון קאָוונער געטאָ. און הגם אין יעדער תקופה האָט זיין אויסזען זיך געענדערט, האָבן אָבער זיינע כאַראַקטער־שטריכן שטענדיק אַנטפּלעקט אייגנאַרט און אויסנעמ־לעכקייט.

לאַנג נאָך פאַר מיין קענען חיימען האָב איך געשלאָסן באַקאַנטשאַפט מיט זיין פאָטער, לייזער יעלין. געווען איז עס אָנהייב די צוואַנציקער יאָרן אויף לערער־קורסן אין קאָוונע. לייזער איז דעמאָלט אָקערשט געהאַט געקומען פון רוסלאַנד, ווו ער מיט זיין הויזגעזינד איז נאָכן גירוש־ליטע געווען פאַר־וואָגלט. איצט האָט ער געזוכט אַן אַחיזה אין קאָוונע. די גאַנצע משפחה האָט ציטווייליק געלעבט ביי קרובים אין קרוקי, אַ שטעטל אויפן ניעמאַן. לייזער יעלין האָט אָבער צוליב זיין שוואַכן געזונט באַלד געמוזט רעזיגנירן פון לערעריי און גענומען זוכן אַ געזעלשאַפטלעכע אינסטיטוציע, וואָס זאָל גרינדן אַ יידישע פאָלקס־ביבליאָטעק. אין מיטן די צוואַנציקער יאָרן איז ער שוין געשטאַנען בראש פון אַ גרויסער ביבליאָטעק ביי דער געזעלשאַפט „ליבהאָבער פון וויסן". די ביבליאָטעק איז זייער פּאָפּולער געוואָרן. זי האָט אויך באַזאָרגט מיט יידישע ביכער די ביבליאָטעקן אין דער פּראָווינץ.

עס פלעגט מיר אויסקומען צו באַזוכן די ביבליאָטעק אין די אָוונט־שעהען. כ'פלעג דאָרט טרעפן חיימען וואָס איז שוין געווען אַ שילער פון די העכערע קלאַסן פון דער קאָוונער העברעיִשער רעאַל־גימנאַזיע. ער פלעגט העלפן דעם פאָטער אָדער אים פאַרטרעטן. כ'פלעג ווערן באַאיינ־דרוקט פון חיימס באַהאַוונטקייט אין דער יידישער און וועלט־ליטעראַטור. מיט וואָס פאַר אַ געניטקייט און וויסן פלעגט ער רעקאָמענדירן ביכער דעם לייענער און אים פאַרשפאָרן דאָס זוכן אין קאַטאַלאָגן. עס איז געווען צו מערקן, אַז חיים איז אפשר דער בעסטער לייענער פון דער ביבליאָטעק.

צו גלייך מיט דער אַרבעט אין ביבליאָטעק האָט חיים געשטודירט עקאָנאָמיע אין קאָוונער אוניווערסיטעט, און אין 1938 פאַרענדיקט מיט אַ דיפּלאָם־אַרבעט וועגן דער מיגראַציע פון יידן אין אונדזער יאָרהונדערט. זיין נאָמען האָט זיך אָפט געלאָזט זען אויף די שפּאַלטן פון דער טאָגפּרעסע, באַזונדערש פון דער יידישיסטישער און שפּעטער פּראָסאָוועטיש אָריענ־טירטער טאָגצייטונג „פאָלקסבלאַט", ווו ער פלעגט פאַרעפנטלעכן רעצענ־זיעס וועגן טעאַטער־אויפפירונגען, בילדער־אויסשטעלונגען און ביכער. געקענט האָט מען אים שוין אויך ווי אַ מחבר פון פעליעטאָנען, הומאָרעס־קעס, רעפּאָרטאַזשן און סקיצעס. געווען איז ער איינער פון די אַקטיווסטע מיטגלידער פון דער יונגער שרייבער־גרופּע. ער פלעגט אויפטרעטן אויף אירע ליטעראַרישע אָוונטן. מיט זיינע שאַפונגען האָט ער זיך באַטייליקט אין די אַלמאַנאַכן, וואָס די שרייבער־גרופּע פלעגט אַרויסגעבן.

בעת דעם סאָוועטן־רעזשים אין ליטע, אין 1940/41, איז חיים געווען דער שטעלפאַרטרעטער פונעם אָנפירער מיטן פּאָליגראַפישן טרעסט. דייטשלאַנד באַפאַלט דעם סאָוועטן־פאַרבאַנד. דעם 24סטן יוני 1941 פאַרכאַפּן די דייטשן קאָוונע. אויף איר יִדישער באַפעלקערונג לאָזט זיך אַראָפּ אַ מבול פון הריגות און פּאָגראָמען, דורכגעפירט פון באַנדעס ליט־ווישע רוצחים וואָס האָבן זיך געשטעלט אין דינסט פון די היטלעריסטן. דעם 15טן אויגוסט איז אָפּגעשלאָסן געוואָרן די געטאָ. דער שעף פון געס־טאַפּאָ האָט דערקלערט די פאָרשטייערס פון דער יִדישער עדה, אַז דאָס ווערט געטאָן כּדי צו שיצן די יִדן פון די ליטווינער...

חיים, צוזאַמען מיט זיינע נאָענטסטע האָט געפּרוּווט לויפן קיין רוס־לאַנד. די יעלינס זענען אָבער אונטערוועגנס איבערגעיאָגט געוואָרן דורך די היטלעריסטישע האָרדעס און געווען געצווּנגען זיך אומצוקערן. נאָכן אַרומוואָגלען עטלעכע וואָכן איבער וועלדער און זייטיקע וועגן, זענען זיי מיט אַ נס ניצול געוואָרן פון די ליטווישע רוצחים און געהאַט דאָס „גליק" אַריינצוכאַפּן זיך אין קאָוונער געטאָ. דאָ איז חיים לכתּחילה געווען אַ נחבא־אל־הכּלים, פאַרשטעקט און אויסבאַהאַלטן. ער איז געווען אין מוֹרא אַז מען וועט אים זוכן צוליב זיין געזעלשאַפטלעכער טעטיקייט פאַר דער מלחמה און צוליב זיין אָנפירנדיקן פּאָסטן בעת דער סאָוועטן־מאַכט. פון צייט צו צייט פלעגט ער אונטער אַ פאַלשן נאָמען אַרויסגיין צו דער צוואַנג־אַרבעט אויפן אַעראָדראָם...

כּדי צו באַקומען אַ ריכטיקע פאָרשטעלונג וועגן חיימס גבורה, וועגן זיין דורכגעפירטער גרויסער געזעלשאַפטלעכער שליחות און געשיכטלעכן אויפטו, איז נייטיק כאָטש אין אַלגעמיינע שטריכן צו געבן אַן איבערבליק וועגן מצב פון יִדישן קיבוץ אין ליטע זינט דעם אויסבראָך פון דער צווייטער וועלט־מלחמה, אין סעפּטעמבער 1939, און דערנאָך — אין דעם שוידערלעכן היטלער־קלעם.

נאָכן באַוווּסטן ריבענטראָפּ־מאָלאָטאָוו־אָפּמאַך איז, ווי באַקאַנט, דאָס באַלטיקום אַריבער אין דער סאָוועטישער ווירקונג־ספערע.

אין ערשטן יאָר פון דער צווייטער וועלט־מלחמה האָט דער ראַטן־פאַרבאַנד איבערגעגעבן צו ליטע איר היסטאָרישע הויפּטשטאָט ווילנע. אַליין האָבן זיך די סאָוועטן באַשרענקט נאָר מיטן אויפשטעלן מיליטערישע באַזעס אין פאַרשיידענע פּונקטן פון דער ליטווישער טעריטאָריע. זיי האָבן

זיך ניט אַריינגעמישט אין אינערלעכן לעבן פון ליטע און ניט אַריינגע־בראַכט קיינע עקאָנאָמיש־פּאָליטישע ענדערונגען. פאַר די ייִדן פון קאָוונער ליטע איז עס געווען אַ יאָר פון „פּראָספּעריטי". דער האַנדל און מלאכה האָבן געבליט, לעבנס־פּראָדוקטן זענען געווען בשפע און זייער ביליק. די ייִדישע געזעלשאַפטלעכע אינסטיטוציעס האָבן אַנטוויקלט אַ לעבעדיקע טעטיקייט און האַרציק אויפגענומען פּליטים פון פּוילן, די, וועלכע זיי האָט זיך איינ־געגעבן צו דערגרייכן ליטע. מען האָט זיי אַרויסגעוויזן אַ ברודערלעכן הכנסת־אורחים און הילפסגרייטקייט.

זומער 1940 האָבן די סאָוועטן ראַדיקאַל געענדערט זייער פּאָליטיק לגבי דעם באַלטיקום, און די רויטע אַרמיי האָט אַריינגעמאַרשירט אין ליטע, לעטלאַנד און עסטלאַנד. צו גלייך מיט די אַנדערע באַלטישע רעפּובליקן איז אויך ליטע געוואָרן אָנגעשלאָסן צום ראַטן־פאַרבאַנד.

מיטן איינפירן די סאָוועטישע סאָציאַלע סיסטעם האָט דער ייִדישער קיבוץ אין ליטע דורכגעמאַכט אַ ווייטיקדיקן עקאָנאָמיש־פּאָליטישן איבער־בראָך און זיך געפילט ווי אַריינגעפאַלן אין קלעם. דאָך איז זיין מצב גע־ווען ניט צו פאַרגלייכן מיט דער טראַגישער לאַגע פון די ייִדן אין יענעם טייל פּוילן, וואָס האָט שוין אַ יאָר געשמאַכט אונטער דער אָקופּאַציע פון די דייטשן. די ליטווישע ייִדן האָבן מתפלל געווען, עס זאָל נאָר ניט קומען צו קיין מלחמה צווישן דייטשלאַנד און דעם ראַטן־פאַרבאַנד. די ליטווינער אָבער האָבן אין זייער מערהייט געוואַרט מיט אומגעדולד אויף אַזאַ מאָמענט. זיי האָבן געהאָפט אַז היטלער וועט ווידער אויפשטעלן די זעלבסשטענדיקע ליטווישע רעפּובליק. אויף די ייִדן האָבן זיי געקוקט ווי אויף קאָמוניסטישע מיטהעלפערס און מיטשולדיקע אין דעם פאַרלירן פון זייער אומאָפּהענגיקייט. דער פריִערדיקער אַנטיסעמיטיזם וואָס האָט זיך געשטאַרקט אין די דרייסיקער יאָרן אַ דאַנק דער העצע פון די עקסטרעמע ליטווישע נאַציאָנאַליסטן, איז איצט געוואָרן נאָך פאַרביטערטער.

ווען ליטע איז אָקופּירט געוואָרן דורך די דייטשן, איז די באַהאַלטענע ייִדן־שׂינאה וואָס האָט טיף געשטעקט אין די ליטווינער, באַלד אויסגע־בראָכן ווי אַ שמוציקע ווולקאַן־לאַווע. באַנדעס ליטווישע הענקערס האָבן אָפּגעטאָן פאַר די נאַציס די בלוטיקע מלאכה פון אויסמאָרדן דעם רוב מנין ובנין פון די ליטווישע ייִדן, אַרויסווייזנדיק דערביי אַן אומגעהייערע חיהשע רציחה.

די ליטווישע ייִדן האָבן איבערגעלעבט אַ מוֹראַדיקן שאָק, וואָס האָט זיי אַריינגעבראַכט אין אַ פולשטענדיקער פאַרלוירנקייט און אומבאַהאָלפנ־קייט. האָבנדיק קעגן זיך צוויי שונאים — דייטשן און ליטווינער — זענען זיי ניט פעיִק געווען זיך אַנטקעגן צו שטעלן דעם שרעקלעכן קלאַפּ, וואָס האָט זיך אַראָפּגעלאָזט אויף זיי.

קאָוונער ייִדן האָבן, אויסער געוויסע איינצלפאַלן, ניט אַרויסגעוויזן קיין ווידערשטאַנד ניט בעת די בלוטיקע פּאָגראָמען און כאַפּעכישן תּיכף נאָכן דייטשישן אַריינמאַרש; ניט בעת דער מאַסן־שחיטה פון טויזנטער מענער אין זיבעטן פאָרט; ניט בעתן „שוואַרצן דאָנערשטיק" האַרט פאַרן שליסן די געטאָ, וואָס האָט געקאָסט דער ייִדישער באַפעלקערונג איבער טויזנט קרבנות; ניט בעת דער אַזוי גערופענער „אינטעליגענטן־אַקציע", ווען די דייטשן און זייערע ליטווישע משרתים האָבן צונויפגעכאַפּט אין געטאָ 534 מענער און זיי דעם זעלבן טאָג דערשאָסן אין 4טן פאָרט. די ייִדן האָבן זיך ניט אַנטקעגן געשטעלט ניט בעת די קרבנותפולע רויב־זוכענישן אין געטאָ, ניט בעת די קומענדיקע „אַקציעס" אין וועליאָנער גאַס און דער קליין־געטאָ, ווען ס'איז פאַרברענט געוואָרן דער געטאָ־שפּיטאָל מיט אַלע קראַנקע און מיט דעם מעדיציניש פערסאָנאַל. די קאָוונער ייִדן האָבן ניט אַרויסגעוויזן קיין ווידערשטאַנד בעת דער גרעס־טער שחיטה איבער זיי, דעם 28סטן אָקטאָבער 1941, ווען קנאַפּע צען טויזנט נפשות — יונג און אַלט — זענען אַרויסגעשלעפּט געוואָרן פון געטאָ צום אומקום אויפן 9טן פאָרט...

אַזוי איז פון דער ייִדישער קהילה אין קאָוונע, וואָס האָט געציילט קרוב צו 40 טויזנט נפשות, געבליבן ווייניקער ווי אַ העלפט. דער דאָזיקער רעשט איז געצוווּנגען געוואָרן צו שלעפּן דעם יאָך פון רעכטלאָזע אַרבעטס־קנעכט, אָפּגעשטעמפּלט מיטן געלן שאַנדצייכן און פאַרמישפּטע צום לאַנג־זאַמען אומקום פון הונגער און קאַטאָרגע־אַרבעט.

פיזיש פאַרטיליקן דעם רוב פון פאָלק און פסיכיש צעברעכן די פאַר־לויפיק לעבן געלאָזענע ייִדן, זענען די נאַציס אויסן געווען. אָבער שוין נאָכן ליקווידירן די קליין־געטאָ, און בעיקר נאָך דער „גרויסער אַקציע", האָבן אין געהיים גענומען אויפקומען די עמבריאָנען פון דער שפּעטער פונאַנדערגעוואַקסענער ווידערשטאַנד־באַוועגונג אין געטאָ. דאָ און דאָרט האָבן יחידים געפּרוווט זיך אַרויסרייסן פון הינטערן שטעכלדראָט, כּדי

צו דערגרייכן די וועלדער, ווו ס׳האָבן, לויט דערגאַנגענע קלאַנגען, זיך אויפגעהאַלטן פּאַרטיזאַנער, קעמפנדיקע רעשטן פון סאָוועטישע אַרמיי־טיילן.

מיר איז באַקאַנט אַ פאַל פון אַ בחור, וואָס האָט געוווינט מיט זיינע עלטערן אין זעלבן הויז ווו איך. נאָך דער „גרויסער אַקציע״ איז ער מיט אַ פּאָר חברים אַרויס פון געטאָ, האָפנדיק צו געפינען אַ מקום־מיקלט אין די וועלדער פון אַליטע. אויפן צווייטן טאָג זענען די בחורים פאַרכאַפּט געוואָרן פון ליטווישע רוצחים און זענען געוואָרן דערמאָרדעט.

אַרויסרייסן זיך פון געטאָקלעם. וויפל סכנות האָט מען געדאַרפט איבערקומען! אַדורכקריכן דעם שטרענג־באַוואַכטן צוים איז געווען פאַר־בונדן מיט טויטגעפאַר. אַרומגיין אין שטאָט אָן די געלע לאַטעס — ווידער טויט. פאַרטרויען זיך פאַר פרעמדע און אומבאַקאַנטע מענטשן אין שטאָט, בעת אַ פריינד איז מער ניט געווען קיין פריינד — האָט גאָר אָפט גע־פירט צום אומקום. לאָזן זיך אין ווייטן וועג, דורך אַ ייִדן־פיינדלעכער באַפעלקערונג און זוכן פאַרטיזאַנער אין די וועלדער, האָט אין די מייגסטע פאַלן געפירט צום טויט.

און אויף אַן אָרט? טאָג־טעגלעכע קרבנות, טאָג־טעגלעך צו ד׳ער שווערער צוואַנגסאַרבעט, געטריבן איבערן ברוק, באַוואַכט פון אַ באַוואָפנ־טער שמירה.

עס זענען אויסגערונען די אילוזיעס, אַז די דייטשן וועלן אויפהערן מאָרדן און וועלן שאַנעווען דעם לעצטן, הינטערן געטאָצוים פאַרשפּאַרטן רעשט פון ייִדן. און אויב דער עלטערער דור האָט זיך נאָך אַליץ ניט גע־קאָנט אָפּכאַפּן פונעם שאָק וואָס ער האָט איבערגעלעבט, איז אָבער אין דער יוגנט פאַרגעקומען אַ יוירונג. ניט גיין ווי שאָף צו דער שחיטה! אויב שטאַרבן, איז מיט כבוד! אָרגאַניזירן זיך, אַנטקעגנשטעלן זיך, ניט פאָלגן די היטלעריסטישע באַפעלן, ברעכן צוימען, לויפן אין די וועלדער, אָנשליסן זיך צו די פּאַרטיזאַנער, צו די קעמפערס קעגן דעם בלוטיקן היטלעריסטישן אָקופּאַנט, און נעמען נקמה פאַרן אומשולדיק פאַרגאָסן ייִדיש בלוט! דאָס זענען געווען די הויפּטלאָזונגען און צילן פון די אַנטינאַצי־קעמפערס אין קאָוונער געטאָ. אין געהיים, שטרענג קאָנספּיראַטיוו האָבן זיך געבילדעט קעמערלעך כמעט פון די אַלע פאַרמלחמהדיקע פּאָליטישע גרופּירונגען. זיי האָבן באַשלאָסן זיך ניט לאָזן מער פירן פון בליגדן גורל.

חיים יעלין איז געשטאַנען בראש פון דער פּראָסאָוועטישער קאַמפּס־אָרגאַניזאַציע אין קאָונער געטאָ. ווי מיר ווען זען פון די זכרונות פון זיינע פריינד, חברים און מיטקעמפּערס, האָט ער אין זיין טעטיקייט זיך ניט אָפּגעשלאָסן אין די ד׳ אמות פון אַן ענגער פּאַרטיי־ראַם. ער האָט די קאַמפּס־פּלאַטפאָרם קעגן היטלעריסטישן אָקופּאַנט געגעבן אַ ברייטן געזעלשאַפטלעכן באַזיס און געבראַכט אונטער דער פאָן פון אַקטיוון ווידערשטאַנד די אַלע, וואָס זענען געווען גרייט צו שטעלן זיך אין אָפענעם קאַמף קעגן נאַציזן פיינט, דעם דם־שונא פון יידישן פאָלק און פון דער גאַנצער מענטשהייט.

אין די פינצטערע געטאָ־געסלעך, אין די פאַרבלוטיקטע הערצער און פאַרייאושטע געמיטער פון די הונגעריקע און אויף קאַטאָרגע־אַרבעט אויס־געפּייניקטע יידן האָט חיים אַריינגעווייעט דעם גייסט פון פרייהייט און מענטשלעכן שטאָלץ. גאָר באַזונדערש איז זיין ווירקונג געווען אויף דער יוגנט. אויפגעלעבט האָט ער אין איר דעם גלויבן אין די אייגענע כוחות, אויפגעפלאַמט האָט ער זי מיט דער האָפענונג אַז ניט אַלץ איז פאַרלוירן; איבערקומען וועט מען די גרויל־תקופה און ווערן ווידער מענטשן. ס׳האָט זיך געפאָדערט אַ גוואַלדיקער מוט און געשיכטלעכע ווייטזעעוודיקייט דאָס אַלץ צו דעקלאַרירן אין אַן אַטמאָספער, אַ באַהערשטער פון דעפּיטיזם. און וויסן דאַרף מען, אַז אין געטאָ האָבן אויך ניט געפעלט קיין קעגנערס פון אַן אָפענעם ווידערשטאַנד. אַ סך יידן זענען געווען איבערצייגט, אַז מען טאָר ניט שטעלן אין סכנה די געטאָ דורך וועלכע ניט איז קאַמפּסשריט, מען טאָר ניט אויפוועקן דעם צאָרן פון די היטלעריסטן, וואָס ווענדן אָן קאָלעקטיווע אחריות. מוז מען דעריבער שלעפּן געדולדיק דעם יאָך, וואַרטן אויף אַ נס, אויסקוקן די ישועה, וואָס וועט אפשר קומען.

חיים יעלין האָט זיך געלאָזט אויף אַ מרחק פון איבער 150 ק״מ אין די רודניצקער וועלדער, אין דעם נאָענטסטן פּונקט פון קאָוונע ווו ס׳האָבן אָפּערירט פּאַרטיזאַנער. ער האָט איינגעשטעלט דאָס אייגענע לעבן, כדי דורכצולייגן דעם וועג פאַר דער געטאָ־יוגנט, וואָס האָט געגאַרט צו נעמען געווער אין האַנט און קעמפן. עס זענען געווען גענוג נענטערע וואַלד־מאַסיוון, צוגעפּאַסטע פאַר אַ פּאַרטיזאַנישן קאַמף. האָט מען אָבער ביי דער אַרומיקער באַפעלקערונג ניט געפונען קיין אָנשפּאַר. אומגעקערט, אַ סך אָרטיקע איינוווינערס האָבן קאָלאַבאָרירט מיט די דייטשן. דערמיט איז צו

דערקלערן די דורכפאַלן פון אַ ריי פּרוּוון, וואָס די קאַמפּס־אָרגאַניזאַציע פון קאָוונער געטאָ האָט געמאַכט צו שאַפן זיך שטיצפּונקטן אין די אַרו־מיקע וועלדער.

ביי מיינע באַגעגענישן אין געטאָ מיט חיימען פלעג איך אים פרעגן, ווי דער שטייגער איז, וואָס עס הערט זיך.

אויף זיין בלייכן פּנים פלעגט זיך באַווייזן אַ שמייכל. דער ענטפער איז שטענדיק געווען לאַקאָניש אָבער פּילדייטיק:

— מען טוט וואָס מען קאָן.

און דערנאָך פלעגט ער צוגעבן:

— איר פאַרשטייט דאָך אַז קיין פּרטים קאָן איך ניט דערציילן. דערצו ווייס איך אַליין אויך ניט, ווי יעדע אונטערנעמונג וועט זיך ענדיקן...

געוויס, אין יענע גרוילפולע באַדינגונגען, אין וועלכע ער האָט געפירט זיין מסירת־נפשדיקע טעטיקייט, האָט מען ניט געקאָנט וויסן מה ילד יום...

אַ דאַנק זיינע זעלטענע גייסטיקע אייגנשאַפטן, זיין אויסערגעוויינלעכן מוט און דערהויבענער גבורה איז חיים יעלין אויסגעוואַקסן צו אַ גרויסער פּערזענלעכקייט — צו איינעם פון די שענסטע און העלדישסטע זין וואָס די יידישע ליטע האָט אַרויסגעגעבן אין איר טראַגישער אומקום־תּקופה.

ישׂראל קאַפּלאַן / תל־אביב

# בוך און ביקס

חיים יעלין — מיטלוווּקסיק, שמאָלפּלייציק און ברוסט איינגעפאַלן, אַ קרענקלעכער פון דער פריִער קינדהייט. יאָרנלאַנג האָט זיך געשפּירט אַ הייזעריקייט אין זיין שטים. אין געטאָ האָט זיין געזונט־צושטאַנד געוויס ניט געקאָנט זיין בעסער. זיין ברונעט פּנים האָט גענומען זיך פאַרטראָגן אין פּאַרמעט־גרוי און אַ מידקייט האָט אָפט זיך געמערקט אין זיין יעדן באַוועג.

גאָר שטאַרק איז אָבער חיים געווען אין זיין אינטעלעקטועלער אַנט־וויקלונג.

געבוירן איז חיים יעלין דעם 7טן נאָוועמבער 1912 אין ליטווישן שטעטל ווילקי, ביים ניעמאַן. זיינע עלטערן זענען געווען לערערס, אָנער־קענטע אין זייער פּעדאַגאָגישער אַרבעט, און געפירט האָבן זיי אין שטעטל אַ שול, וווּ די לערנשפּראַך איז געווען עברית. אַ מאָדערנער אויפטו אין יענע יאָרן. אויך אין שטוב האָבן די יעלינס גערעדט העברעיִש, און חיים איז געווען אפשר פון די ערשטע קינדער אין ליטע וואָס עברית איז געווען זייער מוטערשפּראַך.

באַלד ברעכט אויס די ערשטע וועלט־מלחמה, און מיטן צאַרישן גירוש פון די ייִדן פון קאָוונער גובערניע, אין יאָר 1915, איז די משפּחה יעלין פאַרוואָגלט געוואָרן קיין וואָראָנעזש. דאָרט מאַכן די יעלינס דורך די רע־וואָלוציע, דעם בירגערקריג, און אליעזר, דער טאַטע, ענדערט אויך אַ סך פון זיינע אָנשויונגען. ער הייסט שוין איצט לייזער, און אין שטוב נעמט קלינגען די שפּראַך פון די ייִדישע פאָלקסמאַסן. „אבא" און „אימא" בלייבן

אָבער ביי די קינדער די איינציקע נעמען פאַר טאַטע־מאַמע, ביז זייער לעצטן טאָג. „אימאלע" האָבן אסתּר־ריוולען, דער מאַמען, גערופן אויך די חברים פון אירע קינדער, און זי פלעגט מיט איר איידעלן און האַרציקן שמייכל אויף דעם זאָגן: אַן אֵם בישׂראל... קיין רחבותדיקע דירות האָבן די יעלינס ניט געהאַט, אָבער פריינדלעך און אויפמערקזאַם איז אין זייער וואַרעמער היים יעדער איינער געוואָרן אויפגענומען. אַ האַרציקייט און ליבלעכע גוטמוטיקייט זענען טאַקע ביי חיימען פון קינדווייז אַן געווען איינגעוואַקסן.

קאָוונע, און אויך די ייִדישע ליטע, האָט געקענט די פאַמיליע יעלין — פון בוך. צוריק פון רוסלאַנד, 1921, איז שוין לייזער, דער טאַטע, געווען פאַרבונדן מיט ביבליאָטעקן. ער גרינדעט און אָרגאַניזירט אין קאָוונע די ייִדיש־וועלטלעכע ביבליאָטעק ביי דער „קולטור־ליגע". צוליב טעמים פון לעגאַליזאַציע הייסט די ליגע שפּעטער „געזעלשאַפט ליבהאָבער פון וויסן". די אָפיציעלע נעמען גייען אָבער דעם עולם ניט אָן, און מען ווייסט נאָר — „יעלינס ביבליאָטעק". קינדער וואָס פלעגן מיטגיין מיט זייערע עלטערן און קומען אַהער, האָבן זיי לייזערן גערופן „אָנקל בוך". די צוויי זין אָבער, מאיר און באַזונדערש חיים, וואָס פלעגן מיטהעלפן דעם טאַטן, און מיט דער צייט איז חיים געוואָרן אַ שטענדיקער מיטאַרבעטער — דיביידע ברידער האָט יעדערער פון זיי ביי קליינוואַרג געהייסן סתּם — „בוך"...

די יעלינס שאַפן אין ליטע דעם געזעלשאַפטלעכן צענטער פון מאָדער־נעם ייִדישן בוך. אונטער זייערע הענט וואַקסט אויס אַ גרויסע און רייכע ביבליאָטעק מיט אַ לייענזאַל און אַ פאַרקויף־ און פאַרשפּרייט־שטעל, וואָס איז פאַרבונדן מיט די גרעסטע ייִדישע פאַרלאַגן אין דער וועלט. דאָ זעט מען אָפּט געזעלשאַפטלעכע טוערס, פען־מענטשן, קינסטלערס. אין די ביי־צימערן קומען אויך פאַר באַראַטונגען, און פון דאַנען ווערן אָרגאַניזירט ליטעראַרישע אונטערנעמונגען. קומט פון אויסלאַנד אַ ייִדישער שרייבער, אַן אַקטיאָר, איז זיין געוויינלעך טרעפּאָרט — ביי די יעלינס.

צווישן די ביכער האָט זיך חיים, קאָן מען זאָגן, געהאָדעוועט, דורכ־געמאַכט זיין יוגנט, און געאַרבעט כּמעט ביז אין געטאָ אַריין. צווישן די פאָליצעס האָט ער גאַנץ אָפּט צוגעגרייט זיינע אויפגאַבעס פאַר דער פאָלק־שול, שפּעטער פאַר דער מיטלשול און אוניווערסיטעט. דאָ האָט ער אויך געשריבן שטיקער פון זיין דיפּלאָם־אַרבעט ביים ענדיקן אַלס עקאָנאָמיסט.

דאָס לערנען גופא איז אים געגאַנגען ניט גאָר גלאַט. אין וואָראָנעזש האָט ער אָנגעהויבן אויף רוסיש. אין קאָוונע גייט ער אַריבער אויף ייִדיש אין פֿאָלקשול און פּראָגימנאַזיע. די העכערע פֿיר קלאַסן גימנאַזיע זענען אָבער ניטאָ נאָך אין ייִדיש. קומט ער אָן אין קאָוונער העברעיִשער רעאַל־גימנאַזיע, וואָס אַחוץ דער שפּראַך איז דאָרט די לערן־פּראָגראַם אויך אַ סך אַן אַנדערע. דער אוניווערסיטעט איז שוין אַ ליטווישער. חיים איז אָבער שטאַרק פֿעיִק און מאַכט דורך לייכט יעדן איבערגאַנג. אין דער העברעיִשער גימנאַזיע איז ער באַלד אַן אויסגעצייכנטער תּלמיד. פֿון די ערשטע איז ער אויך אין די שילערקרייזן און טעטיק אין „השומר הצעיר". היינט אויף דער סצענע! אַ שול־פֿאָרשטעלונג מיטן אָנטייל פֿון חיים יעלין איז געווען ממש אַן אַטראַקציע.

טעאַטער איז טאַקע פֿון די ערשטע זאַכן וואָס באַוועגט חיימס פּעדער. זיין ליטעראַרישע אַרבעט הייבט זיך אָן מיט רעצענזיעס אויף פֿאָרשטעלונגען פֿון די ייִדישע טרופּעס אין קאָוונע. פּאַמעלעך גייט ער אַריבער צו רעפּאָרטאַזש און סקיצעס פֿון גאַס און מאַרק, שטעטל און דאָרף, און דער עיקר פֿון געדריקטן אַרבעטער־לעבן. אויף ענלעכע טעמעס נעמט ער זיך אויך צו דערציילונגען. ער איז אָבסערוויר־פֿעיִק, און דער סטיל זיינער איז לעבעדיק, פֿאָלקסטימלעך, און מיט דראַנג צו נייע פֿאָרמען. געדרוקט האָט ער זיך אין קאָוונער „פֿאָלקסבלאַט" און אין אַנדערע מאַרקסיסטיש־לינקע אויסגאַבעס אין ליטע. פֿון מאָל צו מאָל אויך אין די ליטעראַרישע זאַמלביכער וואָס די ייִדישע שרייבערס אין ליטע פֿלעגן אַרויסגעבן („בריקן", 1937; „בלעטער", 1938; „נייע בלעטער", 1939; „בלעטער 1940"). באַזונדערע בריהשאַפֿט ווייזט ער אַרויס אין צונויפֿנעמען שרייבערס און קינסטלערס, אָרגאַניזירן זיי און איינשפּאַנען אין אַ ריכטונג, און צונויפֿקלאַפּן פֿאַר זייערע ווערק אַ סוכּה אין פֿאָרעם פֿון אַלמאַנאַכן, ליטעראַרישע אָוונטן. סוף דרייסיקער יאָרן שווימט בכלל חיים צווישן דער ייִדישער אינטעליגענץ און האַלט אין מאַכן „געזעלשאַפֿטן", „גרופּעס", „קרייזלעך" — פֿאַר פּראָגרעסיווער ליטעראַטור, קונסט, טעאַטער, מוזיק, געזאַנג.

חיימס קולטור־געזעלשאַפֿטלעכע טעטיקייט ברענגט אים אין 1937 צום ייִדישן קולטור־קאָנגרעס אין פּאַריז. אויף דעם צוזאַמענקום ווערט געגרינדעט דער ייִדישער קולטור־פֿאַרבאַנד „איקוף", און חיים איז פֿון די „איקוף"־פֿאָרשטייערס אין ליטע. ניט ווייניק מענטשן געדענקען מסתּמא

אויך חיימס טעג אין פּאַריז. אין „פּאָלקסבלאַט״ איז דעמאָלט אַוועק אַ סעריע רעפּאָרטאַזשן זיינע, לעבעדיק און בילדעריש געשריבן — „פּאַריז אין גרוי״.

מיטן אָנקום פון דער רויטער אַרמיי אין קאָוונע, יוני 1940, גייט חיים אַרויס פון די ביבליאָטעק־פּאָליצעס. ער ווערט דער שטעלפאַרטרעטער פון דעם פאַרוואַלטער אין פּאָליגראַפישן טרעסט. דער „בוך״ איז שוין איצט אַ מין מלך איבער אַ מדינה ביכער. ער איז אויך אַ באַשטימטער געריכט־בייזיצער אויפן פּראָצעס וועגן די מאַכינאַציעס אין אַ ליטווישן קאָאָפּעראַ־טיוון פאַרלאַג, און פון דער שורה שופטים האָט זיך באַזונדערש שטאַרק געמערקט זיין קלוגער און שאַרפער בליק. קלאָר אַז חיים בלייבט ניט אין אַ זייט פון ייִדישן בוך. טעטיק איז ער אין רעדאַקציע־ראַט ביים אַרויס־געבן ייִדישע ליטעראַטור. בכלל איז ער אָבער דער זעלביקער — גוט־מוטיק, פריינדלעך און אָפנהאַרציק, ווי שטענדיק.

יוני 1941 רייסן זיך אַריין די דייטשן אין קאָוונע. חיים און זיינע אייגענע פּרוּוון אַנטלויפן, אָבער די היטלער־חילות יאָגן זיי אָן. זיי זענען געצוווּנגען זיך אומצוקערן. מיט אַלע קאָוונער ייִדן ווערט אויך חיים פאַר־שפּאַרט אין געטאָ.

הינטער די דראָטן נעמט חיים יעלין, דער מענטש פון בוך, אַלץ מער ווערן פאַרוואַנדלט אין אַ מענטש פון ביקס. אין געטאָ זוכט ער אויף פאַר־טרוילעכע, פירט מיט זיי געהיימע באַראַטונגען. אונטער זיין אָנפיר ווערט בסודי־סודות אויפגעשטעלט אַ קאַמפס־אָרגאַניזאַציע. וואָס אמת, קאַמף און באַוואָפנטע אונטערערד זענען ווייט ניט געווען זיין פאַך. צוליבן געזונט איז ער אַפילו געוואָרן אויסגעבראַקירט פון ליטווישן מיליטער, און מיט געווער האָט ער בכלל ניט געהאַט צו טאָן. דאָ נעמט ער זיך אָבער מיט פאַרמעסט און אייזערנעם ווילן צו אַזאַ ריזיקאַלישער און העכסט פאַר־אַנטוואָרטלעכער שליחות.

די געטאָ־באַפעלקערונג — מענטשן דורכגעגאַנגענע פּאָגראָמען און אַקציעס, און דער טויט הערט ניט אויף צו הענגען איבערן קאָפּ. געווען איז עס אַ מאַסע פאַרפייניקטע און אויסגעהונגערטע, עלנטע און אָן אַ שיעור אלמנות מיט יתומים. מענער יונגע און קרעפטיקע זענען בכלל ווייניק אַריין אין געטאָ. די זענען געוואָרן צונויפגעכאַפּט און אין שרעק־לעכע צאָלן אויסגעשאָסן אין די ערשטע טעג פון דער אָקופּאַציע. ניט געווען שוין אויך די ייִדישע פּראָווינץ, וואָס איז גלייך ביים אָנהייב אָקופּאַ־

ציע געוואָרן אויסגעמאָרדעט פּונקט נאָך פּונקט... רעוואָלוציאָנערע עלטערן אין אונטערערד־אַרבעט — אַזעלכע זענען אין געטאָ מענטשן און געניטע אין אונטערערד־אַרבעט — אַזעלכע זענען אין געטאָ בכלל געווען גאָר ווייניק. טייל פון זיי זענען געהאַט געלאָפן מיט דער רויטער אַרמיי אויף מיזרח, און נאָך מערער זענען שוין געווען, ווי געזאָגט, אויסגעשאָסן פון די דייטשן און ליטווינער. דאָס רוב יוגנטלעכע אין געטאָ זענען געווען אין שולעלטער און קינדער פון מיטלשטאַנד — אַ יוגנט פון מעסיקע באַלעבאַטישע היימען. אַוועלכע ס'איז מיליטערישע צוגרייטונג האָט זעלטן ווער געהאַט. וועגן די מיידלעך רעדט זיך שוין ניט. בכן, אַלץ כמעט אַזעלכע וואָס האָבן אין נאָרמאַלע צייטן אונטערגעציטערט פאַר אַ ניט־בייזן הינטל. אין געטאָ זענען אויך די זעלביקע געווען אין דעם שטענדיקן אימת־מוות, דערצו נאָך הונגער און פּיין פון דער צוואַנגס־אַרבעט.

מיט זיין גאַנצער ענערגיע נעמט זיך חיים אַריינצוציִען די יוגנטלעכע אין אַ פּאַרטיזאַנער־באַוועגונג. און דאָס אַלץ אונטער דער סכּנה פון ווערן דערשאָסן אויף אָן אָרט פון די דייטשן און זייערע ליטווישע מיטהעלפערס, און ווי זייערע אַ וויטערדיקע שטראָף — אויסמאָרד פון דעם מענטשנס משפּחה, און אויך אַן אַקציע אויף דער גאַנצער געטאָ... ביי אַזאַ מצב ווערט חיים יעלין דער קאָמאַנדיר פון די פּאַרטיזאַנער, וואָס דאַרפן אין שטרענגסטן געהיים זיך מיליטעריש צוגרייטן, אַרויסגיין פון געטאָ, און מיט אַלערליי וועגן דערגרייכן די וועלדער ווו עס געפינען זיך פּאַרטיזאַנער.

חיים זוכט פאַרבינדונגען אויף דער אַרישער זייט, און בכלל מיט דער אויסערלעכער וועלט. ניט אַרויפצונעמען אויפן זינען די געוואַגטקייט וואָס דאָ פאָדערט זיך! און חיים קריכט מיטן קאָפּ אין פייער. דער אַרטיסט פון די געמיטלעכע שול־פאָרשטעלונגען און רעצענזענט פון יידישע טעאַטער־טרופּעס איז איצט אין גאָר אַן אַנדער ראָלע. מיט בלאָנד־געפאַרבטע האָר און טיפּיש־פּויערשע וואָנצעס, אָט אָנגעטאָן אין אַ שאָפּן־טולופּל, און אָט אין אַן אוניפאָרם פון אַן אייזנבאַן־אַרבעטער. און שטענדיק מיט אַ רעוואָלווער אין קעשענע, דרייט ער זיך אַרום אין די געפערלעכסטע ערטער.

... און אַ שטרענג סודותדיקע שושקעריי נעמט צווישן מענטשן אַרומגיין. מען איז פאַרגאַפט: חיים! אָט דער בוכמענטש און שרייבער, טיפּישער אינטעליגענט און שוואַך בחורל?.. אַ מעטאַמאָרפאָזע. ער איז אין

גאַנצן אַ פאַרענדערטער. ממש ווי אין די לעגענדעס וועגן פלוצעם־אַרויס־געשפּרונגענע העלדן אין העכסט קריטישע מאָמענטן... און ניט איינער הייבט די אויגן צום געטאָ־הימל: גאָט, היט חיימען!

חיים איז אָבער ניט אויסגעהיט געוואָרן. אַן אויג אַ גאָר אַנדערע, די טמאדיקע געסטאַפּאָ האָט שטאַרק געלויערט. גורלדיק־טראַגיש פאַלט דער 6טער אַפּריל 1944 אויף זיין לעבנסוועג...

מיר פאַרגעסן ניט די חורבן־תקופה פון אונדזער פאָלק אין די געטאָס און קאַצעטן. און הייליק איז ביי אונדז דער זכר פון די מענטשן וואָס האָבן דאָרט אויפגעפלאַקערט דעם גייסט פון אַקטיוון ווידערשטאַנד און געוויזן גבורה אין קאַמף מיטן שרעקלעכן שׂונא. צוזאַמען מיט די אַלע העלדן בלייבט ביי אונדז דער נאָמען פון געטאָ־גיבור חיים יעלין — חי וקים!

# אויסצוג פון אַ בריוו

דאָס אַרויסגעבן אַן אָנדענק-בוך פאַר חיים יעלין איז אַ נאָבעלע טאַט. ס׳איז דאָס שענסטע וואָס מען קאָן טאָן פאַרן זכרון פון אַ העלד און אַן איידעלער נשמה.

כ׳האָב געקענט חיימען פון זיין קינדהייט. די יעלינס האָבן געלעבט דעמאָלט אין אַ הילצערנער שטוב לעבן ניעמאַן, אַנט-קעגן דעם מיטלאַלטערלעכן וויטאַוטאַס-קלויסטער. ס׳איז געווען אַ קליינע דירהלע, פּאַקטיש איין גרויס צימער. אָבער די האַרציקע גוטסקייט פון זייער מוטער אסתּר-רבקה ע״ה און די אַטמאָס-פער פון אינטעלעקטועלער וואַכזאַמקייט האָבן געהערשט אינעם צימער. און מיר, קינדער, פלעגן פאַרלאָזן אונדזערע וואַרעמע און וויל אײַנגעאָרדנטע היימען, כּדי שעהענלאַנג צו פאַרברענגען ביי די יעלינס.

עד-היום איז ביי מיר געבליבן אַ טיפע דאַנקבאַרקייט צו דער דאָזיקער משפּחה, ביי וועלכער כ׳האָב אין מיינע גאָר יונגע יאָרן געלערנט שאַצן דעם ווערט פון בוך און שאַפנדיקן גייסט. אָט די דאַנקבאַרקייט איז שווער אויסצודריקן, זי בלייבט אויף אייביק אין האַרצן...

איך בין געווען אַ קלאַס-חבר פון חיימס עלטערן ברודער, מאיר, און פלעג קומען צו אים מאַכן די שטוב-אויפגאַבעס פאַר דער שול. אין משך פון יאָרן האָב איך געזען דאָס אויפבליִען און וואַקסן פון חיימס גייסט און די ערשטע פרוכט פון זיין ליטע-ראַרישער טעטיקייט.

אין 1934 בין איך פון ליטע אַוועק קיין ישׂראל און מער חיימען ניט געזען.

בעת דער צווייטער וועלט-מלחמה בין איך געווען אין דער בריטישער אַרמיי. דעמאָלט איז מיר אויסגעקומען צו טרעפן זיך

מיט מענטשן פון דער ניצול געוואָרענער שארית-הפליטה פון די ליטווישע ייִדן. מיט יראת-הכּבוד האָבן זיי גערעדט וועגן חיים יעלינס גבורה און העלדישן קאַמף. האָב איך זיך געפרעגט: פון וואַנען האָט ער געשעפּט מוט און קראַפט? און געפרווּוט עס פאַרענטפערן. ליטע, ווו ס'איז פאַרביי זיין קינדהייט, איז געווען פריי און אָפן. ווינטער — אויפן ניעמאַן, זומער — אויפן וועסע-לווּקער באַרג. דאָרט איז נאָך געשטאַנען דאָס ביידל אין וועלכן אברהם מאפּו האָט, אַראָפּקוקנדיק צום ניעמאַן, אויסגעדיכטעט זיין „אהבת ציון". אָט די רחבותן און בערג זענען פריי געווען... מען האָט געקאָנט חלומען פון הויכע צילן...

אַזאַ פרייען גייסט, ווי חיימס, האָט די געטאָ ניט געקאָנט צוימען.

**פּראָפ' מאיר יואלי,**
ניו־יאָרק.

**משה שערמאַן** / קרית־מוצקין

# חבר, קעמפער, אָנפירער

מיט חיימען האָט מיך געבונדן אַ באַקאַנטשאַפט פון אונדזער פריִער קינדהייט. מיר האָבן געלערנט אין איין קלאַס פון אַ קאָוונער יידישער פאָלקשול און געענדיקט זי אין 1924. חיים האָט זיך זייער גוט געלערנט. ער איז געווען אַ פריילעך ייִנגל און פלעגט זיך באַטייליקן אין אַלע שפּילן און פאָרשטעלונגען וואָס די שול האָט איינגעאָרדנט.

עס זענען געגאַנגען די יאָרן. אָפט פלעג איך זיך זען מיט חיימען אין ביבליאָטעק „ליבהאָבער פון וויסן", ווו ער האָט געאַרבעט און איך האָב געליִענט ביכער.

ווען די היטלעריסטן האָבן פאַרכאַפּט קאָוונע און די ייִדן זענען פאַר־שפאַרט געוואָרן הינטערן שטעכלדראָט, האָב איך זיך דערוווּסט אַז אין געטאָ איז דאָ חיים און אָרגאַניזירט אין געהיים אַנטינאַצי־קעמפערס. אָבער צוצוקומען צו אים איז ניט געווען פשוט. ווען מען האָט חיימען איבערגע־געבן אַז איך וויל אים זען, האָט ער געבעטן איך זאָל קומען.

און אָט בין איך ביי אים. כ׳האָב אים שווער דערקענט. ער איז געווען מיט לאַנגע האָר און וואָנצעס. חבריש האָט ער מיך אַרומגענומען און גע־זאָגט:

— וואָס זאָגסטו, משהקע, אין וואָסערע באַדינגונגען מיר טרעפן זיך?

מיר זענען באַלד צוגעטראָטן צום ענין. כ׳האָב אים דערציילט, אַז מיר, אַ גרופּע, ווי מען זאָגט, אייגענע חברה, צווישן זיי עטלעכע קאָמיוגיסטן (מיטגלידער פון קאָמוניסטישן יוגנטפאַרבאַנד) און נאָענט שטייענדיקע צו דער קאָמוניסטישער פאַרטיי, האָבן זיך אָרגאַניזירט, געשאַפן עטלעכע אונ־

טערערדישע קעמערלעך פון זעלבסטהילף, און זענען גרייט צו טאָן אַלץ וואָס עס לאָזט זיך, אין קאַמף קעגן די היטלעריסטן.

— זייער גוט — האָט געזאָגט חיים — אויך מיר האָבן ניט ווייניק מענטשן וואָס ווילן ניט זיצן מיט פאַרלייגטע הענט. מען דאַרף קעמפן צוזאַמען.

מיר האָבן גענומען גרייטן די פּראַקטישע פאַראייניקונג פון די באַזונדערע פּראָסאָוועטישע ווידערשטאַנד־גרופּעס צו אַן אַנטיפאַשיסטישער קאַמפס־אָרגאַניזאַציע, מיט קלאָרע צילן און אַ קלאָרער פּראָגראַם.

חיים איז געווען דער איניציאַטאָר און טרייבנדיקער כּוח פון דער פאַראייניקונג וואָס איז פאָרמעל פאָרגעקומען פון אָוונט, דעם 31סטן דעצעמבער 1941, ערב ניי־יאָר. צו דעם צוועק איז ער ספּעציעל געקומען פון שטאָט, ווו ער האָט געמאַכט עקשנותדיקע פּרוּוון צו געפינען מענטשן, גרייטע צו פירן אַן אַנטינאַצישע טעטיקייט און העלפן דער געטאָ. אין דער שוידערלעכער ווירקלעכקייט פון הינטערן שטעכלדראָט האָבן באַזונדערש ווערדיק און דערהויבן געקלונגען חיימס ווערטער אויף דעם דאָזיקן אומפאַרגעסלעכן צונויפקום:

— מיר לאָזן ניט די געטאָ אויף הפקר. אונדזער הויפּטציל איז אָבער — אָפענער קאַמף. מיר זענען פּאַרטיזאַנער!

דער דאָזיקער רוף האָט אונדז באַגייסטערט. די פריִערדיקע איניציאַטיוו־גרופּע פון דער פאַראייניקונג בלייבט אויך אויף ווייטער דער אָנפירנדיקער אָרגאַן — דער קאָמיטעט — פון דער אַנטיפאַשיסטישער קאַמפּס־אָרגאַניזאַציע. אין קאָמיטעט זענען אַריין חיים יעלין, מערע לאַן, פּסח גאָרדאָן־שטיין, אַלטע באָרוכאָוויטש־טעפּער און משה שערמאַן. (ווען ס'איז פון שטאָט, ווו ער האָט זיך אויפגעהאַלטן, אַריין אין געטאָ דימע געלפּערן, האָבן מיר אים צוגעקאָאָפּטירט צום קאָמיטעט). אַלע זענען מיר געווען דערפאַר, חיים זאָל זיך שטעלן בראש פון דער אָרגאַניזאַציע, ווייל ער איז אין אַ סך היגזיכטן געשטאַנען מיט אַ קאָפּ העכער פון אונדז אַלעמען.

די מיטגלידער פון דער קאַמפּס־אָרגאַניזאַציע האָבן אין געהיים געפירט אַ סאַבאָטאַזש־טעטיקייט אין די ערטער, וווהין מען פלעגט זיי טרייבן צו דער צוואַנגאַרבעט. מיר האָבן געקליבן געווער, כּדי זיך צו באַוואָפענען. חיים פּערזענלעך האָט זיך באַטייליקט אין אונדזערע געפאַרפולסטע אונטערנעמונגען.

ממש פאַנטאַסטיש קלינגט די געשיכטע פון דער געווער־עקספּראָפּריאַ־ציע אין דעם דייטשישן מיליטערישן שפּיטאָל, וואָס איז געווען אין צענטער שטאָט, פּונקט אַנטקעגן דער געסטאַפּאָ. חיים האָט די דאָזיקע אָפּעראַציע פּלאַנירט און אין איר דירעקט זיך באַטייליקט. דער שפּיטאָל פלעגט נעמען אויף אַרבעט אַ יידישע בריגאַדע פון געטאָ. די חברטע פון דער אָרגאַניזאַ־ציע סאָניע רובינסאָן האָט מיט ברויטטייג אַראָפּגענומען אַן אָפּדרוק פון דער שליסללאָך אין טיר פון דער וואָפן־קאַמער. אונדזערער אַ שלאָסער האָט צוגעפּאַסט אַ שליסל. אין איינער אַ ווינטערנאַכט זענען פון געטאָ אַרויסגעקראָכן דורכן צוים אונדזערע דריי יונגע חברה. ניט ווייט פון שפּיטאָל האָבן זיי ביז אַ שטיק אין דער נאַכט זיך אויסבאַהאַלטן אויפן דערבײַיִקן צווינטער אין טיפן שניי. אָנגעטאָנענע אין ווייסע מאַסקיר־כאַלאַטן, האָבן זיי אַריינגעפּויזעט אין הויף, אויפגעשלאָסן די וואָפן־קאַמער און אַרויסגעטראָגן זעק מיט ביקסן און קוילן. צום אָרט איז צוגעפאָרן אַ לאַסטאויטאָ, אַרויפגענומען די יאַטן מיטן געווער און געבראַכט צום וואָפן־לאַגער פון דער אָרגאַניזאַציע אין שטאָט. חיים איז געווען מיטן שאָפער...

לויט חיימס איניציאַטיוו איז געשאַפן געוואָרן אין געטאָ אַ קעמערל פון מעדיצינער בראש מיט ד״ר ראָזע גאָלאָך. די קראַנקן־שוועסטערס זאָיע טינט, רבקה קאַגאַן, אסתּר סטרעליץ, רבקה דיסקאַנט זענען שפּעטער אַוועק אין וואַלד און געגעבן מעדיצינישע הילף די פּאַרטיזאַנער. אויך די צאָן־דאָקטאָרין שבע גאָלדשמידט און די פּראָוויזאָרין כאַסיע נעוויאַזשסקי זענען אַריינגעצויגן געוואָרן אין דער טעטיקייט לטובת די געטאָ־קעמפּערס.

חיים האָט אויפגעשטעלט אַ קאָנטאַקט מיט פירנדיקע פּערזאָנען פון דעם עלטסטן־ראַט און פון דער יידישער געטאָ־אַדמיניסטראַציע, און דאָס אויסגענוצט לטובת אונדזערע קאַמפּצילן. זיינע אונטערהאַנדלונגען מיט אָנפירערס פון ציוניסטישע ווידערשטאַנד־גרופּעס האָבן דער קאַמפּס־באַ־וועגונג אין געטאָ געגעבן אַ ברייטן געזעלשאַפטלעכן פאַרנעם.

אַ דאַנק חיימס פּערזענלעכער השפּעה און איבערצייגונגס־קראַפט האָט די אויסגעשולטע און אַקטיווע אונטערערדישע גרופּע „זאָרג״ (זעלבשוץ־אָרגאַניזאַציע), בראש מיט משה מילנער, איינגעגלידערט זיך אין דער אַנטיפאַשיסטישער קאַמפּס־אָרגאַניזאַציע.

עס דערמאָנט זיך אַזאַ עפּיזאָד. חיים האָט געבראַכט וויכטיקע נייעס פון שטאָט, און ס׳איז באַשטימט געוואָרן ביי מיר אין שטוב אַן עקסטראַ־

זיצונג פון קאָמיטעט. געווען איז אַ קאַלטער און פינצטערער אָוונט. חיים איז געקומען אַ ביסל פריִער. ער האָט אויסגעטאָן די קורטקע, זיך צוגע־שפּאַרט אויף דער קושעטקע. אין שטוב איז געווען וואַרעם. אונטערגעלייגט די הענט אונטערן קאָפּ, האָט ער פאַרצויגן די באַוווסטע ליד וועגן אָדלער, וועלכן דער קעמפער בעט פליִען צו אים אַהיים און דערציילן אַז מען האָט אים שוין געפירט שיסן. נאָר מיט אַ נס איז ער געבליבן לעבן... חיים איז געלעגן, געקוקט אויפן סופיט, לאַנג געשוויגן ביז ער האָט פּלוצעם אַ זאָג געטאָן:

— ווייסט, משהקע, עס ווילט זיך אַזוי לעבן, לעבן און איבערלעבן אָט די שרעקלעכע צייט, כּדי צו קאָנען אַלץ באַשרייבן. עס דאַרפן אַריין אין דער ייִדישער געשיכטע סיי די ליידן, סיי די העלדישע טאַטן פון דער יוגנט אין קאָוונער געטאָ. ס'ווילט זיך אָפּמערקן די וואָס האָבן אויפגעהויבן די פאָן פון רעוואָלט און קאַמף קעגן בלוטיקן שׂונא.

חיים איז געווען איינער פון די איניציאַטאָרן אויפצושטעלן ביי דער קאַמפּס־אָרגאַניזאַציע אַ ייִדישע קינדערשול. ווי באַוווסט, איז אין קאָוונער געטאָ געווען פאַרבאָטן יעטוועדע קולטור־טעטיקייט. ניט געקוקט אויף דער געפאַר וואָס האָט געדראָעט די לערערס און תּלמידים, פלעגן ייִדישע קינדערלעך קומען זיך לערנען אין די עטלעכע געהיימע שולן, וואָס האָבן פונקציאָנירט אין געטאָ מיטן וויסן און אונטערשטיצונג פון עלטסטן־ראַט.

אויך דאָס בוך איז געווען פאַרבאָטן אין קאָוונער געטאָ. איז חיימס אידעע געווען צו גרינדן ביי דער קאַמפּס־אָרגאַניזאַציע אַ געהיימע ביבליאָ־טעק. חברים פלעגן דורך די סעקרעטאַרן פון זייערע קעמערלעך באַקומען ייִדישע ביכער צו לייענען פון דעם ביבליאָטעק־פאָנד וואָס איז אין דער שטיל געזאַמלט געוואָרן.

און חיימס גוואַלדיקער בייטראָג פאַר דער דערציִונגס־ און אויפקלע־רונגס־אַרבעט פון דער אָרגאַניזאַציע! זיין נאָענסטן חבר דימע געלפערן וואָס האָט מיט דער דאָזיקער אַרבעט אָנגעפירט, איז חיים געווען דער שטאַרקסטער אָנשפּאַר. פאַרן וועכנטלעכן נייעס־בולעטין וואָס פלעגט גע־לייענט ווערן אויף די פאַרזאַמלונגען פון די קעמערלעך, האָט חיים סיס־טעמאַטיש געשריבן אַרטיקלען וועגן די ברענענדיקע פראַגעס פון דער געטאָ־ווירקלעכקייט און בעיקר אויף אַקטועלע פּאָליטישע, געזעלשאַפטלעכע און אויך ליטעראַרישע טעמעס.

מיט אַן אמתער פאָטערלעכער זאָרג האָט חיים זיך באַצויגן צו די 12־14 יאָריקע מיידלעך און ייִנגלעך, וועלכע מיר האָבן אַריינגעצויגן אין דער ווידערשטאַנד־באַוועגונג. עס פאַרגעדענקען זיך די רגעס, ווען חיים פלעגט אַרויסלאָזן צו אַ שליחות אין שטאָט די יונגיטשקע שולמית לערמאַן, צי בעת ער פלעגט אינסטרוקטירן דאָס יונגע יאַטל מאַרקל מאָיזעס פאַר אַן אויסשפּיר־אויפגאַבע אין געטאָ.

אין סעפּטעמבער 1943 האָט חיים אונטערגענומען די סכּנותפולע נסיעה קיין ווילנע כּדי זיך צו פאַרבינדן מיט דער פאַראַשוטיסטין געסיע גלעזער („אַלבינע״), וואָס איז געווען אַ שליח פון צ״ק פון דער קאָמוניסטישער פאַרטיי פון ליטע. צוזאַמען זענען זיי אַוועק אין די רודניצקער וועלדער, ווו ס׳האָט זיך געשאַפן אַן אָטריאַד, אויפצונעמען קעמפערס פון קאָוונע, און טאַקע אויפגעשטעלט מיטן אָטריאַד אַן ענגן קאָנטאַקט.

חיימס צוריקקער איז געווען פאַר אונדז אַ גרויסע געשעעניש. אַ שטראַ־לנדיקער האָט ער דערציילט וועגן זיינע שריט. ענדלעך האָבן מיר זיך דערשלאָגן צום פאַרטיזאַנישן וואַלד, וועלכן מיר האָבן אַזוי לאַנג און עקשנותדיק געזוכט!

גלייך דערנאָך איז אין געטאָ אַריין אויך „אַלבינע״. לויט איר דירעקטיוו האָבן מיר אונטערגענומען דעם קרבנותפולן מאַרש צו די וועלדער פון אַוגוסטאָווע. פון אָט דעם מאַרש און פון שפּעטערדיקע פּרוּוון צו גיין אין רודניצקער וואַלד האָבן מיר געלערנט, אַז צו פוס קאָנען גרעסערע גרופּעס כּמעט ווי ניט דערגרייכן די פאַרטיזאַנישע באַזעס, וואָס געפינען זיך אויף אַ ווייטן מרחק פון קאָוונע, מחמת דער וועג פירט אין זיין גרעסטן טייל דורך אַ פיינטלעכער צו אונדז באַפעלקערונג. אויף די פאָדערונג צו קומען אויף דער באַזע באַוואָפנט מיט ביקסן, האָט געצווונגען צו זוכן טראַנספּאָרט־מעגלעכקייטן.

איך קאָן ניט פאַרגעסן דעם מאָמענט ווען מיך נאָמען, צו גלייך מיט די נעמען פון די אָנפירנדיקע חברים פּסח גאָרדאָן־שטיין און משה רוביג־סאָן איז אַריינגעטראָגן געוואָרן אין דער רשימה פון די, וואָס האָבן געזאָלט זיך לאָזן אין וואַלד מיט דער ערשטער מאַשין. אין אונדזער גרופּע זענען געווען אויך די מוטיקע און דרייסטע יאַטן לייזער צאַדיקאָוו, ברוך לאָפּיאַנ־סקי, די אויסגעפּרוווטע פאַרבינדלערין שׂרה גין און נאָך און נאָך טייערע חברה.

מיט אייניקע טעג פֿריִער האָבן „אַלבינע״, חיים און דימע געלפֿערן זיך געהאַט געטראָפֿן אין מוראַווע, אַ דאָרף, 8 ק״מ צו צפֿון פֿון קאָוונע, מיט געקומענע פּאַרטיזאַנער פֿון דער באַזע אין רודניצקער וואַלד. די פּאַרטיזאַנער האָבן געזאָלט אונדז דינען ווי וועגווייזערס. ס׳איז געווען אָפּגערעדט אַז די מאַשין קומט אונדז נעמען פֿון געטאָ אין אָוונט דעם 12טן דעצעמבער. דער שעף פֿון דער ייִדישער געטאָ־פּאָליציי משה לעווין, וואָס האָט אַקטיוו מיטגעאַרבעט מיט דער ווידערשטאַנד־באַוועגונג, איז געבעטן געוואָרן צו באַשטימען ביים טויער פּאַרטרוילעכע מענטשן.

אַלע זענען מיר געווען אָנגעטאָן אין מאַרש־בגדים. די קראַנקן־שוועסטער זאַיע טינט און איך האָבן געטראָגן מיט זיך מעדיצין, פֿאַרבאַנדשטאָף. יעדער איינער האָט געוואַרט אויף זיין באַשטימונגס־אָרט אין דער סביבה פֿון געטאָ־טויער. די מאַשין איז אָבער יענעם אָוונט ניט געקומען און מיר האָבן געמוזט זיך אומקערן „אַהיים״, באַהאַלטן דאָס געווער און אַנטאָן צוריק דעם אַלטעגלעכן געטאָ־הילוך.

אויף מאָרגן דערוויסט זיך חיים, אַז דער שאָפֿער האָט בשום אופֿן ניט געקאָנט אַרויספֿאָרן פֿון גאַראַזש. ער רעדט מיט אים אָפּ אויף היינט אָוונט. אָבער אויך דאָס מאָל וואַרטן מיר אומזיסט. און ווידער בלייבט עס אויף מאָרגן... דעם 14טן דעצעמבער געלינגט דעם שאָפֿער, נאָכפֿאָלגנדיק אַ דייטשישע מאַשין, אַריינצופֿאָרן אין געטאָ, כּלומרשט צו נעמען ייִדן אויף אַרבעט אין פּראָווינץ.

ס׳איז געווען אַ כּמאַרנער פֿראָסטיקער אָוונט. מיר האָבן אומגעדולדיק געוואַרט אין פֿאַרשיידענע פּונקטן. ענדלעך דערהערן מיר דעם אָפּגערעדטן פּאַראָל: „בריגאַדע קיַישאַדאָריס, אַנטרעטן!״ דאָס רופֿט דער פֿאָרשטייער פֿון ייִדישן אַרבעטסאַמט, יאַנקעלע ווערבאָווסקי, וואָס ציילט ביים טויער די גענומענע ייִדן צו דער אַרבעט... מיר טוען זיך אַ ריס צו דער מאַשין, קריכן אַריין אין דער מיט ברעזענט געדעקטער בויד, מיטשלעפּנדיק מיט זיך עטלעכע זעק, אָנגעשטאָפּטע מיט קאָלדרעס און קישנס אין וועלכע ס׳איז איינגעוויקלט אונדזער געווער און אַמוניציע. „בעטגעוואַנט פֿאַר די פּראָווינץ־אַרבעטער״ — האָט עס געהייסן. אין מאַשין זעצט זיך אַריין אונדזער „באַוואַכונג״ — די אין דייטשישע אוניפֿאָרמס איבערגעטאָנענע חברים לייזער צאַדיקאָוו און זונדל שטראָם... לעבן שאָפֿער איז חיים. דער פֿונקציאָנער פֿון ייִדישן אַרבעטסאַמט ראַפּאָרטירט דער דייטשישער טויערוואַך, אַז

די מאַשין איז פֿאַרטיק צום אָפּפֿאָר. אַ דייטש טוט אַ פּאָכע מיט דער האַנט ווי אַ צייכן, אַז אַלץ איז אין אָרדענונג...

מיר רירן זיך פֿון אָרט, און באַלד אײַלט די מאַשין איבער קאָוונער גאַסן צום טרעפּפּונקט מיט די וועגווייזערס.

אַלע זיצן מיר אָנגעשפּאַנט, יעדערער האַלט גרייט דאָס געווער, וואָס איז אין דער מאַשין אונדז פֿאַרטיילט געוואָרן. צו ביסלעך לאָזט אָפּ די שפּאַנונג. עפּעס אַ רויִקע זיכערקייט באַהערשט אַלעמען. מיר ווייסן אַז חיים איז מיט אונדז, און ער איז ווי אַן אײַזערנע וואַנט...

אָט זענען מיר שוין לעבן מוראַווע. אויפֿן אָפּגערעדטן אָרט זענען אָבער די וועגווייזערס ניטאָ. און איבערן שאָסיי אײַלן היִן און צוריק דייטשישע זשאַנדאַרן. חיים בעט דעם שאָפֿער אויסקערעווען די מאַשין און זוכן אויפֿן צוריקוועג. ווידער אומזיסט. מען פּרוווט פֿאָרן פֿאָרויס. פֿון ווייטן דערזעט זיך עפּעס אַ פּאַטרול: צוויי דייטשן פֿירן עפּעס אַן אַרעסטירטן, צי וואָס. אַרום איז טונקל. חיים באַפֿעלט דעם שאָפֿער אָנצינדן די פּראָזשעקטאָרן און אַליין שפּרינגט ער אַרויס פֿון דער קאַבינע, גייט צו צום חשודיקן פּאַטרול... צו אַלעמענס גרויסער פֿרייד זענען דאָס טאַקע אונדזערע וועגווייזערס. נאָר דורך אַזאַ שפּיצל איז זיי געלונגען אַרויסצוגיין פֿון דער באַוואַכטער שטאָט. אונדזערע „דייטשן" שפּרינגען אַרויס פֿון דער מאַשין, באַגריסן זיך חבריש מיטן „פּאַטרול". חיים לויפֿט צו צו דער אָפֿענער זייט פֿון דער מאַשין־בויד און געזעגנט זיך פֿון אונדז שטיל און האַרציק.

איך האָב באַוויזן אַ דריק צו טאָן חיימען די האַנט און זאָגן אַ זײַ־געזונט.

די מאַשין האָט זיך אַוועקגעטראָגן צום ציל און דערפֿירט אונדז ביז אָנושאָק, פֿון וואַנען מיר האָבן צו פֿוס, שוין ווי אמתע פּאַרטיזאַנער דערגרייכט דעם אָטריאַד „אַ טויט די אָקופּאַנטן" אין רודניצקער וואַלד.

חיים האָט זיך אינטערעסירט מיט יעדן פּרט פֿון צוגרייטן די קעמפֿערס צום אַרויסמאַרש און אָנגעפֿירט מיט די חברים, וואָס מען האָט אָנגעטרויט פֿאַרשיידענע פֿליכטן. די קאָמיטעט־מיטגלידער מאיר גרינבערג און אַלטע טעפּער האָבן געזאָרגט אַז מיר זאָלן זײַן אָנגעטאָן אין שטיוול, אין וואַרעמע בגדים און קורטקעס. דער זייער אַקטיווער קאָמיטעט־מיטגליד פּסח גאָר־דאָן־שטיין וועלכן חיים האָט אַרײַנגעצויגן אין דער ווידערשטאַנד־באַוועגונג פֿון די סאַמע ערשטע טעג, האָט מסירת־נפֿשדיק זיך פֿאַרנומען מיטן גרייטן אין געהיימע קעלערן קאַלט און הייס געווער און מיטן לערנען די חברים

שיסן. צו אָט דער סכּנותפולער אַרבעט זענען געווען צוגעצויגן חיימס נאָענטע און פאַרטרוילעכע: חיים־דוד ראַטנער, שואל פינקעל, פסח שאַטער און אַנדערע. פירן די קאַסע פון דער אָרגאַניזאַציע איז אָנגעטרויט געוואָרן דעם קאָמיטעט־מיטגליד דוד מאַרקאָווסקי. מיט די אַלע העכסט קאָנספּי־ראַטיווע ענינים איז חיים געווען אויסגעבונדן, און אין די ערטער ווו דאָס איז געטאָן געוואָרן, איז ער געווען אַן אָפּטער אַרײַנגייער. פון דאַנען פלעגט ער אַרויסגיין אַ צופרידענער, מיט אַ געפיל אַז די צוגרייטונג צום קאַמף ווערט געטאָן ניט אויף קיין געלעכטער.

חיים איז געווען אַ האַרציקער חבר, אָבער גלייכצייטיק שטרענג, און געפאָדערט, מען זאָל פּינקטלעך אויספילן פליכטן און באַפעלן.

דאָס לעצטע מאָל האָב איך אים געזען אין וואַלד. אין פעברואַר 1944 איז ער ספּעציעל געקומען פון געטאָ זיך צו באַקענען מיט דער לאַגע אין פאַרטיזאַנישן אָטריאַד און אויספאָרשן די מעגלעכקייט פון שיקן צו אים נייע געטאָ־קעמפערס. אַ שטאַרק פאַרזאָרגטער האָט חיים דערציילט וועגן דער קריטישער לאַגע אין געטאָ, וועגן די שוועריקייטן ביים אָרגאַניזירן די „עוואַקואַציע" (אַזוי האָבן מיר גערופן דאָס אָפּשיקן קעמפערס אין וואַלד). ער האָט זיך צוריקגעקערט קיין קאָוונע, צו זיין ווייטערדיקער סכּנותפולער טעטיקייט פון אַרויספירן צו די פאַרטיזאַנער געטאָ־יוגנטלעכע, און אין גיכן טאָקע באַצאָלט דערפאַר מיטן לעבן.







אויבן: לייזער און אסתר-רבקה יעלין, חיימס עלטערן, קאָונע 1938. — אין מיטן: (רעכטס) חיים אין הויף פון זייער דירה, 1928, (לינקס) חיים צום ענדיקן גימנאַזיע, 1932. — אונטן: חיים, 1939



**אַ גרופּע שילערס פון אַכטן קלאַס (1932), קאָוונער העברעיִשע רעאַל-גימנאַזיע, ביים אַריינגאַנג אין נייעם גימנאַזיע-בנין**

אין צענטער: (רעכטס) דער דירעקטאָר ד״ר צ. פעלדשטיין און דער לערער א. נ. פּראָכאָווניק (פּרחיהו). — חיים שטייט אין דער ערשטער ריי, דער ערשטער פון רעכטס



**אַ גרופּע קאָוונער ייִדישע שרייבערס מיט יוסף אָפּאַטאָשו בעת זיין באַזוך אין ליטע (1938)**

זיצן פון רעכטס: דוד אומרו, לאה רודניצקי, יוסף אָפּאַטאָשו, ישראל קאַפּלאַן, יהושע לאַצמאַן. — שטייען פון רעכטס: יאַנקל יאַסאַדע, אליעזר היימאַן, מאיר יעלין, ד. וו. מאיראָוויטש, יעקב גאָטליב, חיים יעלין



קאָמיטעט פון דער אַנטיפאַשיסטישער קאַמפס-אָרגאַניזאַציע
אין קאָוונער געטאָ (1942)

פון רעכטס: דימע געלפערן, מערע לאַן, חיים יעלין, משה שערמאַן, פסח גאָרדאָן-שטיין. ס׳פעלט אַלטע באָרוכאָוויטש-טעפער



חיימס אַ פאָטאָ פאַר זיינע
„אַרישע דאָקומענטן"



חיים (רעכטס) און חיים-דוד ראַטנער, דער מיליטערישער אינסטרוקטאָר פון דער קאַמפּס-אָרגאַניזאַציע, אין אַ באַראַטונג צווישן די קוסטעס ביים חיליע-ברעג, געטאָ (1943)

**חיים און דער אונטערערד-קעמפער משה מוסעליס קאָנטראָלירן אַריינגעבראַכטן געווער אין געטאָ (1943)**



**חיים, צוריקגעקומען פון וואַלד נאָכן אָפּפירן צו די פּאַרטיזאַנער די געלאָפּענע פון 9טן פאָרט, יאַנואַר 1944**



**די יעלינס אין קאָוונער געטאָ (1943)**

זיצן פון רעכטס: בוסיע, חיימס שוועגערין, מיטן טעכטערל אסתר, חיימס פאָטער לייזער יעלין. — שטייען פון רעכטס: מאיר און חיים יעלין, ישראל קאַרמאַן, בוסיעס ברודער



**חיים (רעכטס) און דער אונטערערד-קעמפער פסח שאַטער אין אַ געסל פון געטאָ, נאָך חיימס אַ צוריקקער פון אַ שליחות אין שטאָט**



**אַ גרופע פּאַרטיזאַנער און אונטערערד-טוערס פון קאָוונער געטאָ אין הויף פון ווילנער ייִדישן מוזיי, נאָך אַן אָנדענק-אָוונט פאַר חיימען, אַפּריל 1946**

פון רעכטס: ל. זילבער, אי. יוכניקאָוו, י. גאָלדבלאַט, (חיימס בילד), מ. רובינסאָן, ד. טעפּער. — שטייען פון רעכטס: י. נעמזער, ב. שטערן, מאַשע ענדלין, ג. יאָעלס, ד. געלפּערן, ש. בלאַך, נ. ענדלין, ר. בלאַך, א. סעניאַר, מ. יעלין, אידע שאַטער, פּ. שאַטער, ז. טינט, מ. שערמאַן, פּ. רוטשטיין



**חיימס ביוסט, סקולפטור פון באַוווסטן ליטווישן קינסטלער**
**פראָפ. נ. פעטלוריס, ווילנע, 1946**

חיימס ביוסט, אין צענטער פון מעמאָריאַל-ווינקל פאַר די געפאַלענע קעמפערס פון קאָוונער געטאָ (סקולפטאָר ב. ראַבינאָוויטש), אין ווילנער יידישן מוזיי. געווען עקספּאָנירט ביז דעם ליקווידירן פון מוזיי, 1949



**אַ גרופּע פּאַרטיזאַנער פון קאָוונער געטאָ נאָך דער באַפרייונג**

ערשטע ריי, אונטן, פון רעכטס: מ. שערמאַן, ש. בלאָך. — צווייטע ריי: ש. ברויער, ר. בלאָך, ד. טעפּער, א. באָרוכאָוויטש-טעפּער, מ. ליפּקאָוויטש. — דריטע ריי: א. גאַפּאַנאָוויטש, ז. שטראָם, י. איידלמאַן. — פערטע ריי: י. יוכניקאָוו, ב. שטערן, ל. זייעץ, ל. זילבער, א. שטראָם, י. ראַטנער

**צבי לעווין / תל־אביב**

# דער וועג פון קאַמף און גבורה

שוין אין די לעצטע חדשים פון 1941, בעיקר נאָך דער אַזוי גערופענער „גרויסער אַקציע", דעם 28סטן אָקטאָבער, זענען אין קאָוונער געטאָ אויפֿגעקומען געהיימע ווידערשטאַנד־גרופּעס פון פֿאַרשיידענע פּאָליטיש־געזעלשאַפטלעכע ריכטונגען, וואָס זענען געווען פֿאַר דער מלחמה טעטיק אויף דער ייִדישער גאַס אין ליטע. צוליב דער ספּעציפֿיש שווערער געטאָ־ווירקלעכקייט האָבן די דאָזיקע גרופּעס נאָך ניט געטראָגן קיין אָרגאַניזירטן כאַראַקטער און אַ סך פון זיי האָבן אַפילו ניט געהאַט קיין קלאָרן ציל און אינהאַלט פאַר זייער טעטיקייט.

אויף די באַגעגענישן וואָס פלעגן פּאָרקומען אין חדרי־חדרים, אין באַדינגונגען פון שטרענגער קאָנספּיראַציע, האָבן די מיטגלידער פון די דאָזיקע גרופּעס באַהאַנדלט ענינים פון קעגנזייטיקער הילף, זיך געטיילט מיט אינפֿאָרמאַציע, וועלכע מען פלעגט באַקומען פון ליטווינער און דייטשן בעת דער אַרבעט אין די שטאָטישע בריגאַדעס, ווי אויך פון אַנטלאָפֿענע ייִדן פון די שחיטות אין דער ליטווישער פּראָווינץ. ניט געקוקט אויף דער אומפּינקטלעכקייט פון די באַקומענע ידיעות, איז אָבער צו יענער צייט שוין פאַר אַלעמען געווען באַוווּסט דער שוידערלעכער בלוט־באַלאַנס: די ייִדישע באַפעלקערונג פון דער ליטווישער פּראָווינץ איז אויפן ווונק פון די דייטשן פולשטענדיק אויסגעמאָרדעט געוואָרן דורך ליטווישע רוצחים.

ניכטער דענקענדיקע האָבן ניט געצווייפלט, אַז די נאַציס האָבן בדעה צו פאַרטיליקן אַלע ייִדן, וואָס זענען אַריינגעפאַלן אין זייערע הענט, איינגערעכנט די אסירים פון קאָוונער געטאָ. ווייניק ווער עס האָט געגלייבט

די „פאַרזיכערונגען", וואָס די דייטשן פלעגן געבן דעם ייִדישן עלטסטן־ראַט פון קאָוונער געטאָ, אַז די יעניקע וואָס וועלן „איבערגעבן אַרבעטן פאַרן דייטשישן רייך", וועלן דערמיט אויסקויפן זייער לעבן.

אין יענע שוואַרצע טעג פלעגן זיך נאָך דער שקלאַפערישער צוואַנגס־אַרבעט צונויפזאַמלען אין זייערע קעמערלעך אויך יונגע ציוניסטישע אַקטי־וויסטן. אויסגעמאַטערטע, דערנידעריקטע, האַלב־הונגעריקע, אַנדערע אויך צעשלאָגן דורך די דייטשישע און ליטווישע פאָסטנס, האָבן זיי זיך געשטעלט די פראַגע: וואָס וועט זיין ווייטער און וואָס דאַרף מען טאָן? ס'איז אַלץ רייפער געוואָרן דער באַשלוס, ניט צו גיין מער כּצאן לטבח, און אויב שטאַרבן, איז מיט כּבוד.

אַ דעצידירנדיקן שטויס צו מעשׂים האָבן געגעבן צוויי געהיימע באַזוכן פון שליחים פון ווילנער געטאָ. צו ערשט איז עס געווען דאָס ייִדישע מיידל קראַפּיוונִיק (פרילינג 1942), געשיקט דורך איינעם פון די אָנפירערס פון דער פאַראייניקטער פאַרטיזאַנער־אָרגאַניזאַציע (פ.פּ.אָ.) אין ווילנער געטאָ, יוסף גלאַזמאַן (געוועזענער אָנפירער פון בית"ר אין ליטע). אין אַ פּאָר חדשים אַרום איז געקומען דער לענגערער און זייער וויכטיקער באַזוך פון דער העלדישער פוילישער פרוי אירענאַ אַדאַמאָוויטש, אויך געשיקט צו אונדז, קיין קאָוונע, דורך דער ווילנער אונטערערדישער ווידערשטאַנד־באַוועגונג.

דער גענויער באַריכט פון אירענאַ אַדאַמאָוויטש פאַר די אָנפירערס פון די ציוניסטישע גרופּירונגען וועגן דער אומגעבראַכטער ייִדישער באַ־פעלקערונג אין מיזרח־אייראָפּע, און וועגן דער לאַגע פון די לעבנגעבליבענע ייִדן אין די געטאָס פון וואַרשע, ווילנע און נאָך שטעט — דער באַריכט האָט ענדגילטיק געעפנט די אויגן אויך פון יענע, וואָס אין האַרצן האָט נאָך ביי זיי געטליִעט אַ פונק פון גלויבן אין „חסד" פון די דייטשן. פאַרן רוב אָנטיילנעמערס פון דער ציוניסטישער אונטערערד איז קלאָר געוואָרן, אַז דער איינציקער אויסוועג איז — אַקטיווער ווידערשטאַנד און אַנטלויפן, ניט בלייבן הינטערן שטעכלדראָט.

אַן אָרגאַניזירטע פאָרעם האָט די דאָזיקע באַוועגונג באַקומען מיטן שאַפן, זומער 1942, דעם „מצוק" — מרכּז ציוני ויליאַמפּולה־קובנה — וואָס האָט צענטראַליזירט און קאָאָרדינירט די אונטערערדישע טעטיקייט פון די ציוניסטישע פּאַרטייען און יוגנט־אָרגאַניזאַציעס — רעוויזיאָניסטן,

צ.ס., אב״צ (אירגון ברית ציון, די יוגנט־אָרגאַניזאַציע פון די אַלגעמיינע ציוניסטן), השומר הצעיר, בית״ר, החלוץ הצעיר און אַנדערע. אין די גע־היימע זיצונגען פון „מצוק״ האָבן אָפּט אויך אָנטייל גענומען דער פּאָרזי־צער פון עלטסטן־ראַט ד״ר א. עלקעס און זיין שטעלפאַרטרעטער אַדוו. ל. גאַרפונקעל.

איינער פון די וויכטיקסטע שריט פונעם „מצוק״ איז געווען דאָס אָנ־קניפּן אַן ענגן קאָנטאַקט מיט דער קאָמוניסטיש־אָריענטירטער אונטערער־דישער קאַמפּס־אָרגאַניזאַציע און מיט איר אָנפירער חיים יעלין, וואָס האָט פון זיין זייט אויך אַרויסגעוויזן איניציאַטיוו פאַר דער צוזאַמענאַרבעט.

מצד „מצוק״ האָבן אין די פּרעלימינאַרע געשפּרעכן זיך באַטייליקט אייזיק סרעבניצקי און דער שרייבער פון די שורות. דעם אַנדערן צד האָבן פאַרטראָטן שמעון ראַטנער, דימע געלפּערן און, פאַרשטייט זיך, חיים. די פאַרהאַנדלונגען האָבן דערפירט צום שאַפן אַ ראַט פון צוזאַמענאַרבעט — די מיליטעריש־טעכנישע קאָמיסיע (מ.ט.ק.).

די צוזאַמענאַרבעט האָט מען אָנגעהויבן אונטער אַ שבועה צו קעמפן קעגן נאַציישן שׂונא אויף טויט און אויף לעבן. דער הויפּטציל איז געווען אַרויסגיין אין וואַלד צו די פּאַרטיזאַנער. צו דעם צוועק האָט מען זיך גע־שטעלט די אויפגאַבע מיליטעריש צוצוגרייטן די צוקונפטיקע קעמפערס און אַריינקריגן געווער. צו גלייך איז אונטערגעשטראָכן געוואָרן די אחריות פאַרן קיום פון דער אומבאַהאָלפענער געטאָ־באַפעלקערונג. „אונדזער קאַמף דאַרף זיין אַ האַרטנעקיק־פאַרביסענער, אָבער אַ פאָרזיכטיקער און פאַר־אַנטוואָרטלעכער, בכדי ניט צו ברענגען נייע צרות אויף דער געטאָ״ — זענען געווען חיים יעלינס ווערטער. און דאָס איז געבליבן דער דעוויז פון דער בשותּפותדיקער קאַמפּס־טעטיקייט.

דורכן אויטאָר פון די שורות, וואָס איז געווען דער פאַרבינדונגס־מאַן פון עלטסטן־ראַט מיט דער אונטערערד, איז חיים יעלין, ווי דער אָנפירער פון דער ווידערשטאַנד־באַוועגונג, פאָרגעשטעלט געוואָרן דעם פאָרזיצער פונעם עלטסטן־ראַט, ד״ר אלחנן עלקעס. דער לעצטער האָט שטענדיק געגעבן זיין צושטימונג און ברכה פאַר די אונטערגענומענע שריט פון דער קאַמפּס־באַוועגונג און איז געווען באַגייסטערט פון די באַגעגענישן מיט איר אָנפירער חיים יעלין און פון זיינע טאַטן.

פיל מאָל, אין שפּעטיקע נאַכט־שעהען פלעג איך מיט חיימען קומען צו ד״ר א. עלקעס אין שטוב. ביי פאַרהאַנגענע פענצטער אין אַ זייטיקן צימער, אָפט אַפילו אין דער פינצטער, פלעגן פאָרקומען אונדזערע שמועסן. פרוי עלקעס פלעגט דעמאָלט וואַכן ביי דער אַריינגאַנגס־טיר, מען זאָל ניט ווערן איבערראַשט פון אַן אומגעוווּנטשענעם באַזוך. בעת די דאָזיקע טרעפונגען פלעגן מיר זיך טיילן מיט קעגנזייטיקער אינפאָרמאַציע. באַהאַנדלט איז געוואָרן די לאַגע אין געטאָ און די פּראַקטישע מאָסמיטלען, מיט וועלכע דער עלטסטן־ראַט און זיינע אינסטיטוציעס קאָנען העלפן דער ווידערשטאַנד־באַוועגונג. מיר פלעגן אַרומרעדן די ענינים פון נאָמינירן אויף די שליסל־פּאָסטנס פון דער יִדישער געטאָ־פּאָליציי און דער אינערלעכער אַדמיניסטראַציע אַזעלכע מענטשן, וואָס האָבן דעם צוטרוי פון דער ווידערשטאַנד־באַוועגונג, קאָאָפּערירן מיט איר אָדער זענען אירע מיט־גלידער. די דאָזיקע מענטשן האָבן געהאָלפן אַריינשמוגלען געווער אין געטאָ און זיך באַטייליקט אין אַרויסלאָזן קעמפערס אין וואַלד. אַ דאַנק דער אַקטיווער אונטערשטיצונג פון די אָנפירנדיקע מיטגלידער פון עלטסטן־ראַט, איז דער אַרויסגאַנג פון די באַוואָפנטע קעמפערס פון געטאָ שטענדיק דורכגעגאַנגען גלאַט און האָט ניט אַרויסגערופן קיין חשד ביי די דייטשן. דער עלטסטן־ראַט האָט, צום ביישפּיל, אויסגעטיילט פערד און וועגענער, אויף וועלכע די צוקונפטיקע פּאַרטיזאַנער זענען אַרויסגעפאָרן כלומרשט ווי אַן אַרבעטס־בריגאַדע צום האַקן האָלץ אין וואַלד. אין די וועגענער איז געווען אונטער שטרוי באַהאַלטן געווער...

ניט איין מאָל האָט חיים, מיט וועלכן דער שרייבער פון די שורות האָט אָנגעהאַלטן אַ שטענדיקן קאָנטאַקט, אויסגעדריקט זיין טיפסטע אַכטונג פאַר דעם דרייסטן און שטאָלצן מענטשן און יִיד ד״ר עלקעס, וואָס האָט מיט כבוד געטראָגן דעם שווערן עול פון שטיין בראש פון דער יִדישער געטאָ־אַדמיניסטראַציע און אָן קווענקלעניש געהאָלפן דער אונטערערדי־שער אַנטינאַצישער באַוועגונג.

פּאַראַלעל מיט די צוגרייטונגען צום פּאַרטיזאַנישן קאַמף האָט דער ראַט־פון־צוזאַמענאַרבעט איינשטימיק אָנגענומען חיים יעלינס פאָרגעשלאָגענעם, געענוי דורכגעטראַכטן פּלאַן פון פאַרטיידיקן די געטאָ, אַפילו ביז — „תמות נפשי עם פלישתים״. דער דאָזיקער פּלאַן איז געוואָרן צוגעגרייט

פאַר דעם פאַל פון אַ פּלוצעמדיקער ליקווידאַציע פון געטאָ, און האָט פאַר־געזען אייניקע אַלטערנאַטיוועס.

דער דעצידירנדיקסטער עטאַפּ אין דער טעטיקייט פון דער קאַמפּס־באַוועגונג איז געווען חיימס ערשטער באַזוך אין דער פּאַרטיזאַנישער באַזע פון רודניצקער וואַלד לעבן ווילנע. זיין גענויער באַריכט וואָס ער האָט נאָך זיין צוריקקער איבערגעגעבן, איז אויספירלעך באַהאַנדלט געוואָרן אינעם ראַט־פון־צוזאַמענאַרבעט. וועגן די פּרטים זענען אויך אינפאָרמירט געוואָרן די „מצוק"־מיטגלידער און פּערזענלעך ד"ר עלקעס. אַלע האָבן מיט באַגייסטערונג אויפגענומען חיימס אינפאָרמאַציע. מען האָט פיבערדיק גענומען גרייטן דעם אַרויסמאַרש פון געטאָ־קעמפערס אין וואַלד. דאָס איז אַ קאַפּיטל אין וועלכן חיים האָט אַריינגעטראָגן דעם גרעסטן פּערזענלעכןביישטייער, און דערביי מקריב געווען זיין לעבן.

עס זענען געבליבן אין זכרון די פאַרהאַנדלונגען וועלכע דער שרייבער פון די שורות, צוזאַמען מיט חיימען, האָבן געפירט מיטן פאַרוואַלטער פון די גרויסע געטאָ־וואַרשטאַטן, משה סעגאַלסאָן. אין רעזולטאַט פון חיימס פּערזענלעכער השפעה און איבערצייגנדיקע אַרגומענטן איז סעגאַלסאָן גע־וואָרן אַ הייסער פריינד און שטיצער פון דער ווידערשטאַנד־באַוועגונג. ניט געקוקט אויף דער גרויסער סכנה, האָט סעגאַלסאָן מיט דער הילף פון זיינע נאָענטסטע מיטאַרבעטערס איבערגעגעבן פאַר די צוקונפטיקע פּאַרטי־זאַנער פון קאָוונער געטאָ אַ גרויסן סכום דייטשישע מונדירן, הויזן, שטיוול, רימענס, פּאַטראָנטאַשן און נאָך מיליטערישע אַרטיקלען וואָס די וואַרשטאַטן האָבן פּראָדוצירט.

חיים האָט זיך דערוואָרבן דעם פולשטענדיקן צוטרוי פון אַלעמען. דאָס איז געווען אַ רעזולטאַט פון זיין אָביעקטיוון צוגאַנג צו יעדן חבר און צו די עיקר־פּראָבלעמען פונעם קאַמף מיטן נאַצישן שונא. ביים צונויפשטעלן די קאַנדידאַטן אויף אַרויסצוגיין אין וואַלד, האָט ער ניט צוגעלאָזט קיין פּראָטעקציאָניזם. פּערזענלעך העכסט אָרנטלעך און ערלעך ביז גאָר, איז ער אַזאַ אויך געבליבן אין זיין געזעלשאַפטלעכער טעטיקייט.

די אָנגעקומענע ניט־קאָנטראָלירטע ידיעות פון וואַלד, אַז דאָרט שפּירט זיך אַנטיסעמיטיזם און דיסקרימינאַציע פון די ייִדישע קעמפערס, ווי אויך אַז דאָס לעבן פון די ייִדישע פּאַרטיזאַנער ווערט אָפט באַדראָעט פון די אַזוי גערופענע „ווייסע פּאַרטיזאַנער" וועלכע בלאָנקען אין די וועלדער,

האָבן חיימען באַוויגן צו שטעלן ווידער זיין לעבן אין געפאַר און אַדורכ־רייסן זיך אין וואַלד, כּדי אויף אַן אָרט זיך צו באַקענען מיט דער לאַגע און אויב נייטיק, ווי געהעריק רעאַגירן.

און ווידער זענען סיי ד״ר עלקעס, סיי די אָנפירערס פון „מצוק״ נאָך זיין צוריקקער אינפאָרמירט געוואָרן דורך אים גופא וועגן דער דאָזיקער „רייזע״ און אירע רעזולטאַטן.

נאָך דעם ווי חיים האָט איבערגעגעבן, אַז דער אָנפירער פון דער פּאַר־טיזאַנישער בריגאַדע אין די רודניצקער וועלדער „יורגיס״ (ג. זימאַן) האָט פּאַרזיכערט אַ לאָיאַלע באַציִונג צו די געטאָ־קעמפּערס, האָט די ציוניסטי־שע אונטערערד אָנגעהויבן נאָך אַקטיווער גרייטן אירע חברים אַרויסצו־גיין אין וואַלד.

אויף יעדן געביט פון דער פּאַרצווייגטער אונטערערד־טעטיקייט איז חיימס פּערזענלעכער אָנטייל געווען דעצידירנדיק — סיי ביים גרייטן גע־ווער און שאַפן באַהעלטענישן אין געטאָ, סיי ביים אָרגאַניזירן פּאַרטיזאַני־שע גרופּעס און צוגרייטן זיי צום אַרויסמאַרש אין וואַלד, סיי ביים שאַפן טראַנספּאָרט־מיטלען, סיי בעתן עצם אַרויספירן די גרופּעס פון געטאָ און אָפּפירן זיי ביז צו דער פּאַרטיזאַנישער געגנט. ס׳האָט זיך אין אַלעם דעם געפילט זיין אָרגאַניזאַטאָרישער טאַלאַנט און מסירת־נפש.

חיימס דערשיינען אָפּט אין די נאַכט־שעהען אויף די געהיימע פּאָסטנס און זאַמלפּונקטן פון דער אונטערערד, האָט אַריינגעגעבן די חברים מוט, כּוח און גלויבן אינעם דערפאָלג פון די אונטערגענומענע קאָמפּסשריט.

אין יענע טעג איז אויסגעוואַקסן אין איר גאַנצער גרייס די געשטאַלט פון אונדזער העלדישן אָנפירער.

אויף אונדזערע כּמעט טאָג־טעגלעכע טרעפונגען פלעגט חיים מיט זאַכלעכער רויִקייט און לאָגיק אויפקלערן זיינע אָפּעראַטיווע פּלענער. ער האָט אויך אויפמערקזאַם אויסגעהערט די מיינונגען און פאָרשלאָגן פון אַנ־דערע. דערביי האָט ער געזאָרגט, עס זאָלן פּינקטלעך פאַרווירקלעכט ווערן די קאָלעקטיווע באַשלוסן.

ווי מען זאָל ניט האָבן איינגעהיט די קאָנספּיראַציע, איז ניט געלונגען אויסצומיידן אַז חיימס טעטיקייט זאָל ניט ווערן באַקאַנט אין ברייטערע קרייזן פון דער אונטערערד און אַפילו אין דער געטאָ־עפנטלעכקייט. און ביי אַלעמען האָבן זיינע שריט אַרויסגערופן באַגייסטערונג.

ליידער איז צום אויפשטייג פון דער ווידערשטאַנד־באַוועגונג אין געטאָ געקומען אַ סוף. דער טרויעריק־באַוווּסטער געסטאַפּאָ־הענקער קיטעל האָט דורך מוסרים באַקומען אַן אינפאָרמאַציע וועגן איר טעטיקייט און וועגן אירע אָנפירערס. אין די לעצטע טעג פון מאַרץ 1944 האָט געסטאַפּאָ אין לויף פון דער „קינדער־אַקציע״ אַרעסטירט און אַרויסגעפירט אויפן 9טן פאָרט די ייִדישע געטאָ־פּאָליציי. אירע אָנפירערס משה לעווין, יודל זופּאָ־וויטש, איקע גרינבערג און אַנדערע, וואָס זענען געווען מסירת־נפשדיק טעטיק פאַר דער ווידערשטאַנד־באַוועגונג, האָבן געהאָלפן אַרויסלאָזן דורכן געטאָ־טויער קעמפער־גרופּעס, האָט קיטעל אומגעבראַכט. ער האָט אויך געזוכט אין געטאָ אַנדערע אָנפירנדיקע טוערס פון דער אונטערערד, צווישן זיי שמעון ראַטנער און דעם שרייבער פון די שורות. די ביידע האָבן אָבער באַוויזן צו אַנטלויפן פון געטאָ.

און דאָך האָט חיים אין יענע ביטערע טעג אָרגאַניזירט אַן אַרויסמאַרש פון געטאָ־קעמפערס. זיי האָבן זיך איינציקווייז אַרויסגעריסן פון דער באַ־זונדערש שטרענג באַוואַכטער געטאָ און מיט דער מאַשין וואָס חיים האָט באַזאָרגט, בשלום דורכגעמאַכט דעם געפערלעכן טייל וועג ביז צו דער פאַרטיזאַנישער זאָנע אַרום ווילנע.

הונדערטער געטאָ־אונטערערדלערס האָבן געוואַרט אויף דער מעג־לעכקייט זיך צו דערשלאָגן צום וואַלד. האָט ווידער חיים, ניט געקוקט אויף אַלע געפאַרן, געזוכט טראַנספּאָרט־מיטלען, אָן וועלכע ס׳איז אוממעגלעך געווען זיך אַרויסצורייסן פון קאָוונער געגנט.

דעם 6טן אַפּריל אין דער פרי האָט חיים זיך אָנגעשטויסן אין קאָוונע אויף אַ געהיים־אַגענט, וואָס האָט אים געוואָלט אַרעסטירן. חיים האָט זיך אָפּגעשאָסן, פאַרווונדעט זיין פאַרפאָלגער, געפרוווט אַנטלויפן, געשאָסן אין אַ דייטש און אַ ליטווישן פּאָליציסט, וואָס האָבן אים דעם וועג פאַרשטעלט. לסוף האָבן אים די דייטשן מיט שפּירהינט געפונען אין אַ קעלער, אַן אויס־געשעפּטן און פאַרבלוטיקטן. האָבנדיק אויסגעשאָסן אַלע קוילן האָט ער, לויט די בשעתו דערגאַנגענע צו אונדז ידיעות, געפרוווט באַגיין זעלבסט־מאָרד, איבערשניידנדיק זיך די אָדערן פון די הענט.

די ידיעה וועגן חיימס דורכפאַל האָט דערשיטערט ניט בלויז די אונ־טערערדלערס. אַלע האָבן געפילט אַז מיטן פאַרשווינדן פון העלדישן קאַפּי־

טאָן גייט אויך אונטער די קאַמפּסשיף, וועלכע איז דורך אים מסירת־נפש־דיק געפירט געוואָרן.

מיר באַצייכענען מיט שטאָלץ אַז נאָך דעם ווי די דייטשן האָבן חיימען אויסגעהיילט, האָט ער אויסגעהאַלטן דעם שוידערלעכן נסיון אין דער געסטאַפּאָ. אים איז געלונגען צו פאַרווישן זיין שייכות צו קאָוונער געטאָ און דערמיט אָפּווענדן פון דער געטאָ־באַפעלקערונג אַ פריצייטיקן טויט־קלאַפּ.

חיים יעלין איז געפאַלן ביים דערפילן אַ הויך־מענטשלעכע און נאַציאָ־נאַלע פליכט, וואָס ער האָט אויף זיך אַרויפגענומען פרייוויליק. דער העל־דישער אָנפירער פון דער ייִדישער ווידערשטאַנד־באַוועגונג אין קאָוונער געטאָ איז געבליבן טיף איינגעקריצט אין זכרון פון זיינע קאַמפס־חברים. פאַר אַלע ליטווישע ייִדן איז ער אַ העל־לייכטנדיקער שטראַל וואָס שיינט אַרויס פון דעם שרעקלעכן חושך, וואָס האָט געהויערט איבער די קאָוונער ייִדן אין משך פון די געטאָ־יאָרן.

הירש אָשעראָוויטש / יפו

# חיים יעלין

געשטאַנען איז שוין פֿרילינג בײַ דער שוועל.
געוועזן איז פֿרילינג אויך בײַ דיר אויף דער נשמה.
און כאָטש ס'האָט יעדע ווײַל געטאָן דײַן האַרץ אַ קרעל
דער שוידער פֿון די געטאָגעסלעך לאָמע,
איז דאָך געוועזן דיר פֿרילינגדיק און העל
פֿון דײַן געגרייטער פּאַרטיזאַנישער נקמה.

געגאַנגען ביסטו מוטיק, דרייסט-געהיט —
סכּנה נאָך סכּנה קלוג געמיטן.
געטראָגן האָבן דײַנע ווידערשפּעניק-שטאָלצע טריט
דעם צוזאָג, וואָס אין ווערסנעדיקע בליטן...
אין שׂונאס נעסט, אין טומאהס סאָמע מיט
האָסטו א י י ן ריינער זיך אַרײַנגעשניטן.

און ס'איז געוואָרן אַ צונויפֿלויפֿעניש און אַ גוואַלד,
עס האָט אַ בראָך געטאָן פֿון פולווער אַ געוויטער;
ווי ביקסן האָבן נאַצי-גאָרגלען זיך צעקנאַלט —
ס'האָט שוואַרצע מאַכט דערפֿילט אין זיך אַ פֿרעמדן ריינעם שפּליטער,
און ס'האָט דער גאַנצער צווייפֿיסיקער וואַלד
געטאָן פֿון בלינדער חיה-שרעק אַ ציטער...

עס איז דער פֿרילינג שוין געשטאַנען בײַ דער שוועל,
ער איז אָבער נאָך ניט געווען אַרײַנגעקומען,
און כאָטש עס האָט געציטערט שוין דער חיהס פֿעל
און ס'איז פֿון איר פֿאַרוווּנדיקט לײַב שוין בלוט גערונען,
איז יעדער טראָט דײַנער געווען אַ שפּיל אויף „טרעף" און „פֿעל",
פֿון אַלע זײַטן: טומאה, טומאה, טומאה...

דער שפּיצל-אויסקוקער האָט דיך דערשנאַפּט,
ס'האָט זיך אַ וואָרף געטאָן אויף דיר די טרייפֿע שמירה,
האָסטו דײַן ערלעכן נאַגאַן אַרויסגעכאַפּט,
געצילט, געטראָפֿן אינעם פֿײַנד, ווי לויט אַ ווירע.
אַזאַ איינער, ווי דו, ניט שטאַרבט,
ניט האָבנדיק דערלעבט צו זען דעם שׂונאס פּגירה.

און איצט — ווען עס איז שוין געשען,
אַז ס'האָט געוווּנען אייביקייט דער רום פֿון דײַן כּלי-זיין,
ביסטו מיט אונדז, ווי פֿריִער ביסט געווען,
אויב ניט מיט לײַב, איז מיט דײַן גײַסט געטרײַען,
מיט גרויזאַמען פּיסטויל, מיט גוטמוטיקער פּען,
מיט אַלע חנען פֿונעם נאָמען „חיים".

ווילנע, דעצעמבער 1944

**נחמיה ענדלין** / חדרה

# דערהויבענע העלדישקייט

אין אַפּריל 1942 בין איך געווען צוריקגעקומען אין געטאָ פון אַן אויסשפּירגאַנג אין צפון־מזרח ליטע, וועלכן כ׳האָב אונטערגענומען אויף מיין אייגענער איניציאַטיוו. כ׳האָב זיך געטראָפן מיט מיין גוטן חבר פּסח שאַטער און, פאַרשטייט זיך, אים דערציילט וועגן מיין פּרווו צו זוכן קעמ־פערס אין די וועלדער. פּסח, פון זיין זייט, האָט מיר פאַרטרויט אַז אין געטאָ האָט זיך געגרינדעט אַן אַנטינאַצישע אונטערערדישע אָרגאַניזאַציע בראש מיט חיים יעלין, וועלכן ער האָט פאַר מיר שטאַרק אויסגערימט. אויך האָט ער געזאָגט, אַז געוויס וועט חיים זיין פאַראינטערעסירט זיך צו טרעפן מיט מיר און אויסהערן פּרטים וועגן מיינע זוכענישן.

די באַגעגעניש מיט חיימען איז פאָרגעקומען ניט אַזוי שנעל און ניט אַזוי לייכט. מען האָט, משמעות, פריִער אויסגעפאָרשט וואָס איך שטעל מיט זיך פאָר, און אויב מען קאָן צו מיר האָבן צוטרוי. ערשט דעמאָלט האָט מען מיר מודיע געווען, אַז חיים איז גרייט מיט מיר צו רעדן.

איך האָב זיך פאָרגעשטעלט אַז כ׳וועל טרעפן אַ גבר — אַ הויכן, ברייט־פּלייציקן מאַנצביל, ווי עס פּאַסט פאַר אַן אָנפירער פון אַ קאַמפס־באַוועגונג. פאַרוווּנדערט בין איך געוואָרן, ווען כ׳האָב דערזען אַ ניט־הויכן, מאָגערן און זייער בלייכן בחור מיט פאַרחלומטע אויגן, מיט לאַנגע וואָנצעס... חיים האָט מיך אויסגעהערט מיט גרויס אינטערעס. זיינע פראַ־געס און באַמערקונגען זענען געווען קורצע און זאַכלעכע. אין זיינע אויגן האָט זיך אָפּגעשפּיגלט די פריינדלעכקייט, מיט וועלכער ער האָט זיך באַ־צויגן צו מענטשן. נאָכן שמועס האָט ער מיך פאַרבונדן מיט שואל פינקעל,

וואָס האָט מיך געדאַרפט אויסבילדן מיליטעריש, ווייל איך האָב ניט געהאַט דורכגעמאַכט קיין מיליטער־דינסט.

אַזוי בין איך געוואָרן אַ מיטגליד פון דער אַנטיפאַשיסטישער קאַמפס־אָרגאַניזאַציע אין קאָוונער געטאָ. צו יענער צייט זענען אין דער באַוועגונג געווען צוויי שטרעמונגען. טייל האָבן געהאַלטן, אַז מען דאַרף בויען באַ־העלטענישן און זיך באַוואָפענען. אין פאַל אַז מען וועט אונדז אויפדעקן בעת אַקציעס און אַרויספירענישן, אָדער ביים אָנהייבן ליקווידירן די געטאָ, זאָלן מיר ענטפערן מיט געווער. שטאַרקער איז אָבער געווען די מיינונג פון יענע וואָס האָבן געהאַלטן, אַז מען דאַרף זיך אַקטיוו אַנטקעגנשטעלן די דייטשן: ווי נאָר מעגלעך דורכפירן סאַבאָטאַזש־אַקטן, קריגן געווער און אַריינטראָגן אין געטאָ, אָרגאַניזירן באַוואָפנטע גרופּעס וואָס דאַרפן זיך דורכרייסן צו פּאַרטיזאַנער אין וואַלד. חיים איז געווען דער פאָרשטייער פון דער דאָזיקער שטרעמונג. ער האָט אָבער פאַרשטאַנען צו פאַרבינדן די צילן פוןביידע צדדים. מען האָט געבויט באַהעלטענישן, „מאַלינעס", און זיי אויסגענוצט צו באַהאַלטן געווער, צום לערנען זיך שיסן און ווי אַ מקום־מיקלט בעת אַקציעס. חיים האָט אויך פאַרשטאַנען צו אַקטיוויזירן דעם ניט־קאַמפּספעיִקן עלעמענט פון דער באַוועגונג צו אַ הילפס־טעטיקייט — מען האָט געקליבן מיטלען, כדי צו קאָנען קויפן געווער און אַמוניציע, מען האָט געשאַפן באַקליידונג און מעדיקאַמענטן פאַר די קעמפערס.

פאַרשטייט זיך, אַז אַן אַקטיווער ווידערשטאַנד האָט ניט געקאָנט גע־מאָלט זיין אָן אַ פאַרבינדונג מיטן אַנטינאַציאָנישן קאַמף אויסער דער געטאָ און מיט די פאַרטיזאַנישע באַזעס אין די וועלדער. אָט די וויכטיקע פאַר־בינדונגס־אַרבעט האָט חיים אויסגעפירט גלענצנדיק. דער אונטערערדישער אַנטיפאַשיסטישער אָרגאַניזאַציע פון קאָוונער שטאָט איז ניט געלונגען צו ווערן אַ מאַסן־באַוועגונג, וואָס מאָביליזירט די ליטווישע יוגנט צום קאַמף קעגן די פאַרכאַפּערס. האָט חיים געגעבן צו פאַרשטיין די אַקטיוויסטן אין שטאָט, אַז זייער טעטיקייט קאָן האָבן דערפאָלג נאָר אין צוזאַמענאַרבעט מיט דער ווידערשטאַנד־באַוועגונג פון געטאָ. היינט צו טאָג שרייבן זיך אָבער צו אָט די טוערס פון דער שטאָטישער אונטערערד אויף זייער חשבון אַ סך אויפטוען פון דער געטאָ־אָרגאַניזאַציע. אמת, די דאָזיקע אויפטוען זענען דערמעגלעכט געוואָרן אַ דאַנק דער הילף פון די חברים פון שטאָט, זיי זענען אָבער פאַקטיש אַ דערגרייכונג פון די געטאָ־קעמפערס.

אין אויגוסט 1943 האָב איך זיך באַקענט מיטן סקולפּטאָר פּראַנאַס באַלעליונאַס, וועלכער איז געווען טעטיק אין דער ליטווישער נאַציאָנאַליס־טישער אונטערערד. חיים האָט מיך באַאויפטראָגט צו פּרוּוון דורך אים באַקומען אַ צוגאַנג צום גענעראַל נאַגעוויטשיוס, וואָס איז געשטאַנען בראש פון דער ליטווישער נאַציאָנאַליסטישער אַנטינאַצישער באַוועגונג. מיט אים האָב איך געדאַרפט רעדן וועגן צוזאַמענאַרבעט אינעם קאַמף קעגן די דייטשן. כ׳בין געקומען צו באַלעליונאַסן אַהיים, זיך אַרויסגעגעבן פאַר אַ מיטגליד פון דער קאַמפּס־אָרגאַניזאַציע אין געטאָ און אָן גרויסע הקדמות צוגעטראָטן צום עיקר.

אויסגעהערט מיך, טוט דער ליטווינער אַ פרעג:

— און וואָס טוסטו אויב איך גיב דיך אַרויס געסטאַפּאָ?

האָב איך אים געענטפערט, אַז דעמאָלט ריזיקירט ער אויך. כ׳קאָן אויפדעקן, אַז זיי טוען אויך עפּעס... און צוגעגעבן, אַז אַזאַ איז שוין דער גורל פון אונטערערדלערס — זיי מוזן ריזיקירן, אויב זיי ווילן זיך צו עפּעס דערשלאָגן.

ס׳איז געפעלן געוואָרן מיין ענטפער. באַלעליונאַס האָט מיך מכבד געווען מיט משקה, און מירביידע האָבן גוט אויסגעטרונקען. נאָך אַן ענט־פער האָב איך געזאָלט קומען אין עטלעכע טעג אַרום.

און טאַקע גאָר אין גיכן האָט ער מיר געבראַכט פון נאַגעוויטשיוסן אַ קלאָרע תשובה: מיט קאָמוניסטן וועלן זיי ניט צוזאַמענאַרבעטן. אָבער זיי זענען גרייט אויסצובאַהאַלטן איינצלנע ייִדן און קינדער.

אין צייכן פון אונדזער פּערזענלעכער פריינדשאַפט האָט מיר באַלע־ליונאַס געשאָנקען אַ בעלגישן פּיסטאָלעט מיט אַ סך קוילן. איך האָב דאָס אַלץ איבערגעגעבן חיימען פאַר דער קאַמפּס־אָרגאַניזאַציע.

ווען חיים האָט זיך, אין סעפּטעמבער 1943, צוריקגעקערט פון דער פּאַרטיזאַנישער באַזע אין רודניצקער וואַלד, איז אין אַ קורצער צייט אַרום קיין קאָוונע געקומען דער שליח פון צ״ק פון דער ליטווישער קאָמוניסטי־שער פּאַרטיי „אַלבינע״ (ג. גלעזער). חיים האָט צונויפגערופן ביי חנא קאַגאַן אין שטוב אַ באַראַטונג. מיר זענען געווען אַכט אַקטיוויסטן: לייזער צאַדי־קאָוו, אליהו אָלקין, שואל פינקעל, חיים־דוד ראַטנער, משה זימעלעוויטש, שמואל און לאה אינגעל און איך. חיים האָט אונדז דערציילט וועגן לעבן און קאַמף פון די פּאַרטיזאַנער אין וואַלד. פאַר דער קורצער צייט וואָס ער

איז דאָרט געווען, האָט ער זיך באַטייליקט אין אייניקע קאָמפּס־אויפגאַבעס, ווי אויפרייסן בריקן, באַשיסן דייטשישע אויטאָס. ער האָט דערציילט אַזוי בילדעריש, מיט אַזאַ ענטוזיאַזם, אַז מיר האָבן געמיינט, מיר אַליין געפינען זיך אין וואַלד, בויען זעמליאַנקעס, קעמפן קעגן אונדזערע דם־שׂונאים. בעת יענעם שמועס האָט חיים אונדז געזאָגט, אַז מיר אַלע זענען באַשטימט פאַר קאָמאַנדירן פון קאָמפּגרופּעס און אין גיכן וועלן מיר אַרויסגיין אין וואַלד. ער האָט אונדז געמאָלדן אַז צוליב סטראַטעגישע טעמים האָט מען באַשלאָסן, מיר זאָלן גרינדן אַ נייע פּאַרטיזאַנישע באַזע אין דרום ליטע. שפּעטער איז אונדז פון די אויסגעאַרבעטע מאַרשרוטן קלאָר געוואָרן אַז דאָס זענען די אַווגוסטאָווער וועלדער.

מיטן גרייטן די גרופּעס צום אַרויסגיין אין וואַלד האָט זיך מערסטנס פאַרנומען חיים אַליין און דעריבער פלעגן מיר זיך אָפּט טרעפן. מיר האָבן זיך אַלע איבערצייגט, אַז אָט אין דעם שוואַכן גוף געפינט זיך אַ גרויסער און שטאַרקער גייסט. זיין ענערגיע און פליכט־געטריישאַפט האָט חיים געוואָלט איבערפלאַנצן אין אונדז. און מיר קומט אויס אַז דאָס איז אים אין אַ גרויסער מאָס געלונגען.

ווי באַוווּסט, איז די אַווגוסטאָווער אויפגאַבע דורכגעפאַלן. זי האָט אָבער אונדז, געטאָ־מענטשן, פאַרוואַנדלט אין קעמפערס. ווער אויב ניט די חברה וואָס זענען געגאַנגען אויף אַווגוסטאָווע, האָבן עס אָרגאַניזירט דאָס העלדישע אַנטלויפן פון ניינטן פאָרט? ווער אויב ניט די חברה פון אָט דעם מאַרש זענען עס שפּעטער געוואָרן אויסגעצייכנטע פאַרטיזאַנער און האָבן העלדיש געקעמפט קעגן די נאַציס? די דערציִונג פון גיבורים און דאָס אָנציגדן אין זיי דעם קאַמפגייסט — קאָן פאַררעכנט ווערן פאַר איינעם פון חיים יעלינס גרעסטע פאַרדינסטן.

בעת חיים איז אין פעברואַר 1944 געווען אין רודניצקער וואַלד, האָב איך אַליין געהערט ווי צו אים האָט געזאָגט דער אָנפירער מיט דער גאַנצער פאַרטיזאַנישער באַוועגונג אין דרום־ליטע, „יורגיס" (גענריקאַס זימאַנאַס):[1]

— אויב עס וועט דיר אין קאָוונע דראָען אַ סכּנה און דיין אונטער־ערדישע טעטיקייט וועט ווערן אוממעגלעך, זאָלסטו גלייך קומען צו אונדז.

---

[1] גענריק זימאַן.

מיר איז דעמאָלט געגעבן געוואָרן די אויפגאַבע צו פירן קיין קאָוונע חיימען צוזאַמען מיט דעם סעקרעטאַר פון קאָוונער שטאָטישן קאָמיטעט פון דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי גרישע קרוגליאַקאָוו, ווי אויך וואַליע פּושײַטע, די סעקרעטאַרין פון קאָוונער קאָמוניסטישן יוגנט־פאַרבאַנד.

ביים געזעגענען זיך מיט חברה אויף דער באַזע איז חיים מאָדנע אומעטיק געוואָרן. ער האָט דעמאָלט געזאָגט:

— גלייבט מיר, יאַטן, אַז ניט אויס מורא פאַר דער אַרבעט אין געטאָ און אין קאָוונע איז מיר קאַלעמוטנע אויפן האַרצן. איך בין אייך פּשוט מקנא. איר קאָנט קעמפן דירעקט קעגן די דייטשן, און מיר איז עס ניט באַשערט. און אַז איר זייט שוין יאָ פון די גליקלעכע צו קאָנען נקמה נעמען פאַר אונדזער אומשולדיק פאַרגאָסן בלוט, טאָ דערוויזט אַז איר זענט ווערט צו זיין פון די אויסדערוויילטע וואָס פאַרטיידיקן דעם כבוד פון אונדזער פאָלק.

אויפן וועג קיין קאָוונע האָט חיימס שטימונג זיך געענדערט. ער איז ווידער געוואָרן לוסטיק און צופרידן שוין צוליב דעם, וואָס ער קאָן כאָטש אונטערוועגנס זיך פילן ווי אַ ריכטיקער פּאַרטיזאַן. און באמת, דעם שווערן וועג פון כמעט 160 קילאָמעטער האָט ער דורכגעמאַכט ווי אַ דערפאַרענער קעמפער.

און אָט זענען מיר אַלע פיר שוין ביי קאָוונע. דאַרפן מיר זיך אַריינ־באַקומען אין שטאָט. פאַר קרוגליאַקאָוון מיט וואַליען איז די זאַך געווען פּשוטער. זיי האָבן זיך גענומען אין אָרעם און אַוועק ווי אַ פאַרליבט פּאָרל. איך און חיים האָבן געמוזט עפּעס צוטראַכטן. איך האָב געהאַט אַ ווייסן אָרעמבאַנד פון דער ליטווישער „הילפס־פּאָליציי" מיט דער אויפשריפט אויף דייטש: „אין דינסט פון דייטשישן מיליטער". איך האָב אים אָנגעטאָן אויפן אַרבל. חיים האָט זיך צוגעטשעפּעט די געלע לאַטעס אויף דער ברוסט און רוקן. אַרויסגענומען פון אונטער מיין מאַנטל דעם אויטאָמאַט, האָב איך חיימען געפירט ווי אַ ייִדן צו דער אַרבעט. אַזוי זענען מיר געגאַנגען ביז צו די אויטאָ־רעמאָנט־וואַרשטאַטן פון דייטשישן מיליטער ה.ק.פּ., וווּ ס׳האָבן געאַרבעט ייִדן, צווישן זיי אייניקע אייגענע מענטשן. ווען מיר זענען אָנגעקומען צום טויער פון ה.ק.פּ., האָט דער דייטשישער פּאָסטן דער־זעענדיק מיין אָרעמבאַנד, אַוודאי געטראַכט אַז ער וועט מיט מיר ניט קאָנען

זיך צונויפרעדן. האָט ער געעפנט דאָס טויערל און אונדז ביידן אַריינ־געלאָזט.

דאָ האָבן זיך שוין געגומען זאָרגן חיימס יאַטן. ביי עטלעכע אָפּגע־קויפטע דייטשן האָבן זיי אויסגעפּועלט אַ מאַשין, וואָס זאָל מיך מיט חיימען, צוויי „קראַנק געוואָרענע ייִדן פון שאַנצער לאַגער״, אָפּפירן אין געטאָ. די דייטשן האָבן וועגן דעם טעלעפאָניש געמאָלדן דער געטאָוואַך, און יענע האָט עס צו וויסן געגעבן דעם אָנפירער פון דער מאָביליזאַציע און שטראָף־אָפּטיילונג ביים ייִדישן אַרבעטסאַמט, מרגלית. פאַרשטייט זיך, אַז איצט האָב איך געהאַט אויסגעטאָן די לענטע, צוגעטשעפּעט זיך די געלע לאַטעס און דעם אויטאָמאַט באַהאַלטן אונטערן מאַנטל. בעת מיר זענען אָנגעקומען צום געטאָ־טויער איז אונדז אַנטקעגן אַרויסגעלאָפן מיט אַ געשריי מרגלית, וואָס האָט געקענט חיימען און געוווסט, מיט וואָס ער פאַרנעמט זיך: „אַך, די לויזיקע יודען אַוס שאַנציי !״ ער האָט אונדז מיט רציחה אָנגעהויבן בריקען אין הינטער־חלק. די דייטשן האָבן געקייכט זיך פון געלעכטער, און מיר זענען אָן אַ קאָנטראָל אַריין אין געטאָ מיטן באַהאַלטענעם געווער... איך מוז באַמערקן, אַז געבריקעט האָט מרגלית ניט אויף אַ געלעכטער. לאַנג האָבן ווי געטאָן די געטראָפענע ערטער...

אין יענער צייט איז מיין פאַרבינדונג מיט חיימען געוואָרן זייער אַן ענגע, ווייל איך בין געווען באַשטימט פאַר אַ פאַרבינדונגס־קאָמאַנדיר פון דער פאַרטיזאַנער־בריגאַדע אין דרום־ליטע און האָב שוין עטלעכע מאָל געפירט פון געטאָ קעמפער־גרופּעס אין וואַלד.

בעת מיין אויפהאַלטן זיך אין געטאָ, ס׳רוב אין די אָוונטן, פלעגט חיים מיך בעטן דערציילן פרטים פון פאַרטיזאַנישן לעבן. בעיקר האָט אים אינ־טערעסירט די קאַמפּס־טעטיקייט: וויפל עשעלאָנען מיר האָבן אַרונטער־געלאָזט פון די רעלסן, וואָס פאַר אַ דייטשישע גאַרניזאָנען מיר האָבן אָנ־געגריפן און ווי האָבן געקעמפט אונדזערע חברה. איין מאָל, אויסהערנדיק מיינעם אַזאַ באַריכט, האָט חיים מיר אַ קלאַפּ געטאָן איבער דער פּלייצע:

— זעסט, נחמיה, אַמאָל האָסטו געשלונגען מיינע ווערטער וועגן דער פאַרטיזאַנקע, היינט שלינג איך דיינע. דערצייל וואָס מער. דאָס באַרויִקט מיין געמיט.

ווען איך בין אָנהייב מאַרץ 1944 געקומען פון וואַלד קיין קאָוונע, האָב איך, אויסער דער אויפגאַבע צו ברענגען מענטשן פון געטאָ אין וואַלד,

געהאַט אויך וויכטיקע שליחותן צום קאָוונער אונטערערדישן קאָמיטעט פון דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי. אַזוינע שליחותן האָב איך דורכגעפירט אויך פריִער, נאָר דאָס מאָל זענען זיי געווען באַזונדערש וויכטיקע: כ׳האָב גע־בראַכט שיפֿערס פאַר ראַדיאָ־איבערגעבונגען, כ׳האָב מיטגעבראַכט געלט, מאַגנעטישע מינעס...

חיים איז צו יענער צייט געווען שוין אַ מיטגליד פון שטאָטישן קאָמי־טעט פון דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי. צו באַוווּנדערן איז געווען ווי אַזוי אַ ייִד האָט געקאָנט פאַרנעמען אַן אָנפירנדיקן אָרט אין דער אַנטינאַצישער טעטיקייט אין אַ שטאָט וואָס אַ גרויסער טייל פון דער באַפעלקערונג האָט מיטגעאַרבעט מיט די דייטשן און די איבעריקע זענען אין זייער מערהייט געווען לאָיאַל צו זיי. ניט געקוקט אויף דעם, האָט חיים אַריינגעבראַכט לעבן אין דער אונטערערדישער קאַמפּס־טעטיקייט אין קאָוונע גופא און צו גלייך אויסגענוצט זיינע נייע מעגלעכקייטן לטובת דער ווידערשטאַנד־באַוועגונג אין געטאָ.

דורך חיימען האָב איך באַשטימט די באַגעגעניש מיטן ערשטן סעקרע־טאַר פון קאָוונער קאָמיטעט פון דער קאָמפּאַרטיי קרוגליאַקאָוו, כּדי אים איבערצוגעבן די זייער וויכטיקע ענינים. מיר האָבן זיך געדאַרפט טרעפן האַלב אַכט אָוונט ביי דער געוועזענער פאַבריק „גומאַ״, הינטער סלאָבאָדקע. צו דער באַשטימטער צייט בין איך מיט חיימען געווען אויף אַן אָרט. קרוגליאַקאָוו האָט זיך געזאָלט איבערשיפן איבער דער ווילִיע. מיר האָבן פּלוצעם דערהערט אַ שיסעריי און פאַרשטאַנען, אַז די זאַך איז ניט גלאַטיק. אומזיסט איז שוין געווען אונדזער וואַרטן...

אויף מאָרגן האָבן מיר זיך דערוווּסט, אַז קרוגליאַקאָוו האָט מיט אַן אָוונט פאַר דער באַשטימטער באַגעגעניש שטאַרק געזינדיקט קעגן די עלע־מענטאַרסטע כּללים פון קאָנספּיראַציע, האָט אַרויפגעצויגן אויף זיך אַ חשד און איז ביים שיפל אַ לעבעדיקער אַריינגעפאַלן דער געסטאַפּאָ אין די לאַפּעס. און ס׳האָבן זיך אָנגעהויבן מאַסן־אַרעסטן...

אין איין נאַכט זענען אַרעסטירט געוואָרן ביי 190 אַקטיוויסטן פון קאָוונע און פון דער פאָרשטאָט מוראַווע. איין איינציקער אונטערערדלער, פּיאָטר טראָפּימאָוו, וואָס האָט פיל געהאָלפן דער ווידערשטאַנד־באַוועגונג פון געטאָ, איז געבליבן ניט באַרירט. מיט אים אַליין איז איצט חיימען אויסגעקומען צו אָרגאַניזירן דעם אַרויסמאַרש פון די געטאָ־קעמפערס אין

וואַלד. מען האָט לייכט געקאָנט פאַרשטיין אַז אַ מוראדיקע סכּנה לויערט אויף חיימען. האָב איך אים געזאָגט אַז דער מאָמענט וועגן וועלכן ס׳האָט גערעדט זימאַן, איז געקומען.

— דיין אַרבעט אין קאָוונע — האָב איך אים געוואָרנט — איז פאַקטיש פאַראַליזירט. די געפאַר דראָעט דירעקט דיין לעבן.

אויף דעם האָט חיים געענטפערט:

— דו דאַרפסט אָבער ניט פאַרגעסן, אַז פאַר דער באַוועגונג אין געטאָ בין איך נאָך זייער, זייער נייטיק.

אַזוי האָט חיים ריזיקירט מיט זיין לעבן צוליב דער אַלגעמיינער זאַך. אויף וויפל ער איז געווען גערעכט מיט זיין זאָגן אַז דער קאַמפס־באַוועגונג אין געטאָ איז ער זייער נייטיק, האָב איך זיך איבערצייגט נאָך חיימס דורכ־פאַל. פון דעמאָלט האָב איך קיין איין מענטש ניט באַקומען צו פירן פון געטאָ אין וואַלד.

חיים יעלין איז אומגעקומען. אָבער מיר, די אַלע וואָס זענען געווען מיט אים פאַרבונדן, קאָנען אים ניט פאַרגעסן. זיין דערהויבענע העלדיש־קייט איז ווערט, מען זאָל זי שטעלן ווי אַ ביישפּיל פאַר די קומענדיקע דורות.

אַלטע באָרוכאָוויטש־טעפּער / מגדל־העמק

# פאַר אונדזער לעבן און פרייהייט

ווער ס׳האָט אָנטיילגענומען אין דער ווידערשטאַנד־באַוועגונג אין געטאָ און איז אויסגעקומען מיטצואַרבעטן מיט חיימען, דער קאָן אַ סך דער־ציילן וועגן זיין איבערגעגעבנקייט דער זאַך פון קאַמף קעגן די היטלעריסטן, וועגן זיין דרייסטקייט און העלדישקייט. איך וויל עס באַשטעטיקן דורך עטלעכע פאַקטן פון מיין פערזענלעכער דערפאַרונג.

דאָס איז געווען ווינטער, אָנהייב 1942. חיים האָט זיך אויפגעהאַלטן אומלעגאַל אין שטאָט. מיר פלעגט אויסקומען אַרויסצוגיין פון געטאָ אין שליחות פון דער אַנטיפאַשיסטישער קאַמפּס־אָרגאַניזאַציע, כּדי צו קריגן פון אים ידיעות און אינסטרוקציעס פאַר אונדזער טעטיקייט.

איך דערמאָן זיך די ערשטע באַגעגעניש מיט חיימען אין שטאָט. ס׳איז געווען אָפּגערעדט זיך צו טרעפן לעבן דער באָד „היגיענאַ״, אויפן ניעמאַן־ברעג. ווען כ׳בין אָנגעקומען אויפן אָפּגערעדטן אָרט, האָב איך איבערגע־לעבט אַ שרעק. דאָרט האָט זיך אַרומגעדרייט אַ מענטש אין אַ שינעל פון אַ ליטווישן געהילפס־פּאָליציסט. איך בין אים האַסטיק פאַרבייגעאַנגען, מורא געהאַט אין זיין זייט צו קוקן. אָבער טרעפן זיך מיט חיימען האָב איך געמוזט פאַר יעדן פּרייז. האָב איך זיך אויסגעדרייט אויף צוריק. דער מענטש אין שינעל איז מיר געגאַנגען אַנטקעגן, זיך דערנענטערט און גע־פרעגט אין ליטוויש: „פּאַניאַלע איש ווילִיאַמפּאָלעס ?״ דאָס הייסט, צי זענט איר, פריילן, פון סלאָבאָדקע ?..

צו מיין איבערראַשונג און פרייד איז עס געווען חיים.

מיר זענען אַרויף אויפן אײַז פון פאַרפרוירענעם טייך און אַ לאַנגע צייט זיך דאָרט אַרומגעדרייט. קיינעם האָט ניט געקאָנט איינפאַלן, אַז אויפן פאַר־פרוירענעם ניעמאַן דרייען זיך אַרום צוויי ייִדן, אַנטלאָפענע פון געטאָ, און דערצו נאָך אונטערערדלערס...

מיר האָבן דעמאָלט נאָך ניט געהאַט אין געטאָ קיין ראַדיאָ־אַפּאַראַט. פלעגט אונדז חיים אויף פאַרשיידענע אופנים איבערגעבן די לעצטע פראָנט־ידיעות, און מיר פלעגן עס דערנאָך פאַרשפּרייטן צווישן די אָרגאַניזאַציע־מיטגלידער, און דורך זיי אויך צווישן דער געטאָ־באַפעלקערונג.

חיים האָט זיך אינטערעסירט מיט אַלץ וואָס עס טוט זיך אין געטאָ און געוואָלט הערן פּרטים פון אונדזער טעטיקייט. כ׳האָב אים איבערגע־געבן וויפל נייע קעמערלעך עס זענען צוגעקומען, וואָס מיר באַהאַנדלען אויף די טרעפונגען. דאָס האָט אים פאַרשאַפט פרייד. ווען מיר האָבן זיך געהאַט גוט אָנגעפרוירן, בין איך אַוועק לויט חיימס אָנווייזונגען אין אַן אונטערנעמונג, ווו מען פלעגט ברענגען ייִדן צו דער צוואַנגאַרבעט. דאָרט האָב איך געזאָלט קריגן ביי אַ חבר אייניקע טאָפּאָגראַפישע קאַרטעס, וואָס יענער האָט אַרויסגעשלעפּט פון אַ דייטש, און נאָר מורא געהאַט זיי אַריינ־צוטראָגן אין געטאָ. ביים טויער פלעגט מען דאָך יעדן איינעם שטרענג אונטערזוכן. האָב איך עס געדאַרפט אַריינשמוגלען די קאַרטעס אין געטאָ.

פאַר נאַכט, ווען מיר זענען אויסגעשטעלטע צו פיר אַרויסגעפירט גע־וואָרן פון אַרבעטספּלאַץ, האָב איך אויפן טראָטואַר באַמערקט חיימען. כ׳האָב אים געגעבן אַ ווונק אַז אַלץ איז אין אָרדענונג, און פאַרשטאַנען פאַר וואָס ער איז אַהער געקומען, ריזיקירנדיק מיט נאָך אַ גאַנג איבער דער שטאָט. ער האָט ניט גערוט, ביז ער איז ניט געווען זיכער אַז אַלץ איז כשורה.

אין שטאָט פלעג איך אַריינקומען צו מיינער אַ ליטווישער חברטע פון פאַר דער מלחמה, מאַריטע קלאָסייטע. זי פלעגט מיר איבערגעבן אינפאָר־מאַציעס וועגן דעם וואָס עס טוט זיך אין שטאָט. ניט איין מאָל האָט זי געשאַפן רפואות פאַר קראַנקע חברים אין געטאָ. ביי איר פלעג איך באַ־האַלטן חפצים פונעם פאָנד אויף איינצוקויפן געווער און אַמוניציע. פאַר־שטייט זיך אַז איך האָב צונויפגעפירט חיימען מיט מאַריטען. האָט ער געהאַט נאָך אַ קאָנספּיראַטיוון אַדרעס און נאָך אַ מענטשן וואָס העלפט. ביי איר האָט ער געהאַלטן עטלעכע פון זיינע געפעלשטע דאָקומענטן, וועלכע ער פלעגט אָפט בייטן.

מאַריטע האָט געלעבט אין אַ דירה וואָס איר צווייטע העלפט האָט פאַרנומען אַ דייטש. האָט מען געמוזט זיין באַזונדערש אָפּגעהיט. חיים פלעגט אַהער קומען אָנגעטאָן אין שינעל. דאָ האָב איך זיך ניט איין מאָל געטראָפן מיט אים און ס׳האָט געהייסן אַז מיר זענען מאַן און ווייב. מאַרי־טעס פאָטער האָט ניט געטאָרט וויסן אַז מיר זענען ייִדן. פאַר אים האָט עס געגאָלטן אַז מיר זענען ספּעקוליאַנטן. פלעגן מיר אין זיין אָנוועזנהייט רעדן וועגן די מקחים אויף מעל, פּוטער, שפּעק... ווי נאָר דער פאָטער פלעגט זיך אָפּקערן, פלעגן מיר נעמען באַהאַנדלען דאָס וואָס מיר האָבן נייטיק געהאַט.

איין מאָל האָט דער פאָטער אַ זאָג געטאָן צו מאַריטען:

— דערציייל מיר ניט קיין געשיכטעס, דאָס זענען ניט קיין ספּעקו־ליאַנטן, נאָר פּאָליטיקאַנטן...

ניט געקוקט אויף זיין שטאַרקן חשד אַז עפּעס איז דאָ ניט גלאַטיק, האָט ער אָבער ניט פאַרבאָטן אונדז קומען צו זיי.

דער זומער 1943 האָט אונדז געבראַכט אַ סך זאָרג. אין שטאָט איז דורכגעפאַלן די אַנטינאַצישע אָרגאַניזאַציע, מיט וועלכער חיים איז גע־שטאַנען אין פאַרבינדונג. און דאָ האָט אין די ערטער וווהין מען פלעגט ברענגען ייִדן צו דער צוואַנגאַרבעט, פּלוצעם זיך גענומען באַווייזן אַ ליטווין, און נאָכפרעגן פלעגט ער זיך אַלץ אויפן „שרייבער חיים יעלין״. דער מענטש האָט זיך אָנגעשטויסן אויף יאַנקל לעווי, אַ מיטגליד פון אונ־דזער אָרגאַניזאַציע. ביידע זענען זיי פאַר דער מלחמה געווען פאַרשפּאַרט אין אַ לאַגער פאַר פּאָליטישע אַרעסטאַנטן. דער ליטווין האָט געזאָגט צו לעווי, אַז ער האָט אַ גאָר וויכטיקע שליחות צו חיים יעלינען.

הגם די זאַך האָט אויסגעזען ווי אַ פּראָוואָקאַציע, באַשליסן מיר ניט אָפּצולאָזן דעם פאָדעם. אויף אַ דאַכקעמערל אין אַ גאַראַזש ווו ייִדן האָבן געאַרבעט, איז צו דער טרעפונג מיטן ליטווין אָנשטאָט חיימען געקומען דימע געלפערן. חיים און דער אַקטיווער אונטערערדלער משה מוסעליס וואָס האָט די טרעפונג אַראַנזשירט, זענען מיט געווער אין די הענט גע־שטאַנען גרייטע הינטער אַן אויסבאַהאַלט...

דער געקומענער האָט דערקלערט, אַז אין אויפטראָג פון דער ווילנער שטאָטישער אונטערערדישער אָרגאַניזאַציע דאַרף ער דורך דער געטאָ און פּערזענלעך דורך חיים יעלינען, פּרווון געפינען דעם קאָנטאַקט מיט קאָוונער

אונטערערד. כּדי מען זאָל אים שענקען צוטרוי, קאָן ער מאָרגן ברענגען אַ קלאָרן באַווייז...

ער ברענגט טאַקע אויף מאָרגן אַ בריוול אין ייִדיש, געשריבן אויף פּאַפּיראָסן־פּאַפּיר, וואָס איז געווען באַהאַלטן אין דער גילזע פון אַ פּאַפּיראָס. לויט די סימנים פון בריוושרייבער דערקענט מען, אַז דאָס איז געסיע גלעזער, אַ באַקאַנטע קאָמוניסטין. פאַר דער מלחמה האָט זי געלעבט אין אַ צימער ביי יאַנקל לעווי. זי בעט, אַ פאַראַנטוואָרטלעכער חבר זאָל קומען קיין ווילנע צו אַ באַגעגעניש.

חיים האָט זיך אַנטשלאָסן צו דעם דאָזיקן סכנותפולן שריט.

די נסיעה האָט געזאָלט אָרגאַניזירן דער חבר משה מוסעליס דורך די דייטשישע שאָפערן, ביי וועלכע ער האָט מיט אַ ייִדישער בריגאַדע גע־אַרבעט. אין איינעם אַ טאָג פון מיטן סעפּטעמבער 1943 האָט ער צו וויסן געגעבן, אַז ס'איז פאַראַן אַ געלעגנהייט צו פאָרן קיין ווילנע, און מען מוז זי תּיכּף אויסניצן.

ביי טאָג איז אויסגעקומען חיימען זיך אַרויסצוגנבענען פון געטאָ דורכן צוים. אין אונדזער קאָנספּיראַטיווער דירה האָט ער זיך פאַר דעם איבער־געטאָן פראַנטיש — אין אַ גראַנאַטן קאָסטיום, מיט אַ טרענטשקאָט אויף דער האַנט. איך האָב אים געגעבן מיין ברודערס קאַפּעליוש, דערלאַנגט איינעם פון זיינע געפעלשטע פּעסער וואָס איז געווען ביי מיר באַהאַלטן. ביים געזעגענען זיך האָט חיים געזאָגט:

— איך גיי. וועט מיר געלינגען, וועלן מיר אַלע אַרויס פון דאַנען. טאָמער ניט, זאָלט איר די הענט ניט אַרונטערלאָזן. טוט ווייטער אָן מיר. סוף־כּל־סוף וועט מען זיך מוזן דערשלאָגן צו פּאַרטיזאַנער!

חיימען איז גלענצנדיק געלונגען די דאָזיקע שליחות. נאָך זיין צוריק־קער איז אין אָקטאָבער 1943 אין געטאָ אַריין דער שליח פון צ"ק פון דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי „אַלבינע" (דאָס איז געווען דער קאָנספּיראַטיווער נאָמען פון געסיע גלעזער).

אַ גאַנצע נאַכט האָבן מיר, די קאָמיטעט־מיטגלידער פון דער אַנטי־פאַשיסטישער אָרגאַניזאַציע, באַהאַנדלט מיט איר פראַגעס פון דער קאַמפּס־טעטיקייט. ווי אַן אָפּשאַצונג פאַר דער ביז איצט אָפּגעטאָנענער אַרבעט האָט „אַלבינע" איבערגעגעבן דעם קאָמיטעט אַ רעוואָלווער. איינער פון אונדזערע חברים לייגט פאָר, דעם רעוואָלווער זאָל באַקומען חיים, ווי אַן

אָנערקענונג פאַר זיין אַרויסגעוויזענעם העלדנמוט און מסירת־נפש ביים שאַפן און אָנפירן מיט דער אָרגאַניזאַציע. דער פאָרשלאָג ווערט פון אַלע־מען הייס אונטערגעהאַלטן.

דעם 17טן אָקטאָבער האָט „אַלבינע״ אויפגעשטעלט אין געטאָ אַ קע־מערל פון דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי און אָנגענומען אין איר אַ ריי אַקטי־ווע מיטגלידער פון דער אַנטיפאַשיסטישער קאַמפּס־אָרגאַניזאַציע, מיט חיימען בראש.

...כ׳דערמאָן זיך דעם אָוונט, ווען מיר האָבן געזאָלט אַרויסגיין צו דער באַזע אין וואַלד. פון דעם זאַמלפּונקט אויף איטאַליאָס־גאַס האָבן מיר זיך צעטיילט אין עטלעכע קלענערע גרופּעס, כּדי צו קומען צום טרעפפּונקט, ווו ס׳האָט געוואַרט אויף אונדז אַ לאַסט־אויטאָ וואָס חיים האָט באַזאָרגט. די מאַשין האָט אונדז געזאָלט דערפירן ביז צו דער געגנט, וואָס איז גע־ווען באַהערשט פון פּאַרטיזאַנער. פאַרן זעצן זיך אין דער מאַשין האָט מיך חיים אָפּגערופן אין אַ זייט און דערלאַנגט אַ פּעקל דאָקומענטן אויף איבער־צוגעבן דעם שטאַב פון אונדזער אָטריאַד אין וואַלד.

דאָס איז געווען אַ וואָך פאַר חיימס דורכפאַל. אין שטאָט און אין געטאָ האָט געבושעוועט געסטאַפּאָ. די טויטגעפאַר האָט געדראָעט דירעקט חיימען. האָב איך אים פאָרגעשלאָגן, אַז ער זאָל גיין אין וואַלד, און איך וועל בלייבן, ווייל מיט דער גרופּע האָט געדאַרפט אַוועקגיין יאַנקל לעווי, איינער פון די טעטיקסטע פאַרבינדלערס מיט דער שטאָט. און כאָטש חיים האָט געפילט אַז פאַר אים איז געפערלעך צו בלייבן, האָט ער פון מיין פאָרשלאָג ניט געוואָלט הערן. נאָר דער געדאַנק אַז אַזאַ שריט קאָן ווערן אויסגעטייטשט ווי פּחדנות, האָט אים שוין ניט געלאָזט אַפילו טראַכטן וועגן פאַרלאָזן קאָוונע.

— איך ווייס ניט — האָט ער געזאָגט — צי מיר וועלן זיך נאָך אַ מאָל זען... נאָר דו פאָרסט, און ניט איך. ווען מיר זיין באַשערט, קום איך מיט די לעצטע...

דערהערט אַזוינע רייד, האָב איך נאָך מער זיך גענומען איינשפּאַרן, אַז חיים זאָל פאָרן. איז ער צעקאָכט געוואָרן, געכאַפּט זיך אַזש צום רע־וואָלווער:

— אַ באַפעל דאַרף מען אויספילן!

אַזאַ איז געווען חיים. וואָס ווייניקער שיקן אַנדערע אין געפאַר; אויף זיך האָט ער גענומען די שווערסטע און לעבנס־געפערלעכסטע אויפגאַבעס.

ווען ס׳האָבן זיך דערשלאָגן צו אונדז אין וואַלד די חברים שמואל ראָזין, שיקע ווערשוואָווסקי מיט זיין פרוי און געבראַכט די שרעקלעכע ידיעה וועגן חיימס אומקום, האָט קיינער זיי ניט געוואָלט גלייבן. די געקומענע האָבן אָבער אויסגעדערציילט אַלע פּרטים. האָבן מיר פאַרשטאַנען, אַז ס׳איז טאַקע דער ביטערער אמת. מיר זענען געזעסן צעמישטע און ניט געוווּסט פון וואָס אָנצוהייבן. קלאָר איז פאַר אַלעמען געוואָרן, אַז איצט דאַרפן מיר קעמפן נאָך מיט מער פאַרביסנקייט און נעמען נקמה אויף פאַר חיימען, וואָס האָט מקריב געווען זיין לעבן פאַרן כּבוד פון דער ייִדישער יוגנט און דער באַפעלקערונג פון קאָוונער געטאָ — פאַר אונדזער אַלעמענס לעבן און פרייהייט.

זלמן (מאָניק) האָלצבערג / באר־שבע

# שטריכן צו אַ פּאָרטרעט

פּאַראַן געשטאַלטן אויף וועלכע עס לייגט זיך ניט דער שטויב פון צייט. זיי פאַרבלייבן אייביק פאַרקריצט אין זכרון. אַזאַ געשטאַלט איז פאַר מיר חיים יעלין, דער פּאַרטיזאַנער־פירער, דער קעמפער און שרייבער.

דער גורל האָט מיך מיט אים צונויפגעפירט אין קאָוונער געטאָ, אין אַ תקופה ווען אַלע מענטשלעכע ווערטן האָבן זיך געענדערט, און יעדער איינער פון אונדז איז ווי געשטאַנען פאַרן בית־הדין פון דער געשיכטע אין זיין אַבסאָלוטער נאַקעטקייט — אין זיין קליינקייט און גרויסקייט אין זיין ווערט און מינדערווערטיקייט.

ס׳איז געווען אָנהייב דעצעמבער 1941. צוזאַמען מיט משהל שערמאַן, איינעם פון די איניציאַטאָרן פון דער ווידערשטאַנד־באַוועגונג אין קאָוונער געטאָ, זענען מיר געקומען אין אַ צווייישטאָקיק הילצערנעם הויז אויף פּואָדזשיו־גאַס, אין דער דירה פון אָליע מיַיזעל. אין אַ קליינעם צימערל זענען געזעסן מיינע באַקאַנטע: אַלטע באָרוכאָוויטש, איציק יוכניקאָוו און אויך אַ מיטלוווקסיקער יאַט, מיט געלבלעכע וואָנצעס, זייער ענלעך צו אַ דאָרפישן פויער. פון די צוגעזשמורעטע וויִעס האָבן אַרויסגעקוקט אַ פּאָר לעבעדיקע אויגן.

— און דיך געדענק איך — האָט געזאָגט דער „וואָנצאַק" — האָסט געאַרבעט אין אַ צייטונג, אמת? און איך בין חיים.

— דאָס איז דאָך מאָניק — האָט זיך אַריינגעמישט אַלטע — מאָניק, וועגן וועמען איך האָב דיר דערציילט.

מיר זענען לאַנג געזעסן דעם אָוונט, געשמועסט וועגן דער לאַגע אין געטאָ, וועגן דעם ווי מען זאָל קריגן געווער און דאָקומענטן פון ליטווינער, פּאָליאַקן, פאַרשיידענע שײַנען פון דייטשישע אַרבעטפּלעצער. מיר האָבן גערעדט וועגן געפינען פּאַרטיייִשע מענטשן אין שטאָט. דער פּולס, דאָס האַרץ פון געשפּרעך איז געווען חיים. דעם אָוונט האָט ער מיך פאַרכּישופט מיט זיין אַרט רעדן און טיפער דאגה וועגן גורל פון יחיד און פונעם כּלל.

איינציקוויז, עס זאָל ניט פאַלן קיין חשד, האָט מען זיך גענומען פונאַנדערגיין. געבליבן זענען אַלטע, חיים און איך. חיים האָט זיך באַזונדערש אינטערעסירט, מיט וועמען פון מיינע שול־חברים פון דער קאָוונער ליטווישער גימנאַזיע וואָס איך האָב געענדיקט, איז כּדאי אויפצושטעלן אַ קאָנטאַקט.

לסוף האָט ער אַ זאָג געטאָן:

— אָט זעסטו ווי מיר זענען געצוווּנגען צו בייטן אונדזערע פּראָפּעסיעס. אָנשטאָט צו שרייבן דערציילונגען, לידער, אַרטיקלען, וועלן מיר מוזן אָנהייבן פעלשן דאָקומענטן, אַרומגיין ווי פאַרברעכערס איבער דער שטאָט. אָבער אויך אין אַזעלכע באַדינגונגען דאַרף מען שרייבן. מיר וועלן דאָך דאַרפן דערקלערן דער וועלט, וואָס דאָ איז געשען... איך ווייס: ניט אַלע וועלן מיר בלייבן. געשריבענע ווערטער האָבן אָבער מער שאַנסן צו בלייבן... אַזוינע נסיונות זענען נאָך קיין מאָל ניט געפאַלן אויפן גורל פון אונדזער פאָלק. ס'פאָדערט זיך איצט איינִיקייט, אַלע דאַרפן זיך אַריינציִען אין קאַמף...

גיך, ניט פאַרענדיקט דעם געדאַנק, איז ער אויפגעשטאַנען, דערלאַנגט די האַנט:

— נו, איך וועל איצט גיין, מיט אַלטקען. אין אַ פּאָר מינוט אַרום קאָנסטו אויך אַרויסגיין. ווען דו גייסט אין שטאָט, מאַך זיך ניט פאַר קיין צו גרויסן חכם. קליגערע פון דיר האָבן שוין באַוויזן אָוועקצולייגן דעם קאָפּ. נו, קליינער, זיי שטאַרק. טרוי ניט צו פיל די ליטווינער דיינע. הער וואָס זיי דערציילן, און אַליין רעד ווייניקער, איבערהויפּט — וועגן אונדז. קיין נעמען דערמאָן ניט. און בכלל זאָג בעסער ניט אַז דו קומסט פון געטאָ. נו, זיי געזונט. אין געטאָ זיי אויך פאָרזיכטיק...

...דער לעצטער טאָג פונעם יאָר 1941. דער פראָסט קנאַקט, קיין מענטשן זעט מען שוין לאַנג ניט אין גאַס. און מיר, אַ גרופּע אונטער־

ערדלערס, האָבן איינציקווייז זיך צונויפגעקליבן אין קליינעם שטיבל פון אברהם און צביה קאַמאַי.

וואָס האָט געקאָנט פּאַסירן, אַז חיים פאַרהאַלט זיך? ער האָט באַדאַרפט זיך אומקערן פון שטאָט, דער זייגער איז שוין באַלד אַכט און מען וועט זיך שוין ניט טאָרן באַוועגן אין די גאַסן.

מיר זענען געזעסן און אומגעדולדיק געוואַרט. ניט אַלע האָבן געוווּסט וועגן עס דאַרף קומען.

— מען וואַרט אויף זייער אַ וויכטיקער פּערזאָן וואָס דאַרף ברענגען וויכטיקע אָנווייזונגען — האָט עמעצער בשתיקה געזאָגט.

אין צימער איז געווען הייס און די שפּאַנונג איז געוואַקסן.

פּלוצעם האָט זיך געעפנט די טיר, און חיים איז אַריין, אָנגעטאָן אין דאָרפישע קליידער, מיט די הענט אין די קעשענעס פון זיין טולופּל. ער האָט אַראָפּגענומען די פעלצענע היטל, זיך אַוועקגעזעצט.

— מיר וועלן אָנהייבן, חברים — האָט ער שטיל געזאָגט — אָנהייבן גרינדן אונדזער קאַמפּס־אָרגאַניזאַציע, אונדזער אונטערערדישע אַנטיפאַ־שיסטישע פּאַרטיזאַנער־אָרגאַניזאַציע. מירן פאַראייניקן די סעפּאַראַט טע־טיקע קעמערלעך...

געלאַסן, באַטראַכט האָט חיים איבערגעגעבן אינפאָרמאַציע פון שטאָט, געשילדערט די אויפגאַבעס פון די געטאָ־אונטערערדלערס.

חברים האָבן גענומען אַ וואָרט און חיים האָט זיך אויפמערקזאַם צו־געהערט צו זייערע פאָרשלאָגן און מיינונגען. זיין פּלאַן פון שאַפן די קאַמפּס־אָרגאַניזאַציע און אירע אויפגאַבעס איז אָנגענומען געוואָרן פּה־אחד.

אין אַ קורצער צייט אַרום האָב איך זיך ווידער געטראָפן מיט חיימען. דאָס מאָל — אין צימער פון זיין פאָטער און ברודער מאיר, אויף באַיאָרו־גאַס. איך האָב אים קוים דערקענט. די באַקן איינגעפאַלן, די וואָנצעס לאַנג, די האָר בלאָנד.

ער האָט מיך באַלד געפרעגט:

— וואָס האָט פּאַסירט? וואָס קוקסטו אַזוי אויף מיר?

— ניין, קיין זאַך האָט ניט פּאַסירט. ס'איז פּשוט דיך שווער צו דער־קענען. ווען ניט די באַקאַנטע אויגן, וואָלט איך דיך בכלל ניט דערקענט.

— שלעכט. די אויגן האָבן מיך אַרויסגעגעבן — האָט געשמייכלט

חיים — דאָס טויג ניט. אין אונדזערע באַדינגונגען דאַרף מען האָבן שטומע אויגן. זיי מוזן קאָנען שווייגן, פּונקט ווי דאָס מויל, און אפשר נאָך מער...

כ׳האָב חיימען געוויזן דאָס בלעטל וואָס איך האָב געבראַכט פון שטאָט. דאָס איז געווען דער ערשטער אויפרוף פון דער אָנפירונג פון דער ליטווי־שער קאָמוניסטישער פּאַרטיי וואָס האָט זיך דעמאָלט געפונען אין מאָסקווע. דאָס בלעטל האָט גערופן שאַפן קאָמיטעטן צום קאַמף קעגן די היטלע־ריסטישע אָקופּאַנטן, גרינדן פּאַרטיזאַנישע אָטריאַדן.

חיים האָט זיך פאַרטיפט אינעם אינהאַלט פון בלעטל.

— יאָ, דאָס איז טאַקע אונדזער אויפגאַבע, אונדזער טעטיקייט־פּראָ־גראַם — האָט ער שטיל אַרויסגעזײַט — ווען די ליטווינער, רוסן נעמען זיך צו דער זאַך, וואָלטן מיר אַזוי איינזאַם ניט געווען.

נאָך אַ קליינער הפסקה האָט ער פאָרגעזעצט:

— אַ שאָד, וואָס קיינער שרייבט ניט און רופט ניט העלפן אונדז, יידן. אויב מיר וועלן ניט זוכן קיין וועגן ווי אַרויסצורייסן זיך פון קלעם, וועט קיינער אונדז ניט העלפן. מיר דאַרפן אויפוועקן ביי די מענטשן אין שטאָט דעם אינטערעס צו אונדזער גורל. מיר דאַרפן ווערן אַ כּוח, וועט מען מיט אונדז זיך רעכענען. יעדעס מאָל ווען איך טרעף זיך מיט מענטשן אין שטאָט, רעד איך, דערקלער אַז עס קאָן ניט זיין קיין קאַמף קעגן אָקופּאַנט אָן דער זאָרג פאַר דעם סאַמע געפּלאָגטן טייל פון דער באַפעלקערונג — פאַר די יידן. עס וועט קיין מאָל ניט אָפּגעווישט ווערן דער שאַנדפלעק פון די ליטווינער, אויב זיי וועלן שטיין מיט פאַרלייגטע הענט און זיך צו־קוקן ווי מען פייניקט און מען קוילעט זייערע יידישע שכנים.

חיים האָט געגלייבט אין פעלקער־פריינדשאַפט און מסירת־נפש. האָט ער טאַקע שטאַרק איבערגעלעבט, וואָס אַפילו די ליטווישע אונטערערד־לערס, פּאַראַשוטיסטן, פּאַרטיי־ און קאָמיוג־פונקציאָנערן פלעגן גרייט זיין צו העלפן אַ יחיד, אַ קאָנקרעטן יידן, אים נעמען צו זיך אין גרופּע, אָבער פלעגן אויסמיידן צו באַהאַנדלען די פראַגע פון ראַטעווען מאַסן יידן, צו שטיצן די געטאָ מיט געווער.

מיר האָבן דעמאָלט לאַנג געשמועסט, און ניט אַלץ געדענק איך היינט.

חיים האָט געגלויבט אין הומאַניזם, אין דעם, אַז „אין אַ מענטשן מוז אַלץ זיין שיין״. און אין דער זעלבער צייט האָט ער געמוזט גיין אויף קאָמפּראָמיסן.

— שׂנאה און נקמה — האָט ער מיר איין מאָל געזאָגט — זענען שלעכטע וועגווייזערס, שלעכטע ראַטגעבערס. האַסן איז אַ פילאָזאָפיע פון קאַניבאַלן. און אונדז שטופּט מען דערצו. פאַר אַלע ליַידן וואָס מיר מאַכן דורך, פאַר דער לאַגע אין וועלכער מען האָט אונדז אַריינגעבראַכט, פאַר אונדזערע געהרגעטע טאַטעס און מאַמעס, ברידער און שוועסטער, פאַר אַלע פאַרברעכנס וואָס מען באַגייט לגבי אונדז — איז פאַראַן נאָר איין ענטפער: דערהרגען די היטלעריסטישע חיה!

כ׳האָב חיימען איין מאָל דערציילט וועגן אַ באַגעגעניש מיטן סעקרעטאַר פון קאָוונער אונטערערדישן קאָמיוג־קאָמיטעט, דעם פּאַראַשוטיסט פּאָווילאַס שטאַראַס און אַ צווייטן פּאַרטיזאַן, דעם פּאַראַשוטיסט וויטאָלדאַס אורבאַנאַוויטשיוס. דאָס איז פאָרגעקומען אין קאָוונע, לעבן טונעל, אין אַ שטיבל פון דעם פאַרבינדלער טשימביראַס. זיי האָבן מיר דעמאָלט פאָרגעשלאָגן אָנצושליסן זיך צו זייער פּאַרטיזאַנער־גרופּע און אַוועקגיין פון געטאָ. זיי זענען גרייט געווען מיר געבן געווער און אָפּפירן צו זייער באַזע, היבּטער קאַלאַטאָווע. ווי נאָר איך האָב זיי אָבער געפּרווווט דערקלערן, אַז עס האַנדלט זיך ניט וועגן מיר פּערזענלעך, אַז איך בין נאָר אַ פאָרשטייער פון אַן אָרגאַניזירטער קערפּערשאַפט, האָבן זיי גלייך זיך געפּרווווט אַרויסדרייען:

— זעסטו, מיר זענען נאָך ניט גרייט אויפצונעמען מערער מענטשן. אַפילו ליטווינער אָדער קריגס־געפאַנגענע וואָלטן מיר אויך איצט ניט גענומען. מיר אַרבעטן אַליין אין קליינע גרופּעס. ווען־ניט־ווען טרעפן מיר זיך אין אַ באַשטימטן אָרט. מאַסן יִדן וועלן באַשווערן אויסצופילן אונדזערע אויפגאַבעס, וואָס זענען באַגרענעצט און זייער קאָנקרעטע.

— דאָס איז אמת — האָט חיים באַמערקט — נאָר בכלל איז עס אַ באַקאַנט לידל. אויך מיר האָט מען ניט איין מאָל פאָרגעלייגט זיך אויסצובאַהאַלטן. כ׳האָב געקאָנט אַרבעטן אין שטאָט אין אַן ענגן קרייז פון ליטווינער און רוסן. אונדזער חוב איז געבן זיי צו פאַרשטיין, אַז מיר זוכן ניט צו ראַטעווען די אייגענע פעל; מיר טראַכטן וועגן אונדזער פאָלקס־טראַגעדיע און וועגן אונדזער אָנטייל אין קאַמף קעגן די דייטשן.

חיים, וואָס האָט מער פון אַלע אַנדערע חברים פון דער קאַמפּס־באַוועגונג ריזיקירט, מער פון אַלעמען געגאַנגען אין שטאָט, מער פון אַלעמען געשאַפן פאַרבינדונגען, געפונען ערטער פון דערוועבן און באַהאַלטן גע־

ווער, מער פון אַלעמען געפירט גרופּעס געטאָ־מענטשן אין וואַלד — ער פלעגט הויך שאַצן און זיך פרייען מיט יעדער קלענסטער דערגרייכונג פון אַ צווייטן. יעדער פּיסטאָלעט, אַ געבראַכטער אין געטאָ, איז ביי אים געווען אַן אוצר. יעדער גראַנאַט — אַ יום־טוב.

— מיר אַרבעטן ניט אומזיסט, מיר ריזיקירן ניט אומזיסט — פלעגט ער צופרידן באַטאָנען.

און וועגן די מענטשן:

— אַ גאָלדענער בחור... ניט קיין מויד, נאָר אַ ברען.

איך געדענק שוין היינט ניט גענוי די דאַטע, ווען חיים איז פאַרוווּנ־דיקט געוואָרן אין האַנט בעתן טאָן אַרום געווער. ער האָט אַ געוויסע צייט ניט געקאָנט גיין אין שטאָט און זיך אָפּט געפונען אין מנשה סאַפּאָזשני־קאָווס מאַלינע. דעמאָלט פלעגן מיר לאַנג שמועסן, דיסקוטירן. און וועלכע טעמעס האָט חיים ניט באַרירט? פּאָליטיק און סטראַטעגיע, ליטעראַטור און קונסט, פילאָזאָפיע פון לעבן און טויט. ער האָט שטאַרק געגלייבט אין היטלערס מפּלה, געמאָלן אין העלע פאַרבן די צוקונפט.

— וועסט זען, וואָס פאַר אַ לעבן ס׳וועט נאָך זיין! און שרייבן וועלן מיר! איי, וואָס פאַר אַ טעמעס פאַר די שרייבערס!

וועגן זיך פלעגט חיים רעדן זייער באַשיידן. זיינע ריזיקאַלישע גענג אין שטאָט, זיינע קאָנטאַקטן מיט די ליטווינער, זיינע זוכענישן צו געפינען דעם אויסוועג פאַר יִדישע קעמפערס און סתם יִדן פון געטאָ — וועגן דאָס אַלץ פלעגט ער דערמאָנען ווי וועגן אַ זעלבסטפאַרשטענדלעכקייט. ווער וועט דאָס טאָן, אויב ניט ער און אַ צווייטער? עמעצער מוז דאָך ריזיקירן.

— חיים — האָב איך אים איין מאָל געפרעגט — זאָג דעם אמת, ווען דו ריזיקירסט ניט און גייסט ניט אַזוי אָפט אין שטאָט, ווען דו מינטערסט זיי ניט, די מענטשן דאָרט, וואָלט עמעצער געטראַכט אונדז צו העלפן?

חיים האָט מיר אויף דעם ניט געענטפערט, טיפער זיך פאַרטראַכט, און געשוויגן.

ביי אַ געלעגנהייט האָט חיים דערקלערט:

— קיינער וויל ניט שטאַרבן. אַפילו אין אַזוינע באַדינגונגען וואָס מיר געפינען זיך, קעמפט דער מענטש פאַרן לעבן. ער האָפט אַז דער מאָרגן וועט ברענגען די ישועה... נאָר אויב שטאַרבן, דאַרף מען מיט מוזיק... מיר

זענען אין אַ מאָדנער לאַגע. מיר טאָרן ניט ריזיקירן מיט דער געטאָ. פאַר איין אומפאָרזיכטיקן שריט קאָנען באַצאָלן מיטן לעבן הונדערטער אומ־שולדיקע. אַ סך גלייבן אַז זיי וועלן דורכלעבן, אויסהאַלטן, אויב זיי וועלן אַרבעטן, אויספילן באַפעלן. ווי גיט מען זיי צו פאַרשטיין ?.. מיר אָבער דאַרפן קעמפן, גיין אין וואַלד...

דער קעמפער און טרוימער, דער פאַרטיזאַנער־פירער און שרייבער — האָבן זיך שטענדיק געשפּירט אין חיימען.

ווי אַ קינד האָט ער זיך געפרייט, ווען איך האָב אים דערמאָנט אַ לידל פון זיינעם אַ מאָנטאַזש פאַר אַ סטודענטישן ליבהאָבער־ספּעקטאַקל :

„געווען אַ מאָל אַ שניַידערל
אַ שניַידערל, איַי, איַי,
וואָס געקענט מלבושימלעך
פון אַלטע מאַכן ניַי.
געהאַט אַ טבע אַלע מאָל
פון ברייטע זאַכן מאַכן שמאָל,
פון לאַנגע מאַכן קורץ, פון לאַנגע מאַכן קורץ...“

ווי שיין האָט חיים גערעדט וועגן מעטערלינקס „בלויען פויגל“ — דעם סימבאָל פון גליק. ער האָט געדענקט און ציטירט אַ סך שורות פון אָט דעם ווערק. „און אויב, קינדער, איר וועט זען דעם בלויען פויגל, גיט אונדז צו וויסן“...

און נאָך אַן עפּיזאָד איז פאַרקריצט אין מיין זכרון. פאַרן אַרויסגיין צו די אַווגוסטאָווער וועלדער האָט חיים אונדז, דריַי יונגע יאַטן, וואָס זע־נען ניט איין מאָל געווען אַרומגעגאַנגען אין שליחות פון דער אָרגאַניזאַציע אויסערן געטאָ — איציק מיקלישאַנסקי, אהרון ווילענטשוק און מיך — צונויפגערופן און דערקלערט די אויפגאַבע וואָס אונדז שטייט פאַר. ווי זאָרגעוודיק האָט ער געהאַט באַטראַכט יעדן פּרט : אונדזער אָנטאָן און באַ־וואָפענונג ; ווו מיר וועלן עסן, שלאָפן ; ווו טרעפן די איבעריקע חברה, ביז וואַנען זיי באַגלייטן...

— און די הויפּטזאַך : היט זיך, זייט פאָרזיכטיק — האָט ער געוואָרנט — פון איַיך איז אָפּהענגיק דער גורל פון אַנדערע. ניט זיין לייכטזיניק ! זייט אָבער אויך ניט קיין פּחדנים.

און ווי ווייטיקדיק האָט ער איבערגעלעבט דעם דורכפאַל פון אונדזער דאַזיקן פּרוּוו!

וויפל מוט און בטחון האָט ער צוגעגעבן אונדזער גרופּע, וואָס איז אין וואַלד אָפּגעפּאָרן פון געטאָ מיט אַ לאַסט־אויטאָ. ער האָט אונדז באַגלייט ביז הינטער אַנישאָק, ווו ס'איז שוין כּמעט קיין געפאַר ניט געווען אָנצו־הייבן צו פוס דעם מאַרש ביז צו דער פּאַרטיזאַנישער באַזע. ער האָט זיך געזעגנט מיט יעדן איינעם און זיך אומגעקערט אין שטאָט, אין געטאָ, צו די חברים וואָס האָבן אויסגעקוקט די רגע צו קאָנען אַרויסרייסן זיך פון הינטערן שטעכלדראָט און נעמען געווער אין האַנט.

נאָך איין מאָל האָב איך זיך געטראָפן מיט חיימען, שוין אין וואַלד. ער איז געקומען מיט אַן אויפגאַבע און זיין צייט איז געווען באַגרענעצט. דאָך האָט ער זיך פאַרהאַלטן מיט חברה, זיך אינטערעסירט מיט יעדן איינעם, מיט זיין מצב און קאַמפס־טעטיקייט.

— האַלט זיך, חברה, דער נצחון איז נאָענט! — זענען געווען חיימס לעצטע ווערטער וואָס איך געדענק.

...אין אַ יאָר אַרום נאָכן באַפרייען ווילנע האָב איך דאָס לעצטע מאָל זיך געטראָפן מיט חיימען... ער איז שוין ניט געווען צווישן די לעבעדיקע. זיין ביוסט, אַ קונסטווערק פונעם באַוווּסטן ליטווישן סקולפּטאָר פּראָפ. נ. פּעטרוליס, איז געשטאַנען אין סאַמע צענטער פון דער עקספּאָזיציע אין ווילנער ייִדישן מוזיי. מיר האָבן דערלעבט דעם נצחון, פאַר וועלכן חיים האָט אַוועקגעגעבן זיין האַרץ — אַזאַ מענטשלעכע און ייִדישע — זיין טאַ־לאַנט, זיין לעבן.

אַ סך ביימער, שטאָלצע ביימער האָט מען אויסגעהאַקט אין אונדזער וואַלד, און צווישן זיי — דעם דעמב חיים יעלין.

איך בין געשטאַנען ביי חיימס ביוסט און ס'האָט זיך מיר געדאַכט: באַלד וועלן אויפלעבן זיינע קלוגע אויגן, אין שטילן זאַל וועט אויפקלינגען אַ האַרציקע שטים וואָס וועט אונדז עפּעס זאָגן, באַפעלן...

זיין ביוסט איז געשטאַנען אין צענטער פון דער עקספּאָזיציע, גע־שטאַנען ביזן טאָג, ווען סטאַלין האָט גענומען קעפן לעבעדיקע און אויך טויטע ייִדישע פּערזענלעכקייטן.

אברהם סוצקעווער / תל־אביב

# אַ שווערד מיט פליגל

דאָס ליד, געשריבן אין ווילנער געטאָ
און איצטער צום ערשטן מאָל פאַרעפנט-
לעכט, הייליק איך דעם אָנדענק פון מיין
אומפאַרגעסלעכן חבר חיים יעלין

דו האָסט צו מיר אַראָפּגעשיקט אין וואָר און אויך אין חלום
דעם האַר פון לייַדן און געזאָגט : באַצאָל אים !
נאָר איך האָב אויסגערופן ווי סע פאַסט :
— געבענטשטער גאַסט !

און כ'האָב אַנטבלויזט מייַן לייַב און מייַנע איַינגעפּלייִשטע
ווערטער :
— פאַרשטיל דייַן תאווה, איך בין דייַן באַשערטער !
אין אָפּענעם, אין גלידערדיקן שיכט —
פאַרזייִ דייַן ליכט.

און בין איך פול — ווי קליין די פייַן אַקעגן גרויסן פילן !
אַנשטאָט יסורים — געטלעכע באַצילן.
זיי ברענען אויס די שוואַכקייט און סע ווערט
מייַן גוף אַ שווערד.

אַצינד אין ראַנגלעניש מיט וועלט בין איך אַ שווערד מיט פליגל.
דייַן פנים קוואַלט אין שווערדיקן געשפּיגל.
דאָס האָט דער האַר פון לייַדן מיר באַשאַפט
די גרויסע קראַפט...

20סטער מייַ 1943

מיכאל יצחקי (געלבטרונק) / תל־יצחק

# חיים און די „פּאַרטניקעס"

ווי אַ מיטגליד פון אב"צ (אירגון ברית ציון), איינע פון די אונטערער־דישע ציוניסטישע יוגנט־אָרגאַניזאַציעס אין קאָוונער געטאָ, האָב איך זיך צוויי מאָל באַטייליקט אין די פּרוּוון צו דערגרייכן פּאַרטיזאַנער אין וואַלד. בעתן מאַרש צו די וועלדער פון אַווגוסטאָווע זענען מיר, אַ גרעסערע צאָל געטאָ־קעמפערס, אַריינגעפאַלן אין געסטאַפּאָ. מען האָט אונדז מערדערלעך געשלאָגן, געשמיסן. נאָך פּיין און עינויים פון איבער אַ חודש האָט מען אונדז, צוועלף חברה, אַוועקגעפירט אויפן 9טן פאָרט. דאָרט האָט מען אונדז געשמידט אין קייטן און צוזאַמען מיט נאָך אַ פופציק סאָוועטישע קריגס־געפאַנגענע, יידן, ווי אויך אסירים פון קאָוונער געטאָ, געצוווּנגען אויסצו־גראָבן און פאַרברענען די קרבנות פון די היטלעריסטישע מאַסן־שחיטות. אין דעם פאָרט זענען געווען אומגעבראַכט טויזנטער ייִדן פון קאָוונע, דייטשלאַנד, עסטרייך און אַנדערע אייראָפּעיִשע לענדער.

מיר זענען געווען אַריינגעפאַלן אין אַ גיהנום און געווען געצוווּנגען טאָן אַ שוידערלעכע אַרבעט. מיר האָבן זיך אָבער ניט אין גאַנצן מייאש געווען. אַ סך פון אונדז האָבן עקשנותדיק ניט אָפּגעלאָזן דעם געדאַנק, אַז מען מוז זיך אַרויסרייסן פון דאַנען. וועלן מיר קאָנען זיין לעבעדיקע עדות פון די אומגעהייערע היטלעריסטישע פאַרברעכנס און אויך נקמה נעמען אין די רוצחים.

מיר האָבן זיך אָרגאַניזירט, האָבן צוגעגרייט און אין דער נאַכט פון 25סטן דעצעמבער 1943 דורכגעפירט דאָס אַנטלויפן פון אַלע מתים־ברע־נער, די 64 פאַרשפּאַרטע אין פאָרט.

טייל פון די געלאָפענע, און אויך איך בתוכם האָבן זיך אַריינבאַקומען אין געטאָ. איך בין געווען אין דער גרופּע אונטערן אָנפיר פון אַלטער פּיטעלסאָן, איינער פון די טוערס ביים גרייטן אונדזער אַנטלויפן. אין געטאָ האָט אונדז אַלטער געבראַכט אין דער קאָנספּיראַטיווער דירה פון חיים־דוד ראַטנער, דעם אַקטיוויסט פון דער אַנטיפאַשיסטישער קאַמפס־אָרגאַניזאַציע. דאָ האָבן מיר באַקומען דעם ערשטן מקום־מיקלט. באַלד איז צו אונדז געקומען חיים יעלין, וואָס זיין נאָמען האָב איך שוין פון פריִער געהערט, און רעדן פלעגט מען וועגן אים מיט גרויס יראת־הכבוד. חיים האָט תּיכּף גענומען זאָרגן וועגן אונדז, די „פּאַרטיזאַנער". געלאָזט האָט זיך פאַרשטיין, אַז די דייטשן וועלן מיט אַלע מיטלען, מעגלעך, אויך מיט שפּירהינט, נעמען זוכן די „מתים־ברענערס" וואָס האָבן זיי געוויזן אַ פייג... פון אונדזער הלבשה, און אויך פון אונדז גופא, האָט געטראָגן אַ שרעקלעכער גערוך פון געפוילט פלייש...

אין דרויסן איז נאָך געווען פינצטער. האָט מען אונדז אַראָפּגעלאָזט אין אַ „מאַלינע". געווען איז דאָס אַ באַהעלטעניש מיט אַ פאַרמאַסקירטן אַראָפּגאַנג דורך אַ כּלומרשטן אָפּטרעט. מען האָט אונדז געבראַכט עסן און אַנדערע בגדים, ווי אויך הייס וואַסער צום אַרומוואַשן זיך. אונדזערע אויסגעטאָנענע פאַרעיפּושטע שמאַטעס האָט מען פאַרברענט.

אַ וויכטיקע פראַגע ביז גאָר איז געווען דאָס אויסהיטן דעם סוד פון אונדזער זיין אין געטאָ. זאָלן נאָר די דייטשן אַפילו אויפדעקן איינעם פון אונדז, וואָלט עס געקאָנט זיין אַ קאַטאַסטראָפע פאַר דער גאַנצער געטאָ. ווי עס דערציילט פרץ פאַדיסאָן, אַ פונקציאָנאַר פון דער יִדישער געטאָ־פּאָליציי און פאַרטרויטער פון דער ווידערשטאַנד־באַוועגונג, האָט חיים, אין דער נאַכט פון אונדזער אַריינקומען אין געטאָ שוין ניט פאַרמאַכט קיין אויג און ניט געלאָזט אַנדערע שלאָפן. אויך אים, פאַדיסאָנען, האָט ער אויפגעוועקט און געגעבן די פאַראָרדענונג אַ נישטער צו טאָן אין געטאָ, צי עס געפינען זיך דאָ ניט אַ מאָל אַריינגעדרונגענע „פּאַרטיזאַנער", צי דער עולם רעדט עפּעס וועגן אַזוינע... אויב יאָ, זאָל מען זיי צונויפנעמען.

חיימס פאָרגעפיל האָט אים ניט אָפּגענאַרט. מען האָט טאַקע באַלד געפונען עטלעכע „פּאַרטיזאַנער" וואָס האָבן פריִער ניט געהערט צו דער ווידערשטאַנד־באַוועגונג. אויך זיי האָט מען באַלד באַהאַלטן. חיים האָט אויך געגעבן אַ באַפעל, אַז די באַגעגענישן פון די געלאָפענע פון פאָרט מיט

זייערע נאָענטסטע קרובים זאָלן פאַרקומען אונטער אַ קאָנטראָל און אין שטרענגסטער קאָנספּיראַציע.

מיר, די געלאָפענע פון פאָרט, זענען געווען טיף אויפגערודערט פון אונדזערע איבערלעבענישן. עפּעס אַ קלייניקייט! אויס מיטן 9טן פאָרט! אויס מיטן ברענען אונדזערע קדושים און ווערן געטראָטן פון צווייפיסיקע חיות! אויס מיטן וואַרטן יעדן טאָג אויפן שענדלעכן סוף! איצט האָבן מיר שוין ניט געציטערט איבער אונדזער גורל. טייערע חברים האָבן אונדז אָפּגעהיט. דאָס געפיל פון זיכערקייט האָט אין אונדז באַזונדערש פאַר־שטאַרקט חיים. צו באַוווּנדערן איז געווען זיין ערנסטער צוגאַנג צו יעדן ענין, און דערביי — אַ שאַרפזיניקע שפּראַך, דורכגעפלאָכטן מיט אַ חכמהלע, אַ וויץ און אַ גלייכווערטל.

רעדנדיק מיט אונדז, האָט מיך חיים, אַ גליקלעכער, אַרומגענומען ווי מיר וואָלטן געווען אַלטע באַקאַנטע, און געזאָגט:

— מיכל געלבטרונק, יאָ? וויפל מאָל האָט דיך באַגלייט דער שלימזל? צוויי מאָל, זאָגסטו. גיב איך אַ גאַראַנטיע־שײַן, אַז איַיערן אַ דריטן דורכ־פאַל וועלן די דייטשן ניט דערלעבן. מיר האָבן איצט זיכערע קאָנטאַקטן מיטן וואַלד. און איר, דווקא איר מוזט דערלעבן צו נעמען נקמה פאַר אַלץ, פאַר אַלץ, און אויך פאַרן נײַנטן פאָרט!

ס'איז שווער איבערצוגעבן די געפילן וואָס האָבן אונדז באַהערשט אין יענער רגע.

חיים האָט אונדז עטלעכע מאָל באַזוכט. עס זענען צו אונדז אין דער „מאַלינע" געווען אַראָפּ אויך משה לעווין, דער שעף פון דער ייִדישער געטאָ־פּאָליציי, צוזאַמען מיט אים זענען געווען אויך די געהילפן זיינע: יהודה זופּאָוויטש און איקע גרינבערג. איך בין געווען טיף צערודערט פון דער דאָזיקער באַגעגעניש, באַזונדערש ווייל גרינבערג איז געווען מיינער אַ נאָענטער חבר פון אב"צ.

די אָנפירערס פון דער ייִדישער געטאָ־פּאָליציי האָבן גענומען אויף זיך די זאָרג פאַר אונדזער זיכערקייט.

מיר האָבן זיך דערוואַרט אויך אויף דער אַזוי געגאַרטער רגע. דעם 6טן יאַנואַר אין אָוונט זענען מיר געשטאַנען צעטיילט אין קלענערע גרו־

פּעס ניט ווייט פון געטאָ־טויער. אַ לאַסט־אויטאָ, וואָס חיים האָט באַזאָרגט אין שטאָט, האָט אונדז, „פּאַרטניקעס" און נאָך געטאָ־קעמפערס, צוזאַמען ביי 30 מאַן, געזאָלט אַוועקפירן צום פּאַרטיזאַנישן וואַלד.

פּלוצעם איז אויסגעלאָשן געוואָרן דאָס ליכט ביים טויער. (שפּעטער האָבן מיר זיך דערוווּסט, אַז דאָס האָט אַן „אייגענער מענטש" פון דער געטאָ־אַדמיניסטראַציע בכוונה געמאַכט אַ קורצשלוס). אין דער פינצטער זענען מיר צוגעלאָפן צום טויער. אויף יענער זייט האָט געוואַרט אַ לאַסט־אויטאָ אויף „דער בריגאַדע צו דער אַרבעט אין פּראָווינץ". מיר זענען אַריינגעקראָכן אין מאַשין, חיים האָט אַראָפּגעלאָזט דעם ברעזענט פון דער בויד און אַליין זיך געזעצט לעבן שאָפער.

די מאַשין האָט זיך גערירט. דאָס וואָפן וואָס די ווידערשטאַנד־באַוועגונג האָט מיטגעגעבן, איז געוואָרן פאַרטיילט צווישן אונדז. איצט זענען מיר קעמפערס! אַ גרויס און שטאַרק געפיל! אָן ווערטער האָבן אַ סך פון אונדז געמאַכט אַ ברכה, וואָס ער איז עס זוכה געווען צו דערלעבן...

מיר פאָרן, פאָרן עטלעכע שעה און זענען באַלד לעבן דער געגנט, ווו ס'באַלעבאַטעווען די פּאַרטיזאַנער. פּלוצעם דערפילן מיר אַז די מאַשין פאַרהאַלט איר טעמפּאָ. דערנאָך — אַ שטאַרקער ריס פאָרויס מיט אַ ווילדער שנעלקייט.

אָפּגעפאָרן אַ שטרעקע, בלייבט דער אויטאָ שטיין אַן איינגעגראָבענער אין שניי. חיים הייסט אַראָפּגיין. דאָ דערוויסן מיר זיך, אַז אויפן וועג איז געווען אַ קאָנטראָל. האָט אָבער חיים געהייסן דעם שאָפער אַרויפלאָזן אויף די זשאַנדאַרן די העל אָנגעצונדענע ליכטער פון דער מאַשין און פאַרקלע־נערן די שנעלקייט. ווען עס הייסן, אַז מיר בלייבן שטיין. די דייטשן זענען אָפּגעטראָטן אין אַ זייט, ווייל דער אויטאָ, כלומרשט אָפּהאַלטנדיק זיך, איז ניט געבליבן שטיין אויפן קאָנטראָל־פּאָס... און דעמאָלט — אַ טראָג זיך געטאָן פאָרויס. אַזוי איז דער אויטאָ, שוין מיט אויסגעלאָשענע ליכטער, פאַרשוווּנדן אין דער נאַכט־פינצטערניש. די דייטשן האָבן אים געקאָנט שיטן זאַלץ אויפן עק...

ס'האָט געשנייט און געבלאָזן אַ שטאַרקער ווינט. דער שאָפער האָט פאַרלאָרן די אָריענטאַציע און די מאַשין איז אַראָפּ פון וועג און אַריינ־

געפאָרן אין שניי. מיר האָבן אַרויסגעשטופּט די מאַשין, און זי האָט אונדז דערפירט צום אָרט, פון וואַנען מיר האָבן שוין ווי אמתע פּאַרטיזאַנער געקאָנט זיך לאָזן צו דער באַזע אין רודניצקער וואַלד.

אַ דאַנק זיין מוט און איינפאַלערישקייט האָט אונדז חיים בשלום דורכ־געפירט דורך אַלע געפאַרן. מיר האָבן זיך מיט אים געזעגנט — אַרומגע־נומען זיך און צעקושט. ניט געקאָנט האָט זיך ווער פון אונדז פאָרשטעלן, אַז דאָס געזעגענען מיר זיך — אויף אייביק.

ד״ר דב לעווין / ירושלים

# חיים יעלין — ספרא וסיפא

עד־היום [1], דרייסיק יאָר נאָך דעם גרויל און חורבן, ברענגען אַרויס די לעבנגעבליבענע ייִדן פון קאָוונער געטאָ מיט ציטער און יראת־הכּבוד דעם נאָמען — חיים יעלין.

זיינע קאַמפּס־ברידער — אָנפירנדיקע פונקציאָנאַרן און חברים פון דער ריי אין דער אונטערערד פון קאָוונער געטאָ — דערמאָנען אים בעיקר ווי דעם פון אַלעמען אָנערקענטן און געאַכפּערטן קאָמאַנדיר. אין די אויגן פון אַנדערע — איבערהויפּט שול־חברים און קאָלעגן־שרייבערס — דער־שיינט ער קודם־כּל ווי אַ טאַלאַנטירטער פען־ און בוך־מענטש. ביי „עמך״, צווישן די וואָס האָבן אים געקענט אָדער בלויז געהערט וועגן אים, ביי זיי זענען אַרומגעגאַנגען, און ס׳גייען נאָך עד־היום אַרום, לעגענדעס וועגן זיין ברוויזנדיקן לעבן און וועגן דעם טראַגישן קאַפּיטל פון זיין טויט. פריינד און אַפילו אויך קעגנערס הערן ניט אויף אים צו לויבן, ווי אַ רייכע און פילפאַרביקע פערזענלעכקייט, ווי אַ מענטש פון שטאַרקן ווילן און איבער־געגעבן זיינע אָנשויונגען, אָבער צו גלייך אויך ווי אַזאַ וואָס האָט דרך־ארץ פאַר די אָנשויונגען פון אַ צווייטן.

אין דער סאָוועטישער היסטאָריאָגראַפיע איז ער בשעתו אָנערקענט געוואָרן ווי דער אָנפירער פון דער אַנטינאַצישער אונטערערד אין קאָוונער געטאָ. אין דער ישׂראלדיקער היסטאָריאָגראַפיע פון דער שואה דערשיינט

---

[1] דער אַרטיקל איז באַזירט אויף אַ רעדע, געהאַלטן דעם 4טן מיי 1974 אין איגוד יוצאי ליטא בישראל, תל-אביב, אויפן אָנדענק-אָוונט צום 30סטן יאָרטאָג פון חיים יעלינס אומקום.

ער ווי די צענטראַלע פיגור פון אַט דער באַוועגונג[2].

ווער איז געווען חיים, אין וואָס איז באַשטאַנען זיין כּוח און וואָס זענען זיינע אויפטוען? אויף אַט די פראַגעס גיבן אַן ענטפער זיינע טאַטן. טייל פון זיי וועלן דאָ אַרויסגעהויבן ווערן אויפן פאָן פון יענער תּקופה, וואָס האָט אים פאַרוואַנדלט אין אַ לעגענדע נאָך ביי זיין לעבן, אַ פּשיטא — נאָך זיין טויט.

אין יולי 1941 איז חיים אַריינגעפאַלן אין קאָוונער געטאָ. ווי אַ סך פון זיינע חברים, איז ער געווען אין מורא אַז די ליטווישע געהיים־אַגענטן, אין צוזאַמענאַרבעט מיט די דייטשישע זיכערהייט־אָרגאַנען, זאָלן זיך ניט נעמען צו די קאָמוניסטישע אַקטיוויסטן און קודם־כּל — צו די ייִדישע קאָמוניסטן. דעריבער האָבן זיי אונטערגענומען אַ ריי שריט זיך צו פאַר־קאָנספּירירן. זיי האָבן געביטן זייערע פאַמיליע־נעמען, ווי נאָר מעגלעך זיך אויסבאַהאַלטן, בעיקר פון די ליטווינער. זיי האָבן זיך אויך געהיט פון ייִדן, באַזונדערש פון די וואָס האָבן געהאַט העכערע פאָסטנס אין דער געטאָ־אַדמיניסטראַציע. לגבי די לעצטע זענען מיט דער צייט אָפּגעפאַלן די חששות, ווייל די ייִדישע געטאָ־פונקציאָנאַרן האָבן זיך אָפּגעהאַלטן פון איבערגעבן די מאַכט־אָרגאַנען אַפילו פאַרברעכערס.

חיים ענדערט זיין פאַמיליע־נאָמען אויף קאַדיסאָן, פאַרלאָזט זיך אַ פאָר וואָנצעס. צו מאָל בינדט ער זיך אַרום דאָס פּנים מיט אַ טיכל, ווי אַזאַ וואָס האָט ציינווייטיק. פון זיין קאָנספּיראַטיווער דירה אין געטאָ, אויף באַיאַרו־גאַס 18, גייט ער לכתּחילה כּמעט ניט אַרויס. די געלונגענע איבער־געשטאַלטיקונג קאָן מען צום טייל צושרייבן זיינע אַרטיסטישע פעיִקייטן. דאָס זיצן פאַרשטעקט אָן אַ וועלכער ניט איז טעטיקייט איז אָבער אין טיפן קעגנזאַץ צו זיין כאַראַקטער און דערדריקט זיין שטימונג[3].

---

[2] זע: י. גרנטשטיין ומ. כהנוביץ׳, „לכסיקון הגבורה — פרטיזנים ולוחמי מחתרת באיזורים מערביים של ברית-המועצות״, כרך א׳, חלק א׳, ירושלים, תשכ״ה, ז׳ 181-182.

[3] אַ ברייטערע שילדערונג וועגן חיים יעלינס טעטיקייט אין אָט דעם פּעריאָד, ווי אויך שפּעטער, ווערט געגעבן אינעם בוך פון זיין ברודער און פון זיין נאָענטסטן חבר: מ. יעלין, ד. געלפּערן, „פּאַרטיזאַנער פון קאָונאַסער געטאָ״, מאָסקווע, 1948, ז׳ 26 א״וו.

שוין אין די ערשטע טעג געטאָ, באַזונדערש אָבער אין דער פאַרהעלט־נישמעסיק „רויִקער" תקופה פון נאָך די אַקציעס, האָט ער קאָנצענטרירט אַרום זיך אַ גרופּע אַקטיוויסטן מיטן ציל צוצוגרייטן זיך צום קאַמף קעגן דער נאַצי־הערשאַפט. עס ווערט געשאַפן אַן אונטערערדישע אָרגאַניזאַציאָ־נעלע ראַם לויט אַלע כּללים פון דער קאָנספּיראַציע. חיים יעלינס אָנפירער־שאַפט באַקומט ממשותדיקן אויסדרוק, ווען ער ווערט אויסגעקליבן פאַרן סעקרעטאַר פון דער אָרגאַניזאַציע און איז באַשטימט אָנצופירן מיט די ענינים פון די קאַדרען און „ספּעציעלע פּראַגעס". דאָס באַטייט: פאַרנעמען זיך מיט די באַזונדערש וויכטיקע און געהיימע ענינים, וואָס זענען נוגע די פאַרבינדונגען מיט דער „אויסנוועלט" — מיט די אַנטינאַצי־קעמפּערס אין שטאָט און די ליטווישע קאָמוניסטן, ווען מיט זיי וועט אויפגעשטעלט ווערן דער קאָנטאַקט.

ניט געקוקט אויף דער פּערמאַנענטער סכּנה וואָס לאָקערט אויף זיין לעבן, ווערט די געוואַגטע שפּיל זיין ליידנשאַפט. נאָך דעם ווי די באַוועגונג האָט זיך אויסגעברייטערט, געשטאַרקט און זיך איינגעשאַפט אַ געוויסן געווער־אַרסענאַל, לייגט ער זיך אַריין אין קעשענע אַ רעוואָלווער, פון וועלכן ער געזעגנט זיך שוין ניט מער — ניט אין געטאָ און ניט מחוץ אירע גרע־נעצן.

אין זיין דריטן רעפּאָרטאַזש פון ציקל „באַגעגענישן און געשפּרעכן" וואָס ווערט פאַרעפנטלעכט אין דאָזיקן בוך [4], באַשרייבט חיים זיין באַגעגע־ניש און שמועס מיט דער ליטווישער דאָקטאָרין העלענע קוטאָרגענע. די דאָזיקע מוטיקע פרוי וואָס האָט מיטגעהאָלפן דער געטאָ־אונטערערד אין איר געראַנגל, איז מגלה־סוד חיימען, אַז זי פירט אַ טאָגבוך, פאַרצייכנט יעדן טאָג די שרעקלעכע ליידן פון די ייִדן. זי וווּנדערט זיך, ווי אַזוי קאָנען נאָך די ייִדן לעבן און אַפילו לאַכן... אויף אָט דער פראַגע ענטפערט איר חיים: „שפּעטער אַהין, אין געשיכטלעכער פּערספּעקטיוו וועט ווערן קלאָר דער זין פון אונדזער אָפּטימיזם".

אין אָט דער פאַרנעפּלטער און כּמעט מיסטישער תּשובה איז אפשר פאַראַנקערט דער אוראַלטער געדאַנק פון נצח־ישׂראל, וואָס האָט אין חיימען

---

[4] זע ז' 288.

געוויס געוואָרצלט נאָך פון זיין קינדהייט. ער האָט דעם געדאַנק ניט מורא אויסצודריקן זייענדיק דער אָנפירער פון אַ באַוועגונג וואָס מאַניפעסטירט אינטערנאַציאָנאַליזם.

אַזוי אָדער אַנדערש, מיר דאַכט, אַז אין וואַרפן אַ וואָרט אָדער געדאַנק איז אַ שרייבער, אַ דיכטער מערער דערלויבט איידער אַ פשוטן בשׂר־ודם. אַזעלכע אויסנעמלעכע אויסדרוקן וועט חיים נאָך לאָזן פאַלן ניט איין מאָל ביי פאַרשיידענע געלעגנהייטן און וועט אַריינברענגען אין פאַרלעגנהייט זיינע דאָקטרינאַרע חברים און אונטערגעאָרדנטע. צווישן אים און זיינע חברים קומען אויף צו מאָל חילוקי־דעות אין פּראַקטישע ענינים, ניט גע־קוקט אויף דעם וואָס ער ווערט פון אַלעמען אָנערקענט אַלס אָנפירער. די חברים, צום ביישפּיל, זענען געווען קעגן זיין אָפּטן באַוועגן זיך אין שטאָט, וואָס פלעגט אים שטעלן אין געפאַר. מען האָט געמיינט אַז עמעצער אַן אַנדערער וואָלט געקאָנט דורכפירן די אויפגאַבע. אָבער חיים, מיט זיין ברען און התלהבות, איבערצייגט אַלעמען אַז זיינע שריט זענען נייטיק און באַרעכטיקט. ער באַווירקט די חברים מיט זיין באַגייסטערונג אַפילו דע־מאָלט, ווען נאָך אַזוינע גענג אין שטאָט ברענגט ער אַריין מיט זיך אין געטאָ געווער. און דאָס איז דאָך בפירוש קעגן די כּללים פון קאָנספּיראַציע.

אין האַרבסט 1943 איז פאָרגעקומען דער גורלדיקער און דראַמאַטי־שער ווענדפּונקט. חיים האָט זיך דערשלאָגן צום פּאַרטיזאַנישן וואַלד און זיך אומגעקערט אין געטאָ. אָבער אַחוץ אַלגעמיינער אינפאָרמאַציע קאָן ער על־דעת־עצמו ניט פאָרשלאָגן קיין טעטיקייטס־פּלאַן. איצט איז ער שוין אונטערגעוואָרפן צו דער סטראַטעגיש־פּאָליטישער ליניע פון דעם פּאַרטיזאַ־נישן שטאַב און דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי, וואָס זענען פאַרטראָטן דורך אַ צאָל פּאַראַשוטיסטן, אין קאָוונע — דורך דער יידישער פרוי „אַלבינע" (געסיע גלעזער). זי קומט אַריין אין געטאָ און גיט דער אַנטיפאַשיסטישער קאַמפּס־אָרגאַניזאַציע דעם סטאַטוס פון אַ באַוועגונג, וואָס איז אָנערקענט דורך די סאָוועטישע אינסטאַנצן. אויף אָט דעם פּאַן ווערט אָנגענומען דער פאָרשלאָג „אַווגוסטאָווע", דאָס הייסט: שיקן דעם אַקטיוו פון דער געטאָ־אונטערערד אויף אַ מרחק פון ווייט איבער 150 ק"מ צו די וועלדער דרומ־דיק פון ליטע (אויף דער גרענעץ פון פּרייסן און פוילן). דאָרט האָט גע־דאַרפט אויפגעשטעלט ווערן אַ פּאַרטיזאַנישע באַזע מיט דער הילף פון סאָוועטישע פּאַרטיזאַנער.

דער מאַרש איז דורכגעפאַלן[5] און דער דורכפאַל האָט אַרויסגערופן אַ שווערן אָפּהילך אין די אָרגאַניזאַציאָנעלע און פּאָליטישע ספערעס פון דער אונטערערד אין געטאָ. די איניציאַטאָרן פון מאַרש ווערן באַשולדיקט אין אַוואַנטוריזם. אויך חיים איז געוואָרן קריטיקירט. מען איז פאַרביטערט און אַנטוישט. עס קומט אויף די געפאַר, אַז די גאַנצע ווידערשטאַנד־באַוועגונג קאָן פונאַנדערפאַלן, אויב ס׳וועט ניט געפונען ווערן קיין קאָנסטרוקטיווע אַלטערנאַטיוו פאַר אירע אַספּיראַציעס. און ווידער זענען די בליקן געווענדט צו דער צענטראַלער פיגור — צו חיים יעלין. זיין גאַנצע ענערגיע מאָביליזירט ער צו באַנייען דעם קאָנטאַקט מיטן וואַלד און צו געפינען דעם אויסוועג פאַר די הונדערטער געטאָ־קעמפערס, וואָס זענען אויסגעצ־שולט, צום טייל אויך באַוואָפנט און זיי אַלע קוקן אומגעדולדיק אויס אויפן „גרינעם ליכט”... נאָך פלייסיקער, מיט נאָך מער ברען און אַחריות שטרעבט איצט חיים מצליח צו זיין. ער נעמט אויף זיך אויפגאַבעס, וואָס ער האָט ביז איצט ניט געהאַט אויסגעפּרוווט: געפינען אַ שאָפער מיט אַ לאַסט־אויטאָ אויף אָפּצופירן מענטשן ביזן רודניצקער וואַלד, דערווערבן געווער און אינדיווידועלע אַפּראָוויזאַציע פאַר די קעמפערס, קאָאָרדינירן דאָס אַרויס־גיין פון געטאָ מיטן וואַלד און מיט די געטאָ־אַנשטאַלטן צו גלייך. עס קומען אויף צו מאָל חילוקי־דעות מיטן עלטסטן־ראַט פון געטאָ, כאָטש ער אונ־טערשטיצט די ווידערשטאַנד־באַוועגונג. חיים איז געצוווּנגען אָנצווווענדן זיין גאַנצע איבערצייגונגס־קראַפט און פערזענלעכן צויבער. מען מוז אָנ־ערקענען אַז זיינע קאָנטאַקטן מיט דער „אויסנוועלט”, בעיקר מיט דעם „מיסטעריעזן” פּאַרטיזאַנישן וואַלד אין מיזרח־ליטע, האָבן אים צוגעגעבן אַן אויסערגעוויינלעכע קראַפט־פּאָזיציע און אויטאָריטעט. ער איז זייער פּאָ־פּולער געוואָרן אין געטאָ און געווען באַגערט אומעטום. וועגן זיינע טאַטן נעמען אַרומגיין לעגענדעס. אַ דאַנק דעם געלינגט אים צו רעגולירן דעם שטרייט מיט די ציוניסטישע קרייזן אין געטאָ אין דער פראַגע פון דער

---

[5] פון 100 אָנטיילנעמערס אינעם מאַרש זענען בלויז צוויי דערגאַנגען ביזן אָנגע־מערקטן וואַלד; 40 זענען געכאַפּט געוואָרן דורך די ליטווישע און דייטשישע זיכערקייט־אָרגאַנען און אַ סך פון די אַריינגעפאַלענע זענען אומגעבראַכט געוואָרן. פּרטים אויף אָט דער טעמע זע: **צבי א. בראון, דב לוין,** „תולדותיה של מחתרת”, ז׳ 129-152.

געהעריקער פּראָפּאָרציע פון די קאַנדידאַטן אויף אַרויסצוגיין אין וואַלד. מען טאָר דערביי ניט פאַרגעסן אַז זיינע פולמאַכטן זענען באַשרענקט און ער האָט אין תוך פאַרטראָטן דעם „וואַלד״, די פּאַרטיזאַנישע קאָמאַנדשאַפט. אָפט פלעגט ער מוזן אויסשטיין אַ דרוק פוןביידע זייטן. צו דער זעלביקער צייט האָט ער ניט פאַרגעסן אַלטע פריינד און חברים פון די שוליאָרן אין דער העברעיִשער גימנאַזיע און האָט ניט פאַרלייקנט דאָס בשותּפותדיקע וואָס צווישן זיי. דער דאָזיקער פאַקט האָט אָן ספק ניט ווייניק בייגעטראָגן צום געבענטשטן גייסט פון קאָאָפּעראַציע וואָס האָט געהערשט צווישן דער קעמפערישער אונטערערד און דעם עלטעסטנראַט. גרישע שייפער וואָס איז דעמאָלט אַרויס אין וואַלד, דערציילט, אַז ביים געטאָ־טויער האָט אים חיים אַרויסבאַגלייט מיט דער ברכה: „להתראות בארץ״ (ישׂראל)[6]. חיים פלעגט זיך נוהג זיין אַליין אָנטיילצונעמען אין די הכנות צום אַרויסלאָז אין וואַלד און פלעגט זיך קימערן פאַר יעדן פּרט.

אין צווישן זענען דערגאַנגען ניט קיין אָנגענעמע ידיעות פון וואַלד. מען האָט דערציילט אַז דער אַנטיסעמיטיזם שטאַרקט זיך דאָרט. צו גלייך האָט די פּאַרטיזאַנישע אָנפירערשאַפט זיך באַקלאָגט אויף דער שוואַכער באַוואָפענונג מיט וועלכער ס׳קומען די מענטשן פון געטאָ. דאָס איז דער־גאַנגען אַזוי ווייט, אַז ווען ס׳איז אָנגעקומען אין וואַלד איינע אַ גרופּע געטאָ־קעמפערס, האָט דער קאָמיסאַר פונעם אָטריאַד אַרויסגעפּלאַצט: „ווען ס׳זאָל איצט אונטערקומען וולאַדאַס (חיימס קאָנספּיראַטיווער נאָמען), דערשיס איך אים אויף אַן אָרט! וואָס שיקט ער אַהער אומבאַוואָפנטע מענטשן, צי דען זיך אויסצובאַהאַלטן?״[7] צו דער זעלבער צייט פלעגן אין אָטריאַד אָנגענו־מען ווערן ניט קיין באַוואָפנטע געלאָפענע פון די לאַגערן קריגס־געפאַנ־גענע און סתּם ליטווינער. ס׳איז אָבער ניט געווען קיין ברירה. מען האָט געדאַרפט פאַרגלעטן דעם שטרייט צווישן דער פּאַרטיזאַנישער קאָמאַנדשאַפט און דער געטאָ, כּדי ניט צו פאַרברענען די בריקן.

---

[6] עדות צבי (גרישא) שפר, אַרכיוו „יד ושם״ 17 E, ז׳ 14.

[7] עדות רבקה גאָרדאָן, אַרכיוו „יד-ושם״ 17 E, ז׳ 15; **צבי א. בראון, דב לעווין,** „תולדותיה של מחתרת״, ז׳ 200.

אין פעברואַר 1944 לאָזט זיך חיים ווידער אין וואַלד. דאָס מאָל — מיט אַ שווער האַרץ. זיין באַזוך איז געבונדן מיט ניט קיין אָנגענעמער שליחות. ער ווערט אויפגענומען מיט אַ קילבער באַוואָרעניש און מיט שוועריקייט ווערט אים דערלויבט אַריינצוקומען אין דער באַזע פונעם אָטריאַד „אַ טויט די אָקופּאַנטן". אַ גאַנץ אַנדערע איז די באַגעגעניש מיט די קעמפערס, וועלכע ער האָט געהאַט אַרויסבאַגלייט אין וואַלד. פאַר זיי איז עס אַן אמתע איבערלעבעניש: אַלע רינגלען אים אַרום מיט פאַרערונג, דריקן אים די האַנט און לעכצן צו הערן זיינע רייד. מען איז שטאָלץ מיט אים.

און אַזוי שילדערט די פּאַרטיזאַנערין שׂרה עפּשטיין די באַגעגעניש מיט חיימען אין מיטן דער נאַכט אינעם פּאַרטיזאַנישן אָטריאַד „פאַרן פאָטערלאַנד": „מען האָט אונדז אויפגעוועקט און געזאָגט, אַז אין שטאַב איז געקומען אַ חשובער גאַסט און מען דאַרף צוגרייטן וואַרעם עסן. כאַסיע איז געווען פאַראַנטוואָרטלעך פאַר דער באַשפּייזונג פונעם שטאַב, נאָר מיר זענען געווען חברטעס, זענען מירביידע געגאַנגען... אין מאָמענט ווי מיר זענען אַריין, האָבן מיר געזען, אַז ביים טיש זיצט אַ בחור אין אַ „קאַס־קעט", אין אַ שאָפּן פעלצל, אַרומגעגאַרטלט מיט אַ רימען. זיינע וואָנצעס זענען געווען געלבלעכע. מיר האָבן געשטעלט דאָס עסן צום טיש. ווי כ׳האָב נאָר אויף אים אַ קוק געטאָן, בין איך ממש אויפגעציטערט געוואָרן. איך זע, אַז ס׳איז מיר אַ באַקאַנט פּנים. כ׳האָב מיט אים ניט געקאָנט רעדן, ניט געקאָנט פרעגן ווער ער איז. ווען כ׳בין אַרויס פון זעמליאַנקע האָב איך זיך געזאָגט אין די געדאַנקען: איך קען דעם דאָזיקן בחור. ער איז געווען מיינער אַ חבר אין נצ״ח און ער איז געווויס פון קאָוונער געטאָ. ניט פאַרביי קיין פאַר מינוט און איך הער, ווי מען רופט צו אונדז אויף ייִדיש: „מיידלעך, קומט אַהער!" ער איז צו מיר צוגעגאַנגען און געפרעגט: „שׂרהקע, געדענקסט מיך?" ענטפער איך: „יאָ, כ׳געדענק, דו ביסט חיים". ער האָט אונדז אויסגעפרעגט, ווי איז אונדזער לאַגע און ווי איז די באַ־ציִונג צו אונדז, צי מיר זענען דאָ אין אָטריאַד אַ סך ייִדן, פון וואַנען און ווי אַזוי קום איך אַהער... ער האָט זיך צוריקגעקערט אין זעמליאַנקע. אויף מאָרגן אין דער פרי איז ער אַריין צו אונדז אין זעמליאַנקע און דערציילט וועגן געטאָ. ער האָט געזאָגט, אַז ער קערט זיך אום אַהין, און אין עטלעכע

וואָכן אַרום וועט ער ווידער קומען. דאָס איז געווען דאָס לעצטע מאָל, וואָס איך האָב אים געזען״ [8].

חיימס באַזוך אין וואַלד רופט אַרויס אַ וואַרעמען אָפּהילך אין די הער־צער פון די ייִדישע פאַרטיזאַנער פון די אָטריאַדן אין דער געגנט. עס זענען פאַראַן אַזעלכע וואָס מיִען זיך צו האָבן מיט חיימען אַ באַזונדערע באַגעגע־ניש און אויסגיסן פאַר אים דאָס האַרץ וואָס ווערט צעריסן פון בענקשאַפט און פון שולדגעפיל לגבי די קרובים וואָס זענען געבליבן אין געטאָ. די ווילנער געדענקען חיימען נאָך פון זיין טעטיקייט אין פּאָליגראַפישן טרעסט. די באַגעגענישן מיט אים אין וואַלד קומען פאָר אין איַילעניש, זיי זענען צופעליקע, עפּיזאָדישע, אָבער דערוואַרעמען דאָס האַרץ. ייִדן וואָס האָבן אים פון פריִער ניט געקענט, קאָנען עד־היום ניט פאַרגעסן דעם שטאַרקן איינדרוק, וואָס האָט איבערגעלאָזט אין וואַלד „וואָלאַדאָס״, דער מענטש מיט די וואָנצעס פון קאָוונע. „וואָלאַדאָס״ — אונטער אָט דעם טיפּיש־ליטווישן נאָמען האָט פלוצעם זיך פאַר אַלעמען אַנטפּלעקט אַ פריינדלעכער מענטש און אַ שטאָלצער ייִד צו גלייך [9].

די נייגונג צו אָננעמען און בייטן אַן אויסזען כדי צו איבערראַשן מענטשן, איז געווען אין חיימען נאָך פון דער קינדהייט, ווען ער האָט אַרויס־געוויזן אַרטיסטישע פעיִקייטן. איצט איז די דאָזיקע נייגונג פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ „צווייטער נאַטור״ און האָט אים אַרויסגעהאָלפן אין ניט ווייניק שווערע, אָפט לעבנסגעפערלעכע מאָמענטן. אַזוי האָט עס מיט אים פּאַסירט, בעת ער איז צום צווייטן מאָל געקומען אין וואַלד. אָבער ניט אייביק שיינט די זון. אין איינעם אַ ביטערן טאָג איז חיים דורכגעפאַלן און אומגעקומען. און ער איז געווען ניט קיין פולע צוויי און דרייסיק.

וועגן די אומשטענדן פון זיין טויט זענען אַרומגעגאַנגען פאַרשיידענע קלאַנגען. חיימען איז געווען קלאָר אַז פון געסטאַפּאָ איז ניטאָ קיין וועג צוריק. ער האָט אויך געוווּסט אַז ער טאָר ניט אַרויסגעבן, ווער און פון וואַנען ער איז, ווייל אין קעגנפאַל וועלן די דייטשן אָנווענדן קאָלעקטיווע שטראָף אויף דער געטאָ. פאַר אַ „פאַרברעכן״ פון איינעם וועלן אומגע־

[8] עדות שרה עפשטיין-בראַונער, אַרכיוו „מכון ליהדות זמננו״ 12/158 ז׳ 51-53 (פראַגמענטירט).

[9] חיים לזר, חורבן ומרד, תל-אביב, 1950, ז׳ 252.

בראַכט ווערן טויזנטער. דורך עינויים און פאַרשיידענע צוזאָגענישן פּרוּווט געסטאַפּאָ אַרויספּרעסן פון אים דערקלערונגען. ער טענהט אַז ער האָט ניט קיין שייכות צו קאָוונער געטאָ, ער איז אַ סאָוועטישער פּאַראַשוטיסט, אַ ייִד מיטן נאָמען גערמאַן, וואָס איז געשיקט געוואָרן פון סאָוועטן־פאַרבאַנד. זיין אַרטיסטישע פעיִקייט העלפט אים, קענטיק, אויך דאָ, און די אויספאָרשערס פאַרלירן זיך. כּדי זיי פולשטענדיק צו באַווירקן דאַרף ער געבן אַן איבערצייגעוודיקן באַווייז. ער איז זיך משער, און מיט רעכט, אַז דער געסטאַפּאָ זענען שוין באַוווסט אַ סך פּרטים פון דער אונטערערד אין קאָוונע, דעצידירט ער זיך עפּעס אויסצוזאָגן, כּדי צוצוגעבן גלויבווערטיקייט זיינע רייד, און אויף אַזאַ אופן צו קאָנען פאַרהוילן דעם עיקר. ס'איז עד־היום אומבאַוווסט [10] וואָס האָט באמת פּאַסירט. קלאָר איז אָבער אַז ס'איז ניט געלונגען זיינע אויספאָרשערס אַרויסצוקריגן פון אים אַ וואָרט וועגן דער געטאָ און דער קאַמפּס־אָרגאַניזאַציע. ס'איז אַ פאַקט אַז קיינער פון זיינע מיטקעמפערס אין דער אונטערערד איז ניט אַרעסטירט געוואָרן נאָך זיין אַריינפאַל אין געסטאַפּאָ. לסוף איז משמעות נימאס געוואָרן די דייטשן די שפּיל מיטן מיסטעריעזן אַרעסטאַנט, וואָס האָט מיט זיין איינפּאַלערישקייט פאַרשטאַנען זיי צו פאַרפּלאָנטערן, און זיי האָבן אים אומגעבראַכט. עס זעט אויס אַז דאָס איז געשען אַרום דעם 25סטן מײַ 1944 אין פאָנאַר, דאָס אומקום־אָרט פון ווילנער ייִדן.

געפאַלן איז דער אָנפירער מיט דער קאַמפּס־באַוועגונג אין קאָוונער געטאָ, ווען ס'איז געלונגען אַרויסצופירן פון קנעכטשאַפט און אונטערגאַנג דעם רוב פון זיינע חברים. ביי 300 געטאָ־אסירים האָט ער אַרויסגעפירט אין וואַלד, און צווישן זיי — ניט ווייניק רומפולע קעמפערס.

חיים יעלין, ווי ער איז דאָ געשילדערט, איז ניט געווען פריי פון פעלערן. אָבער זיינע מעלות און זעלטענע אייגנשאַפטן האָבן זיי ווייט אַריבערגעוויגן. דער אויפשטייג פון זיין פערזענלעכקייט איז, ווי עס זעט אויס, געווען פאַרבונדן מיט די באַזונדערע באַדינגונגען פון דער אומגעווייטלעכער תקופה. פון אָט דעם שטאַנדפּונקט אונטערשיידט ער זיך ניט כּמעט פון

[10] וועגן די פאַרשיידענע ווערסיעס וועגן חיים יעלינס טראַגישן אומקום זע: י. גאַר, „אומקום פון דער יידישער קאָוונע״, מינכען, 1948, ז׳ 227-228.

אַנדערע אויסנעמיקע פּערזענלעכקייטן וואָס זענען אויפגעקומען אין אָט דער צייט אין ליטע און אין אַנדערע ערטער אין אייראָפּע, פּערזענלעכקייטן וואָס האָבן אָפּגעביטן די טראַדיציאָנעלע ייִדישע אָנפירערשאַפט, מחמת זי איז ניט געווען צוגעפּאַסט צו דער תקופה און צו אַזעלכע געשעענישן וואָס האָבן זיך אָפּגעשפּילט אין וואַרשע, ווילנע, ביאַליסטאָק און אַנדערע ערטער.

ניט געקוקט אויף דעם מעכטיקן און ענטוזיאַסטישן אָנטייל פון די ייִדן אין קאַמף קעגן די נאַציס, האָבן פּאַרטייִשע און מלוכהשע פאַקטאָרן אין ליטע זיך ניט געשטערט אין משך פון אַ געוויסער תקופה צו פאַרשווייגן אַ ריי ייִדישע פּערזענלעכקייטן, וואָס זענען בשעתו געווען די זיילן פון דעם אַנטינאַציאָנאַלן גערעאַנגל. פון אַזאַ דערנידעריקנדיקן גורל איז ניט אויסגעהיט געוואָרן אויך חיים יעלין. פון דעמאָלט און עד־היום ווערט דאָרט זיין נאָמען דערמאָנט מיט פּאָרזיכטיקער באַשיידנקייט [11]. אָבער זיינע חברים, חניכים און אונטערגעאָרדנטע, וואָס זענען געבליבן לעבן, דערמאָנען אים מיט אַזאַ פאַרערונג און הויכשאַצונג, וואָס גאָר ווייניק קאָוונער פּערזענלעכקייטן אין די לעצטע דורות האָבן זוכה געווען דערצו.

זכר גיבור לברכה!

---

[11] פּרטים וועגן דער טעמע זע: **דב לוין**, „השקפות מאבקה של קהילה יהודית בגלגולו של ספר סובייטי". **ילקוט מורשת**, י״ג (1971), ז' 180-182.

# אויסצוג פון אַ בריוו

...שמחתי בשמעי, כי ספר הזכרון לחיים ילין מותקן כבר לדפוס וצר לי שאיני יודע במה אוכל לכבדו מפרי עטי.

פגישתי האחת והחטופה עם חיים איננה מקור מספיק לזכ-רונות אישיים וידיעתי הישירה אינה עומדת בשום פרופורציה לרגשי ההוקרה שרחשתי לחיים ילין ז״ל מכל מה ששמעתי בשע-תו מפי חבריו היותר קרובים שהם במשתתפי הספר הזה.

אם יש מקום בקובץ — מבחינת אופיו ועריכתו — ליצירה ספרותית, ש ל א נכתבה במחשבה תחילה למטרה זו, ואינה מוק-דשת לאיש מסוים, אך יש לה קשר פנימי לזמן ולנושא, נכון אני להציע משהו משלי, בשיר ובעברית.

בברכה,

**אבא קובנר**

(איבערזעצונג)

...איך האָב זיך געפרייט צו הערן אַז דאָס אָנדענק־בוך פאַר חיים יעלין איז שוין גרייט צום דרוק. ס׳פאַרדריסט מיר הלמאי איך ווייס ניט מיט וואָס מיין פען וואָלט געקאָנט באַערן די אויסגאַבע.

מיין איינציקע צופעליקע באַגעגעניש מיט חיימען איז ניט קיין גענוגנ־דיקער מקור פאַר פערזענלעכע זכרונות, און מיין דירעקט וויסן וועגן אים שטייט ניט אין קיין שום פראָפּאָרץ צו די אָפּשאַצונג־געפילן וואָס זענען ביי מיר אויפגעקומען לגבי חיים יעלין ז״ל נאָך דעם, ווי איך האָב בשעתו געהערט וועגן אים פון זיינע נאָענטע חברים, איצט — אָנטייל־נעמערס פון דאָזיקן בוך.

נאָר קוים איז — אין זין פון כאַראַקטער און רעדאַקציאָנעלער צוגריי־טונג פון דער אויסגאַבע — יאָ פאַראַן אַן אָרט פאַר אַ ליטעראַרישער שאַ־פונג, וואָס איז במחשבה תחילה ניט געשריבן געוואָרן פאַר דעם געגעבענעם

ציל, און איז ניט געווידמעט אַ באַשטימטן מענטש, אָבער האָט אַן אינער־לעכע פאַרבונדנקייט מיט דער תקופה און דער טעמע — בין איך גרייט פאַרצושלאָגן עפּעס אייגנס — אין ליד, און אין עברית.

מיט גרוס,
אבא קאָווגער

אבא קובנר / עין־החורש

# קהלת, רבנו אבן־עזרא וזימל־קבצן

## (פואמה של־יד)

### א. הדיון

וְשָׂנֵאתִי אֶת הַחַיִּים דִּבְרֵי קֹהֶלֶת. והרב״ע אוֹמֵר
יֵשׁ חַיִּים
בִּלְשׁוֹן הַקֹּדֶשׁ שֵׁם תֹּאַר לְרַבִּים כְּמוֹ
חַיִּים כֻּלְּכֶם הַיּוֹם. וְיֵשׁ
חַיִּים שֶׁהוּא שֵׁם וְלֹא תֹּאַר כְּמוֹ
מָוֶת וְחַיִּים
וְלֹא בָא מִמֶּנּוּ יָחִיד. עַד כָּאן
רַבֵּנוּ אַבְרָהָם. וְיֵשׁ חַיִּים
מִמִּין הַיּוֹצֵא מִן הַכְּלָל. וְיֵשׁ לוֹ עָתִיד
גַּם הָיָה לוֹ עָבָר, לְמָשָׁל:
ח־ח־ח
הה

אֵלּוּ אִמּוֹת קְרִיעָה. וּכְשֶׁזֶּה בָּא
עִם תְּנוּעָה גְדוֹלָה
הַבַּלְשָׁן וְרֹב הַמְדַקְדְּקִים וְהַהוֹבְרִים
עוֹמְדִים קְצָת עֲקוּרֵי בִּינָה. רַק זִימְל־
קַבְּצָן קֻטַּע שְׁתֵּי רַגְלָיו
מִשְׁתּוֹמֵם
עוֹד הוּא עוֹמֵד שָׁם (שֶׁכֵּן אֵין לוֹמַר
יוֹשֵׁב אָדָם עַל גִּדְמוֹ) בַּכִּכָּר. פּוֹשֵׁט יָד
כְּשֶׁלְּפֶתַע הוּא חָשׁ בְּרַגְלָיו
בַּבָּא. שֶׁבָּא. שֶׁ. הִנֵּה
הוּא. מְפֹרָשׁ
וּמִמֶּנּוּ נִגְזָר. וּכְבָר
זֶה כָּאן
וּמִיָּד
הוּא שֵׁם (לִבְלִי תֹּאַר) לְרַבִּים וְלֹא יָבוֹא
גַּם לֹא יֵצֵא מִמֶּנּוּ אֶחָד.

## ב. הפעולה

כֹּה עָמַד, פּוֹשֵׁט יָד. לֹא יוֹתֵר
רַק רֶגַע אֶחָד. בְּמַטְלִית
חֲבוּשִׁים מְבוּשָׁיו. בְּמִכְנָסַיִם חֲפוּתִים
עַל בֶּטֶן שַׁכּוּלָה (שְׁתֵּי רַגְלָיו
כַּזָּכוּר הָלְכוּ בְּמִלְחֶמֶת הַצַּאר)
זִימְל־קַבְּצָן נִמְלָט לַקּוֹמָה הַשִּׁשִּׁית
בַּמַּרְזֵב הַתָּלוּי, עַל יָדָיו.

עָם. שָׁם
הָעָם עוֹד תּוֹהִים אִם מְנוּסָת
הוּא תֹּאַר גְּבוּרָה לְרַבִּים, בְּיָדַיִם קָמוֹת
אָחַז זִימְל־קַבְּצָן בַּמַּרְזֵב הָאֶחָד
הַתָּלוּי. זֵעָתוֹ בְּדָם
נְשִׁימָתוֹ סְרוּחָה. וְהָעָם רוֹאֶה
נֶאֱלָם. וְהַכֹּל
עוֹד כֻּלָּם לְמַטָּה
חַיִּים. וְעוֹלָם.

## ג. התהיָה

– זִימְל כָּאן! לִפְנֵי שֶׁיַּעֲלֶה בְּיָדָיו
לְעַכְבֵּר אֶת גּוּפוֹ הַשָּׁמֵן
בַּסֶּדֶק, בֵּין גַּג הָעוֹלָם וְקוֹרוֹת
הָאָדָם, לִפְנֵי שֶׁעוֹלֶה בְּאַפּוֹ
רֵיחוֹ הַנִּסִּי שֶׁל פַּח אַשְׁפָּה דָּשֵׁן
בְּעֲלִיָּה
שֶׁבְּקוֹמָה הַשִּׁשִּׁית, שָׁם
יַצְפִּין מֵעַתָּה זִימְל אִישׁ
אֶת חַיָּיו הַקְּטוּעִים תִּשְׁעָה יְרָחִים
תְּמִימִים
מִתְקוֹפֵף זִימְל אָדָם בְּכַרְכֹּב הַחוֹמָה
מִתְכּוֹפֵף וְרוֹאֶה לְמַטָּה
הָעָם. זִימְל רוֹאֶה וְזִימְל אוֹמֵר
לָעִיר הַטְּרוּפָה
הָהּ.

## ד. הקול

כָּעֵת חַיָּה. אֵין סָבִיב עוֹד מֵאָדָם
רַק נֶפֶשׁ חַיָּה. בַּמָּקוֹם שֶׁנּוֹעַד לְתַרְנְגוֹל־שֶׁל־עֵץ
צוֹפֶה זִימְל. סוֹבֵב סוֹבֵב
וְיָדָיו בְּרַגְלָיו. הוּא נוֹעֵץ
אֶת עֵינָיו הַמְלֵאוֹת אוֹר: עִיר רֵיקָה.

וּכְבָר אֵין דוֹמֶה:
כִּי הַפַּעַם אֵין מִי שֶׁיִּרְאֶה
אֵיךְ בַּמַּדְרֵגוֹת הַפְּרוּצוֹת
מִן הַקּוֹמָה הַשִּׁשִּׁית
מְטַלְטֵל זִימְל־קַבְּצָן אֶת גּוּפוֹ הַכָּבוּשׁ
אֶל עִיר הֶעָתִיד

רֶגַע אֶחָד! כְּמוֹ עוֹמֵד
וּבוֹכֶה. כְּנִדְהָם רוֹאֶה זִימְל
אֵיךְ זְרוֹעַ שְׂמֹאלוֹ בְּלִי מֵשִׂים
מֵהֶרְגֵל, פּוֹשֶׁטֶת לָהּ יָד –

הָיָה זֶה הָרְחוֹב הָאִלֵּם שֶׁשָּׁמַע
מִשְׁתּוֹמֵם כֵּיצַד זִימְל אֶחָד צוֹעֵק
כְּמוֹ־צוֹחֵק כְּמוֹ־זוֹעֵק     חַ
חַ
חַ
יִים

כְּנֶגֶד מַשֶּׁהוּ חַד
וּבָרִי, שֶׁאֵין לוֹ תֹּאַר, לֹא שֵׁם.
אַךְ יֵשׁ לוֹ רַבִּים. וְאוּלַי
גַּם יָחִיד.

**דוד טעפער** / מגדל־העמק

# פון אים אָנגעפירט

אין איינעם אַ פאַרנאַכט פון סעפּטעמבער 1941, ווען כ׳בין צוריק גע־קומען פון דער צוואַנגאַרבעט אויפן אַעראָדראָם און דורכגעגאַנגען דעם קאָנטראָל ביים געטאָ־טויער, האָב איך באַמערקט אַ בחור, וואָס לאָזט פון מיר ניט אַראָפּ זיין בליק. ער קוקט אויף מיר און שמייכלט. כ׳קאָן זיך אַלץ ניט כאַפּן ווער דער איז. טוט ער צו מיר אַ ווונק. כ׳בין צו אים צוגעגאַנגען.

— נו, דודקע, דערקענסט מיך ניט? — פרעגט ער.

— חיים?

—יאָ, דאָס בין איך — קומט דער ענטפער.

לאַנגע יאָרן האָבן מיר זיך ניט געזען. געקענט האָבן מיר זיך פון קרוקי, אַ שטעטל ביים ניעמאַן מיט אַ סאָסנאָוון וואַלד, ווו חיים פלעגט קומען אין די זומער־קאַניקולן צו זיינע זיידע־באָבע. שוין דעמאָלט האָט חיים גע־האַט אַ שטאַרקע צוציִונגס־קראַפט. מיר, יינגלעך, פלעגן פון אים ניט אָפּטרעטן. מיט פיל דערפינדערישקייט און איינפאַל פלעגט ער אָרגאַניזירן פאַרשיידענע שפּילן. ער פלעגט אונדז דערציילן שיינע געשיכטעס, אַרויס־געלייענטע פון ביכער, און מיר פלעגן הערן מיט אַ פאַרכאַפּטן אָטעם. בקיצור, ער איז געווען פאַר אונדז אַן אויטאָריטעט און מיר זענען גרייט געווען אים צו פאָלגן...

די דערמאָנונגען פון אַמאָל זענען פאַר מיינע אויגן דורכגעלאָפן אין יענער רגע ביים טויער. אין אַ זייטיק געסל האָט חיים מיך גענומען אויספרעגן, ווו איך האַלט זיך אויף, וואָס איך טראַכט צו טאָן, אין וואָסער בריגאַדע איך אַרבעט און וואָס מען טוט דאָרט.

איך האָב אים דערציילט, אַז מיט איניקע חדשים פאַרן אויסבראָך פון דער מלחמה האָב איך געענדיקט דינען אין דער אַרמיי.

— אַזוינע יאַטן זענען אונדז נייטיק! — טוט חיים באַגייסטערט אַ זאָג.

איך פאַרשטיי אים אויפן וווּנק און בין ממש גליקלעך צו קאָנען מעלדן:

— כ׳בין גרייט אויף אַלץ! גיין אין פייער און אין וואַסער, אויב דאָס וועט ברענגען נוצן. כ׳וועל טאָן אַלץ וואָס מען וועט פון מיר פאַרלאַנגען.

חיים האָט ווידער פילדייטיק אַ שמייכל געטאָן:

— ווי איך פיל קאָן מען זיך אויף דיר פאַרלאָזן. מירן צוטראַכטן פאַר דיר וואָס צו טאָן...

מיר האָבן אָפּגערעדט אַ טרעפונג.

כ׳בין אַריינגעצויגן געוואָרן אין דער ווידערשטאַנד־באַוועגונג.

איך האָב געאַרבעט אין אַ בריגאַדע ביי דער דייטשישער „פעלדקאָמענדאַנטור". איניקע פון אונדז זענען געווען באַשעפטיקט ביים פאַרריכטן געווער, אַנדערע — אין סקלאַדן פון קליידונג, פון מעדיצין און אַפּראָוויזאַציע. געווען איז דאָרט אויך אַ סקלאַד פון טאָפּאָגראַפישע קאַרטעס.

לכתחילה האָט חיים מיט מיר אויפגעקלערט די מעגלעכקייטן פון אַ סאַבאָטאַזש־טעטיקייט אויף אונדזער אַרבעטספּלאַץ. כ׳האָב אים דערציילט אַז נאָכן פאַרריכטן דאָס געווער קאָמפּלעקטירט מען עס, ווי אויך מעדיצין און פּראָוויאַנט, און מען שיקט פונאַנדער אין פאַרשיידענע פונקטן. מען שיקט אויך פּאַקעטן פון זאַכן און שפּייז פאַר די אָפיצירישע משפּחות אין דייטשלאַנד. מיר האָבן געאַרבעט ביים לאָדן די פּאַקעטן.

האָט חיים געשטעלט פאַר מיר די אויפגאַבע, מיר זאָלן ביים לאָדן אומבייטן די אַדרעסיר־צעטלען. אין גיכן האָב איך אים טאַקע געקאָנט מעלדן, אַז מיר האָבן קעסטלעך מיט פאַרריכט געווער, אַמוניציע און מעדיצין אָנגעלאָדן אויף אָפּטראַנספּאָרטירן צו די אָפיצירישע משפּחות אין בערלין און אַנדערע דייטשישע שטעט, און פּאַקעטן מיט זאַכן און שפּייז אָפּגעשיקט צום פראָנט...

די צווייטע אויפגאַבע, וואָס חיים האָט מיר געשטעלט איז געווען, צו לקחנען אין דעם וואָפן־וואַרשטאַט געווער און אַריינטראָגן אין געטאָ. עפּעס איז מיר יאָ באַלד געראָטן. קיין גאַנצע ביקס איז עס ניט געווען, אָבער וויכטיקע טיילן, דעם שלאָס האָב איך באַלד געקאָנט איבערגעבן חיימען. אַ צופרידענער האָט ער דעמאָלט געזאָגט:

— איצט, טייערינקער, דאַרף מען לערנען חברה זיך באַגיין מיט דעם. און טאַקע דו וועסט עס טאָן.

נאָך דעם ווי דער חבר ליאָווע שער האָט דערמאַכט צום ביקסשלאָס אַ הילצערנע קאָלבע, האָבן מיר אין אַ געהיימען קעלער געקאָנט אָנהייבן לערנען חברה שיסן און דורכפירן מיט זיי אַ מיליטערישן אינסטרוקטאַזש. מיר איז אויך געלונגען, לויט חיימס אָנווייזונג, אַוועקצושלעפּן פון די דייטשן טאָפּאָגראַפישע קאַרטעס פון ליטע און ווייסרוסלאַנד. מיט אייניקע פון זיי האָבן מיר זיך באַנוצט בעתן פּלאַנירן די מאַרשרוטן צו די וועלדער פון אַרום קאָוונע, שפּעטער — פון דרום ליטע און צו די פּאַרטיזאַנער אין רודניצקער פּושטשע.

חיים האָט מיך צונויפגעפירט מיט איינעם פון די אָנפירנדיקע טוערס פון דער ציוניסטישער אונטערערד אין געטאָ, איקע גרינבערג. מיר האָבן באַהאַנדלט פּרטים פון צוגרייטן שוצערטער פאַר די געטאָ־קעמפּערס, וואָס האָבן געדאַרפט שטעלן אַ ווידערשטאַנד אין פאַל פון דער ליקווידאַציע פון געטאָ.

בעת ס׳האָט זיך אָנגעהויבן, ווי מיר האָבן עס אָנגערופן, די „עוואַ־קואַציע״, ד״ה דאָס לאָזן זיך אין וואַלד מיט דער הילף פון לאַסט־אויטאָס, האָב איך געזאָלט אַרויס מיט דער ערשטער גרופּע. אין דער לעצטער רגע האָט מען געענדערט דאָס אָפּשטעלאָרט פון דער מאַשין, און איך האָב פאַר־שפּעטיקט צו קומען. חיים איז געווען אויף מיר שטאַרק אויפגעבראַכט, און כ׳האָב פון אים באַקומען פעפער צו שמעקן. אָבער אויך אין דעם פאַל האָט זיך באַשטעטיקט דאָס ווערטל, אַז ניטאָ דאָס שלעכטס וואָס זאָל אַ מאָל ניט אַרויס צום גוטן. עס זענען ביי מיר פאַרבליבן עטלעכע פּיסטאָלעטן און גראַנאַטעס. אַזוי ווי אין וואַלד האָבן מיר געמוזט קומען באַוואָפנט, האָט דאָס געבליבענע געווער געגעבן די מעגלעכקייט אַז אַ נייע גרופּע זאָל קאָנען באַלד גרייטן זיך אין וועג. חיים האָט באַזאָרגט אַ טראַנספּאָרט־מיטל, און דעם 23סטן דעצעמבער 1943 האָט ער אונדז, אַ גרופּע פון 17 קעמ־פערס, באַגלייט ביז אָנושאָק, ווו ס׳האָבן שוין געהערשט פּאַרטיזאַנער, און מיר זענען בשלום אָנגעקומען אין רודניצקער וואַלד, אין דער באַזע פונעם אָטריאַד „אַ טויט די אָקופּאַנטן״. דעם גאַנצן וועג האָבן מיר געהאַט אַ גוט געפיל — חיים איז מיט אונדז! זיין בייזיין האָט אויף אַ מאַגישן אופן גע־הויבן אונדזער שטימונג, געשטאַרקט דעם מוט.

מיט חיימען האָבן מיר זיך געטראָפן נאָך איין מאָל. געקומען איז ער אין וואַלד אויפקלערן פאַרשיידענע ענינים, בעיקר די אָנקלאַגעס קעגן דעם קאָמיסאַר פון אונדזער אָטריאַד, וואָס האָט אַרויסגעוויזן אַנטיסעמיטיזם און נאָך אונטערגעהעצט די פּאַרטיזאַנער. חיים האָט אונדז אַלעמען גע־דולדיק און זייער אויפמערקזאַם אויסגעהערט. מיט „יורגיסן" (ג. זימאַן), דעם קאָמאַנדיר פון אַלע פּאַרטיזאַנישע איינהייטן אין רודניצקער וואַלד, האָט ער געהאַט אַ לאַנגן שמועס. נאָך דעם האָט מען אַרויסגערופן אין שטאַב די אָנפירערס פון אונדזער אָטריאַד און זיי, קענטיק, גוט אויסגעבאָדן. די לאַגע האָט זיך געענדערט צום גוטן.

אַ דאַנק חיימען האָבן מיר, נאָך זייענדיק פאַרשפּאַרט אין געטאָ, אויפ־געהויבן דעם קאָפּ און זענען אַרויס אין אָפענעם קאַמף קעגן די נאַציס. מיר האָבן גענומען נקמה און בייגעשטייערט אונדזער באַשיידענעם טייל צום ניצחון איבער היטלערן.

**חיים לאַזאַר** / תל־אביב

# באַקאַנטשאַפט מיט חיימען

בלויז געציילטע טעג זענען מיר באַקאַנט געווען. און דאָס האָט זיך אַרויסגעוויזן פאַר גענוג, עס זאָלן אין אונדז אויפקומען קעגנזייטיקע געפילן פון פריינדשאַפט און אָפּשאַצונג.

אין רודניצקער וואַלד ווו מיר האָבן געהאַט די באַזע פון די ווילנער ייִדישע פּאַרטיזאַנישע אָטריאַדן, איז חיים אין סעפּטעמבער 1943 געקומען צוזאַמען מיט דער פּאַראַשוטיסטין „אַלבינע" (געסיע גלעזער). דאָ האָט ער געזאָלט אויפקלערן די מעגלעכקייט פון שיקן אַהער קעמפערס פון קאָוונער געטאָ. דערווייל האָט ער זיך באַקענט מיטן פּאַרטיזאַנישן אַלטאַג, אַנטייל גענומען אין עטלעכע קאַמפּס־אָפּעראַציעס, וואָס די פּאַרטיזאַנער האָבן דורכגעפירט אין דער געגנט.

איך בין געווען פון די וואָס האָבן געהאַט אַ באַזונדערן אינטערעס זיך צו טרעפן מיט חיימען, געוואָלט פון אים הערן וואָס עס טוט זיך אין קאָוונער געטאָ. כ'האָב דאָרט געהאַט אַ שוועסטער, עדה יפה, מיט איר קינד עמוס. דעם מאַן אירן האָבן ליטווישע רוצחים פאַרשלעפּט גלייך נאָכן אויסבראָך פון דער מלחמה, און ער איז ווי אין וואַסער אַריין. כ'האָב געוואָלט דורך חיימען איבערגעבן מיין שוועסטער אַ לעבעדיקן גרוס. אין קאָוונער געטאָ זענען אויך געווען אַריינגעפאַלן מיינע גוטע חברים פון בית"ר, און ס'האָט זיך געוואָלט וויסן ווי סע גייט זיי. האָב איך אומגעדולדיק געוואַרט, חיים זאָל זיך באַווייזן אין אונדזער אָטריאַד. זיין דערשיינען האָט אויף אַלעמען געמאַכט אַ רושם. האָסט תיכף געפילט, אַז פאַר דיר איז אַ מענטש וואָס שטראָמט מיט דערהויבענער גייסטיקייט צו גלייך אויך מיט אויסערגעוויינלעכן מוט. ווען דו האָסט דערפילט זיין שטאַרקן

האַנטדרוק, באַגלייט פון אַ מילדן שמייכל אויף זיין פּנים, ביסטו באַלד געקומען צום אויספיר: האָסט צו טאָן מיט אַ פּערזענלעכקייט.

כ׳האָב געוווּסט, אַז חיים איז אַ נאָענט שטייענדיקער צו די קאָמוניסטן, און אַז ער איז גרייט צו פאַרטיידיקן זיין פּאָליטישע איבערצייגונג מיטן גאַנצן ברען פון האַרץ און מיט די לאָגישסטע אַרגומענטן, וואָס זיין שאַרפער מוח איז ביכולת אַרויסצוברענגען. כ׳האָב ניט געהאַט קיין סיבה צו פאַרהוילן פון חיימען מיינע ציוניסטיש־נאַציאָנאַלע איבערצייגונגען און מיין צוגעהעריקייט צו בית״ר. די זאַך איז געווען באַוווּסט אַלעמען, איינגעשלאָסן די קאָמאַנדשאַפט פון דער פּאַרטיזאַנישער בריגאַדע. די פולשטענדיקע קעגנזעצלעכקייט פון אונדזערע ביידנס אָנשויונגען האָט אויף אַ פּאַראַדאָקסאַלן אופן ווי געדינט צו אונדזער דערנענטערונג. נאָך דער ערשטער באַגעגעניש האָבן מיר פאַרגעזעצט צו זוכן נאָך געלעגנהייטן זיך צו טרעפן און שמועסן. און די געלעגנהייטן האָבן זיך געפונען.

מיר פלעגן לאַנג דיסקוטירן. יעדערער פון אונדז איז פון לכתחילה געווען זיכער, אַז עס וועט אים ניט געלינגען אַראָפּצופירן דעם צד־שכּנגד פון זיין אויסגעקליבענעם פּאָליטישן וועג. פון דעסטוועגן האָבן מיר ניט אויפגעהערט צו פאַרטיפן אונדזער אידעאָלאָגישן שטרייט, און צו גלייך זענען פאַרטיפט געוואָרן די געפילן פון קעגנזייטיקער אַכטונג און פריינדשאַפט.

כ׳האָב געזען פאַר זיך אַ „זיידענעם יונגערמאַן" אין זיין פיר און האַלטונג. כ׳האָב אָבער אויך אַרויסגעפילט דעם שטאָל וואָס אין זיין האַרץ. די אַנטשלאָסנקייט צו פאַרווירקלעכן די צילן וואָס ער האָט זיך פאָרגענומען, האָט ווי אַריינגעשטראָמט ביטחון אין די הערצער פון די אַרומיקע. ביסט געקומען צו דער מסקנה, אַז אָט דער מענטש וועט ניט אַנטוישן. ער וועט געוויס פאַרווירקלעכן די שליחות וואָס אים איז געוואָרן אָנגעטרויט דורך זיינע חברים. געוווּסט האָבן זיי ווען זיי קלייבן אויס פאַר זייער אָנפירער, קאָמאַנדיר און וועגווייזער. די צוקונפט האָט דערוויזן, אַז זיי האָבן טאַקע ניט געהאַט קיין טעות. חיים איז געווען פון די אויסדערוויילטע יונגע מענטשן וואָס די יידישע ליטע האָט אַרויסגעגעבן, און ער האָט רעפּרעזענטירט דעם יידישן קיבוץ מיט רום און כּבוד.

חיים האָט געהאַלטן פון כּלל: זאָל איטלעך איינער לעבן לויט זיין אייגענעם געוויסן. דאָס האָט מען אַרויסגעפילט, בעת ער האָט גערעדט

וועגן מיינע חברים פון בית״ר וואָס האָבן זיך געפונען אין קאָוונער געטאָ — דער שעף פון דער ייִדישער געטאָ־פּאָליציי משה לעווין און זיין שטעל־פאַרטרעטער יהודה זופּאָוויטש. מיט העכסטער אָנערקענונג האָט ער גע־רעדט וועגן דער גרויסער הילף פון אָט די צוויי פאַר דער ווידערשטאַנד־באַוועגונג. (זיי זענען טאַקע שפּעטער אומגעקומען מיט אַ העלדנטויט אין 9טן פאָרט, פאַרן ניט אַרויסגעבן די דייטשן די טוערס פון דער ווידער־שטאַנד־באַוועגונג און די באַהעלטענישן — „מאַלינעס״ — אין געטאָ).

הגם חיים האָט געהאַט אַ קלאָרע פּאָליטישע איינשטעלונג און געהערט צו אַ פּאַרטיי וואָס האָט מיט אַלע מיטלען באַקעמפט די אַנדערש דענקענ־דיקע, איז ער אָבער אַליין געווען זייער טאָלעראַנט צו פּאָליטישע קעגנערס. ער איז געווען פון די יחידי סגולה וואָס האָבן אין יענע טעג געהאַלטן, אַז עס איז ניט די צייט זיך צו אַמפּערן און שפּאַלטן די כּוחות. פאַרקערט, מען מוז זיך קאָנסאָלידירן, פאַראייניקן צום האַרטנעקיקן קאַמף קעגן דעם נאַצישן שׂונא. באַזונדערש דאַרפן עס טאָן מיר, ייִדן. די דייטשן בדקענען דאָך ניט די פּאָליטישע צוגעהעריקייט און די וועלט־אָנשויונג פון די ייִדן, וואָס זיי האַלטן אין איין מאָרדן. מיר ווערן פאַרטיליקט בלויז דערפאַר וואָס מיר זענען ייִדן. מוז אונדזער ענטפער זיין אַן איינדייטיקער און אַנטשלאָ־סענער.

חיים האָט מיר אַ סך דערציילט וועגן מצב אין קאָוונער געטאָ, וועגן די ליידן און פּיין וואָס די ייִדן האָבן דאָרט אויסצושטיין. ער האָט אַ סך דערציילט וועגן דער ווידערשטאַנד־באַוועגונג אין געטאָ און אירע פּראָבלע־מען. אונדז איז אַן איבעריקס מאָל קלאָר געוואָרן, אַז די אונטערערד אין קאָוונער געטאָ איז געשטאַנען פאַר די זעלביקע דילעמעס ווי די פאַראיי־ניקטע פּאַרטיזאַנער־אָרגאַניזאַציע (פ.פּ.אָ.) אין ווילנער געטאָ און ווי די ווידערשטאַנד־באַוועגונגען אין אַנדערע געטאָס. בעיקר איז געווען די פראַ־גע, ווי צו רעאַגירן אויף אַקציעס. צי זאָל מען קעמפן אין געטאָ גופא, זיך פאַרטיידיקן מיט געווער, אָדער מען דאַרף זיך רייסן אין וואַלד און פון דאָרט פירן דעם קאַמף קעגן די היטלעריסטישע רוצחים. נאָך און נאָך ענינים האָבן מיר באַהאַנדלט, אַלץ פראַגעס וואָס יעדע אונטערערד האָט זיך מיט זיי שווער געראַנגלט — ווי אַזוי זיך איינשאַפן געווער און אַמו־ניציע, ווי דורכצופירן די מיליטערישע צוגרייטונג פון די קעמפערס און אַזוי ווייטער.

ווי געזאָגט, האָבן אונדזערע שמועסן אַרומגעכאַפּט אויך פּאָליטישע פּראָבלעמען. כ׳האָב דערציילט חיימען, אַז כ׳פלעג אָפּט אַרויסהייבן פּאָליטישע פּראַגעס פאַר יצחק וויטנבערגן, דעם קאָמאַנדיר פון די אונטערערד־קעמפּפערס אין ווילנער געטאָ. כ׳האָב דערציילט אַז איין מאָל זענען מיר זיך צונויפגעקומען אין צימער פונעם שטאַב פון פ.פּ.אָ.: וויטנבערג, כיענע באָראָווסקאַ און סאָניע מאַדייסקער — אַלע דריי אָרטאָדאָקסאַלע קאָמוניסטן; דער געוועזענער אָנפירער פון בית״ר אין ליטע און אין געטאָ דער שטאַב־מיטגליד פון פ.פּ.אָ. — יוסף גלאַזמאַן, און איך. דעם זעלבן טאָג האָט די אָרגאַניזאַציע זיך געהאַט דערוואָרבן אַ סאָלידן סכום געווער, האָט מען לכּבוד דער דאָזיקער געשעעניש באַשלאָסן אויסצוטרינקען אַ קעלישיק. דעם צווייטן קעלישיק האָב איך פאָרגעלייגט אויפצוהייבן לכּבוד דער יידישער מדינה אין ארץ־ישׂראל, וואָס וועט געוויס אויפקומען נאָך דער מלחמה. וויטנבערג האָט תּיכּף פּאָזיטיוו זיך אָפּגערופן אויף מיין פאָרשלאָג און אַפילו געזאָגט עטלעכע וואַרעמע ווערטער אויפן אַדרעס פון דער צו־קונפטיקער ייִדישער מלוכה...

נאָכן דערציילן עס חיימען, האָב איך אים געפרעגט, צי אויך ער וואָלט אַזוי געהאַנדלט. „געוויס, האָט חיים געזאָגט, אַ שאָד טאַקע וואָס מיר האָבן ניט קיין משקה אונטער דער האַנט. געוויס וואָלט איך אין דעם פּרט נאָכגעטאָן וויטנבערגן, הגם איך גלייב אַז די גאולה פון ייִדישן פאָלק איז געבונדן מיטן פאַרווירקלעכן דעם קאָמוניסטישן אידעאַל״.

פאַר חיימס אומקערן זיך קיין קאָוונע האָבן מיר זיך געזעגנט ווי אַלטע גוטע פריינד, ווי מיר וואָלטן זיך שוין געקענט יאָרן. דאָס דאַרף מען, פאַר־שטייט זיך, צושרייבן חיימען, זיין זעלטענעם כאַראַקטער און די טייערע אייגנשאַפטן זיינע.

אין אַ געוויסער צייט אַרום, נאָך חיימס פאַרלאָזן די פּאַרטיזאַנישע באַזע אין רודניצקער וואַלד, האָבן אָנגעהויבן קומען אַהער גרופּעס קעמפּפערס פון קאָוונער געטאָ. די געקומענע פלעגן מיר שטענדיק ברענגען גרוסן פון חיימען, און אַזוי איז אויפגעהיט געוואָרן אונדזער פריינדשאַפט ביז ס׳איז דערגאַנגען די ביטערע ידיעה וועגן זיין טראַגישן אומקום. אַ שווערער טרויער האָט אַרומגעכאַפּט די מחנה פּאַרטיזאַנער פון קאָוונער געטאָ. מיט זיי צוזאַמען האָבן געטרויערט אויך מיר, זיינע גוטע פריינד וואָס ער האָט באַוויזן זיך איינצושאַפן בעת זיין באַזוך אין אונדזער וואַלד.

חיים האָט געטיילט דעם טראַגישן גורל פון אַ סך אָנפירערס פון די אונטערערד־באַוועגונגען, ווי איציק וויטנבערג[1], יוסף גלאַזמאַן[2] און אַנדערע, וואָס האָבן זיך מקריב געווען פאַרן הייליקן ציל — דעם קאַמף אויף לעבן און טויט קעגן נאַצישן שונא.

חיימס געשטאַלט לייכט פונעם צייט־מרחק און וועט געוויס דינען ווי אַ סימבאָל און ביישפּיל פאַר די קומענדיקע דורות.

---

[1] אומגעקומען אין געסטאַפּאָ, יולי 1943.

[2] געפאַלן אין אומגלייכן קאַמף אין דער געגנט פון נאַראָטש (ווייסרוסלאַנד), יום-כיפור, תש״ד.

# אויסצוג פון אַ בריוו

...ס'איז שווער אין די ראַמען פון אַ בריוו אַלזייטיק זיך אָפּצושטעלן אויף אַזאַ געשטאַלט ווי חיים יעלין. ער איז געבליבן פאַר אונדז, זיינע מיטקעמפערס, ווי אַ סימבאָל פון דערהויבנקייט און קרישטאָל-ריינער קרבנות-גרייטקייט. עס דאַכט זיך מיר אַז יעדער איינער פון אונדז האָט עפּעס געירשנט פון חיימען, און דער „עפּעס" איז אָן שום ספק דאָס וויכטיקסטע און בעסטע אין אונדז...

אין יענע בלוטיקע טעג האָט מיר אָפּגעגליקט. איך בין אַ לענגערע צייט געווען טעטיק אין דער קאַמפּס-אָרגאַניזאַציע אונטער דעם דירעקטן אָנפיר פון חיימען. פון אים פערזענלעך באַקומען די אויפגאַבעס, און פאַר אים זיך אָפּגערעכנט. דאָס איז געווען אין דעם פעריאָד, ווען אונדזער אַרבעט האָט זיך באַזונדערש אַקטיוויזירט. איין מאַשין נאָך דער אַנדערער זענען אַוועק אין וואַלד. איך האָב געהאַט צו טאָן מיטן באַזאָרגן „טייטלען"[1], מיטן „אַרויסוואַרפן"[2] פון געטאָ און אַריינגעמען אַהער מענטשן וואָס זענען געגאַנגען אויף פאַרבינדונג מיט די אונטערערדלערס אין שטאָט. דאָס איז געווען אַ לעבנסגעפערלעך אַרבעטפעלד. כמעט שטענדיק ווען חיים פלעגט קומען פון שטאָט, האָט ער, ניט געקוקט אויף זיין גרויסער פאַרנומענקייט, ניט פאַרגעסן צו וואַרטן אויף מיר מיט מיין באַריכט. דערנאָך פלעגן מיר חבריש זיך דורכשמועסן. איך האַלט טייער אין זכרון די דאָזיקע טרעפונגען.

---

[1] ביקסן — אינעם לשון פון די געטאָ-קעמפערס.

[2] אַרויסלאָזן פון געטאָ דורכן צוים — אינעם לשון פון דער אונטערערד.

חיים האָט אין געטאָ זיך אַנטפּלעקט ווי אַ פּירנדיקער געזעל-שאַפטלעכער טוער. ווי איך מיין איז ער אויך אין געטאָ געבליבן אַ שרייבער, אַ שעפער, נאָר אין אַן אַנדערער ראָלע: ער האָט גע-שאַפן געשיכטע. דאָס שרייבן האָט ער אָפּגעלייגט אויף „דערנאָך", ווייל אויף שרייבן איז אים אין דער לעצטער געטאָ-תּקופה ניט געבליבן קיין ביסל צייט. דער מעת-לעת פאַרמאָגט דאָך בלויז 24 שעה...

אָפט מאָל פלעג איך שטוינען, פון וואַנען שעפּט דער דאָזי-קער מענטש אַזוי פיל כּוחות ביי זיין איינגעפאַלענעם קערפּער און אויסגעמאַטערטקייט... דאָס איז געווען אַ ברענענדיקער פאַקל וואָס האָט באַלויכטן אונדז דעם וועג, אונדז, די וואָס ער האָט זיי געפירט אין קאַמף און פאַר וועלכע ער איז שטענדיק גרייט געווען אָפּצוגעבן זיין לעבן.

מעגלעך אַז אַ געוויסן טייל פון זיין טיטאַנישער אַרבעט האָט חיים געקאָנט איבערגעבן אַנדערע חברים. ער האָט אָבער מורא געהאַט צו ריזיקירן מיט אַנדערע. אַ גאַנצע ריי סיבות האָבן אים באַוווויגן צו טראָגן דעם קרייץ אַליין. גרענעצלאָזע איבערגעגעבנ-קייט פאַרן הייליקן קאַמף און פאַר זיינע חברים — איז געווען דער בולטער כאַראַקטער-שטריך פון חיימען.

חיים האָט געוווּסט וועגן יעדן מיטגליד פון דער אָרגאַניזאַ-ציע און וועגן יעדן איינעם זיך געזאָרגט. מיר דערמאָנט זיך אַ קליינער עפּיזאָד.

דער הונגער האָט ווי מיט צוואַנגען געדריקט די געטאָ. אַ שטיקל ברויט איז געווען אַ זיסער חלום. איין מאָל איז אידען, מיין פרוי, געלונגען צו ברענגען פון שטאָט אַ קילאָגראַם פיש. חיים איז דעמאָלט געזעסן ביי מיר און מיר האָבן באַהאַנדלט עפּעס אַן ענין. פאַרענדיקט אונדזער געשפּרעך, זאָג איך צו אים: „איין מאָל לעבט מען, מיר וועלן עפּעס אַ הוליע טאָן! יידישע פיש!" „דאַוואַי, זאָגט חיים, נאָר מען וועט דאַרפן רופן אַראָנ-טשיקן און מאָניקן [3], זיי זענען שטענדיק הונגעריק"...

---

[3] אהרן ווילענטשוק און זלמן האָלצבערג.

הגם חיים איז אַליין געווען טויט הונגעריק, האָבן מיר זיך געזעצט עסן ערשט דעמאָלט ווען ביידע זענען געקומען און זיך געזעצט צום טיש.

נאָך אַן עפּיזאָד האָט זיך מיר איינגעקריצט אין זכּרון. צו אונדז זענען דערגאַנגען ידיעות, אַז געסטאַפּאָ איז געפאַלן אויף די שפּורן פון אַ פאַרשוין וואָס איז אויסערלעך ענלעך אויף חיימען. עס ווערט באַשלאָסן, חיים זאָל פאַרלאָזן די געטאָ און פון שטאָט פאָרזעצן זיין אַרבעט. איך בין דעמאָלט געלעגן אין געטאָ-שפּיטאָל נאָך אַן אָפּעראַציע. חיים איז געקומען צו מיר זיך געזעגענען, ניט געקוקט וואָס ער איז געווען אין אַן „אומלעגאַ-לער" לאַגע און זיין דערשיינען עפנטלעך איז פאַר אים געווען לעבנס-געפערלעך. ער האָט אָבער ניט פאַרגעסן צו באַזוכן אַ קראַנקן חבר. זיינע לעצטע ווערטער זענען דעמאָלט געווען: „זע זיך דאָ ניט לאַנג צו פאַרהאַלטן, ס'וואַרטן אויף אונדז אַזוי פיל ענינים". מיר האָבן זיך אַרומגענומען, זיך צעקושט. איך האָב אים באַגלייט מיטן בליק דורכן פענצטער פון דער פּאַלאַטע, ביז ער איז פאַרשוווּנדן אין די סלאָבאָדקער געסלעך. חיים האָט זיך שפּעטער נאָך אומגעקערט אין געטאָ, אָבער יענץ בילד וועט מיך שטענדיק באַגלייטן...

**פסח שאַטער,**
**ווילנע.**

צדוק אביתר (בליימאַן) / חיפה

# באַגעגענישן מיט חיימען

איך געדענק חיימען פון די יאָרן וואָס מיר זענען געווען תּלמידים אין דער קאָוונער העברעיִשער רעאַל־גימנאַזיע. ער — אַ מאָגערלעך בחורל, אָפּט אין קורצע הייזלעך, מיט אַ סקאָוטישן האַלדזטוך פון „השומר הצעיר". ער האָט פאַרענדיקט די גימנאַזיע אַ פּאָר יאָר פאַר מיר און איז אַוועק מיט זיין וועג...

אין 1940, בעת דער סאָוועטן־מאַכט אין ליטע, בין איך מאָביליזירט געוואָרן צום דינסט אין דער אַרמיי. רופט מיך איין מאָל דער פּאָליטרוק, ס'הייסט, דער פּאָליטישער קאָמיסאַר פון מיין טייל, און זאָגט, אַז היות ער דאַרף וואָס דרינגלעך אָפּדרוקן, זאָל איך אים העלפן, ווייל אַ סך יידן האָבן צו טאָן מיט דרוקעריי... מען האָט מיר געעצהט, איך זאָל זיך ווענדן צו חיים יעלין. און ער האָט מיר טאַקע געהאָלפן.

ביי אונדזער באַגעגעניש האָבן מיר ניט באַרירט קיין פּאָליטישע ענינים. אין מיינע אויגן איז חיים נאָך אַלץ געווען דער חבר פון „השומר הצעיר", הגם ער איז שוין לאַנג געווען אַקטיוו אין די יידישיסטיש־קאָמוניסטישע קרייזן.

כ'בין אַריינגעפאַלן אין קאָוונער געטאָ נאָכן ניצול ווערן פון דער שחיטה אין אוטיאַן. ניט אַלע האָבן אין קאָוונע געוואָלט גלייבן וואָס איך האָב דערציילט וועגן אומקום פון די יידן אין דער ליטווישער פּראָווינץ. געווען אין געטאָ אַזעלכע וואָס האָבן געמיינט, אַז דורך קנעכטישער אַרבעט און הכנעה וועלן מיר איינהאַמעווען די דייטשן און בלייבן לעבן. איך בין אָבער געווען זיכער אַז אונדזער גורל איז געחתמעט.

משלים זיין מיטן גורל? איך בין געקומען צום אויספיר אַז מען מוז אויפהייבן דעם קאָפּ, מען דאַרף זיך אָרגאַניזירן און מיט בשותּפותדיקע כּוחות זיך אַנטקעגנשטעלן די דייטשישע מערדערס.

איך מוז זאָגן דעם אמת, אַז נאָך דעם ווי די ייִדישע יוגנט־אָרגאַניזאַציעס אין ליטע האָבן מיט קיין זאַך ניט רעאַגירט אויף דעם וואָס מיט די ליטווישע ייִדן איז געשען, איז אויפגעקומען אין מיר אַ שטאַרקע פאַר־ביטערונג אויף די דאָזיקע באַוועגונגען. פון דער אַנדערער זייט בין איך אַלץ מער געוואָרן איבערצייגט, אַז מען מוז ווערן טעטיק, מען מוז זיך אַנטקעגנשטעלן די דייטשן. איך האָב געהאַלטן אַז די ווידערשטאַנד־באַוועגונג פון דער יוגנט אין געטאָ דאַרף זיין אַן אַלגעמיינע און אומפּאַרטייִשע. איר הויפּטציל מוז ווערן — ראַטעווען וואָס מער ייִדן, ווייל די נאַציס ווילן אונדז אויסראָטן.

כ׳בין געוואָרן טעטיק אין אב״צ (אירגון ברית ציון), אַ יוגנט־באַוועגונג וואָס איז אויפגעקומען נאָך בעתן סאָוועטן־רעזשים אויף דער באַזע פון דער אַלגעמיין־ציוניסטישער אידעאָלאָגיע און דער ציל איז געווען צו פירן אַ נאַציאָנאַל־אויפקלערערישע טעטיקייט און שטאַרקן ביי דער יוגנט דעם ייִדישן גייסט. אין אָט דער באַוועגונג האָב איך אָבער אין געטאָ ניט געזען קיין פּאַסיקן עלעמענט פאַר אַן עפעקטיוון קאַמף קעגן די נאַציס. דאָס זענען געווען בעיקר יוגנטלעכע וואָס זענען נאָך ניט דורכגעגאַנגען דעם מיליטער־דינסט. אַ בשותּפותדיקע שפּראַך האָב איך געפונען מיט איינעם פון די אָנפירערס פון אב״צ, איקע גרינבערג, וואָס איז געווען אַן אַספּיראַנט פון דער ליטווישער אָפיצירן־שול. מיר האָבן צוזאַמען גענומען אויפשטעלן גאַנץ דרייסטע קאַמפּספּלענער.

אין געטאָ האָט מיך, אַן איינזאַמען בחור, געהאַט מקרב געווען די משפּחה פון משה יאַקאָבסאָן. אייך אָוונט האָב איך דאָרט געטראָפן חיים יעלינען. דאָס איז געווען פאַר מיר אַן אמתע איבערראַשונג, ווייל כ׳בין געווען זיכער אַז ער האָט באַוויזן צו אַנטלויפן מיט די סאָוועטן. אויך חיים איז געווען איבערראַשט מיך צו באַגעגענען אין געטאָ.

חיים פלעגט אָפט באַזוכן די יאַקאָבסאָנס. מיר האָבן זיך דערנענטערט און שטענדיק באַרירט די פראַגע: וואָס זאָל מען טאָן? איין מאָל האָב איך אַרויסגעהויבן דעם געדאַנק, אַז מען קאָן ניט דולדן אַזאַ מצב. די ייִדן זאָרגן זיך ניט פאַר עפּעס העכערס; זיי גייט היינט אָן בלויז די הוילע

אויסקומעניש. האָט חיים אַ זאָג געטאָן: „מיר זאָרגן יאָ!" פרעג איך אים: „ווער זענען עס די „מיר"? — די רוסן, די קאָמוניסטישע פּאַרטיי?" האָט ער מיר קאָנקרעט ניט געענטפערט און בלויז געזאָגט: „זאָרג זיך ניט, ס'וועט גוט זיין!"

אין מוח האָט מיר גענומען עקבערן דער געדאַנק, אַז ס'מוז יאָ עקזיס־טירן אין געטאָ אַן אַקטיווע ווידערשטאַנד־באַוועגונג.

בינו־לבינו איז חיים גאָר פאַרשוווּנדן פון דער אייבערפלאַך. ערשט אין אַ קורצער צייט אַרום האָבן מיר זיך ווידער געטראָפן. כ'האָב אים פאַרבעטן צו זיך, אין אַן איזאָלירטן צימער, אין וועלכן כ'האָב זיך איינ־געקוואַרטירט. און ווידער האָב איך זיך באַקלאָגט פאַר חיימען, אַז מיר זיצן מיט פאַרלייגטע הענט...

איצט האָט חיים מיר פאַרטרויט אַז ער קומט פון אַ פּאַרטיזאַנישן וואַלד. ער האָט מיר דערציילט וועגן זיין אָנטייל אין קאַמפס־אָפּעראַציעס קעגן די דייטשן אין דער געגנט פון אָראַן, אַ שטעטל ווו איך האָב אַ מאָל געלעבט. דורך נאַכט זענען מיר געזעסן און געשמועסט. כ'האָב זשעדנע געשלונגען איטלעך וואָרט וועגן חיימס איבערלעבענישן אין דער פּאַרטיי־זאַנקע, און אין מיר איז אַלץ געוואַקסן דער ברענענדיקער באַגער צו דער־לעבן די רגע, איך זאָל אַליין אַהין דערגרייכן און קאָנען נעמען נקמה פאַר די ימען פאַרגאָסן ייִדיש בלוט. לסוף האָט מיר חיים אויסגעזאָגט, אַז אין געטאָ איז טעטיק אַ קאַמפס־אָרגאַניזאַציע, און מען וועט זיך שוין מיט מיר פאַרבינדן...

אויפגעמונטערט פון זיינע רייד, האָב איך אויך מאָרגן אַוועקגעאיילט צו איקע גרינבערגן און אים דערציילט וועגן מיין שמועס מיט חיימען, וואָס האָט מיך געבעטן אויפצוזוכן פאַרטרוילעכע מענטשן וואָס ווייסן, ווי זיך צו באַגיין מיט געוועער, און זיי זאָלן עס טאַקע נעמען לערנען די, וואָס קענען דאָס ניט. מיר האָבן מיט איקע גרינבערגן באַשלאָסן אויסצולייגן אויפן פּאַפּיר אונדזער מיליטעריש וויסן און עס גוט איינלערנען מיט די חברים. לויטן זכרון האָבן מיר אויפגעשריבן, ווי מען דאַרף זיך באַגיין מיט אַ האַנטגראַנאַט, מיט אַ ביקס. דעם טעקסט האָבן מיר אילוסטרירט מיט גאַנץ געלונגענע צייכענונגען.

אין עטלעכע טעג אַרום האָט זיך צו מיר געווענדט אלי ראַוזוק, אַן אָנפירנדיקער טוער פון אונטערערדישן „השומר הצעיר", און מיך געבעטן,

איך זאָל מיליטעריש צוגרייטן קעמפּערס וואָס דאַרפן אַרויסגיין אין וואַלד. אין דער ערשטער גרופּע זענען עס געווען: אלי ראַוזוק גופא, לעאָ זימאַן, יונה ראָכמאַן און אַ יונג בחורל משה לעווין (ניט צו פאַרבייטן מיטן שעף פון דער יידישער געטאָ־פּאָליציי משה לעווין).

די מיליטערישע לימודים האָט מען געדאַרפט דורכפירן שטרענג געהיים. האָבן מיר צו דעם צוועק אויסגעבויט אַ גוט פאַרמאַסקירטע באַהעלטעניש — „מאַלינע״. איין מאָל האָב איך אַהין אַראָפּגעפירט חיימען, צו ווייזן אים אונדזער „קונסטווערק״, ווו מען קאָן זיך אויך באַהאַלטן אין אַן עת־צרה. חיים האָט זיך ניט באַגייסטערט פון דער זאַך און צוגעגעבן, אַז איך וועל ניט דאַרפן אָנקומען צו דער „מאַלינע״, ווייל כ׳וועל אין גיכן אַרויסגיין אין וואַלד.

טאַקע גאָר אין גיכן האָט מען מיך אַרויסגערופן צו קומען אין אַ באַשטימטן טרעפפונקט. דאָרט האָט אויף מיר געוואַרט נחמיה ענדלין און נאָך עמעצער. מען האָט מיר געשטעלט פאַרשיידענע פראַגעס, צוגענומען אַלע פערזענלעכע דאָקומענטן און פאַמיליע־פאָטאָס [1] און געהייסן זיך גרייטן צו פאַרלאָזן די געטאָ.

אין אָוונט האָב איך געטראָפן חיימען און אים דערציילט, אַז איך גיי אַרויס אין וואַלד. ער האָט פילדייטיק אונטערגעשמייכלט. געוויס האָט ער עס געוווּסט נאָך פריִער פאַר מיר. ער האָט מיר צוגעווונטשן הצלחה און דערביי באַמערקט, אַז מירן זיך אין גיכן דאָרטן טרעפן...

ווער האָט זיך געקאָנט פאָרשטעלן, אַז דאָס איז אונדזער לעצטע באַגעגעניש.

דעם 5טן אַפּריל בין איך צוזאַמען מיט אברהם לעווין, דעם זון פונעם אומגעקומענעם שעף פון דער יידישער געטאָ־פּאָליציי, אַדורכגעקראָכן דעם געטאָצוים און זיך געלאָזט אין דעם קאָנספּיראַטיוון טרעפפונקט אויף פּואָדזשיו־גאַס 18. די שטימונג איז געווען אַ געהויבענע. כ׳האָב זיך געפילט ווי אַ באַפרייטער פון תפיסה. דערצו האָב איך געהאַט געווער!

אין דעם טרעפפונקט האָבן זיך צונויפגעקליבן איבער דרייסיק געטאָ־קעמפּערס. מיר האָבן געוואַרט אויף דער מאַשין וואָס האָט אונדז געזאָלט

[1] ביי אַ דורכפאַל זאָל מען ניט קאָנען אידענטיפיצירן דעם מענטש און זיין שייכות צו דער געטאָ.

אָפּטראַנספּאָרטירן ביז אַ הונדערט קילאָמעטער הינטער קאָוונע. מיר האָבן געוואַרט אויף חיימען וואָס האָט די מאַשין אָרגאַניזירט. פאַר נאַכט האָט ער מודיע געווען אַז ערשט מאָרגן וועט זיין אַ טראַנספּאָרט־געלעגנהייט, ווייל דער שאָפער וואָס האָט אונדז היינט געזאָלט פירן, איז אַרעסטירט...

דערווייל האָבן חשודיקע פאַרשוינען גענומען זיך דרייען אַרום דער שטוב, ווו מיר האָבן זיך געהאַט פאַרזאַמלט. מיר האָבן געמוזט זיך צעשיטן איבער די פאַרלאָזטע שטיבלעך פון אַ געטאָ־קוואַרטאַל, וואָס איז געווען גערוימט פון יידן. דאָרט האָבן מיר איבערגענעכטיקט.

אויף מאָרגן אין דער פרי, דעם 6טן אַפּריל, איז מיט חיימען געשען דאָס טראַגישע. ניט געווען קיין ברירה, מיר האָבן זיך געמוזט אַריינבאַקומען צוריק אין געטאָ...

טראַגיש האָט זיך פאַרענדיקט אַ קורצע אָבער רומפולע עפּאָפּעע פון אַ העלדישן קעמפער, וואָס איז אויפגעקומען פאַר זיין פיל געפּרוּווט פאָלק אין אַ בלוטיקער תקופה. אָן ספק געהערט אָט דער קעמפער צו די אויס־דערוויילטע פאָלקס־העלדן, וואָס אַ דאַנק זייער מסירת־נפשדיקער טעטיקייט האָבן יידישע יוגנטלעכע געקאָנט נעמען געווער אין האַנט און זיך נוקם זיין אין די היטלעריסטישע רוצחים. אויסער דער נקמה האָבן אַ סך פון זיי זיך אויך אויסגעקעמפט דאָס לעבן און די מעגלעכקייט צו דערגרייכן דעם זיכערן ברעג פון זייער באַפרייט היימלאַנד — ישׂראל.

**אַלטער פייטעלסאָן** / קרית־אונו

# חיים אין מיין זכּרון

דער ערשטער ווינטער אין קאָוונער געטאָ. אין דרויסן באַקט דער פראָסט.

ס׳איז ביטער קאַלט אינעם ענגן צימערל, ווו עס לעבט איציק יוכניקאָוו, דער אָנפירער מיט אונדזער קרייזל. מיר זיצן אין די מאַנטלען — איציק, צביה קאַמאַי און איך. באַלד דאַרף קומען אַ פאָרשטייער פון דער אָנפירונג פון דער אונטערערדישער קאַמפּס־אָרגאַניזאַציע, צו וועלכער מיר געהערן.

איציק שטעקט אַריין אין אַ פּושקע מיט גאַזאָל אַ שמאַטקע און צינדט זי אָן. דאָס קעמערל פילט זיך אָן מיט רויך און עיפּוש, אָבער ניט מיט קיין ליכט.

ס׳עפנט זיך פּלוצעם די טיר. ס׳קומט אַריין אַ בחור אין אַ קורטקע און מיט אַ פעלצן אויערן־היטל. זעצט זיך אַוועק לעבן איציקן אויפן בעטל. דער געקומענער טרעט באַלד צו צום ענין. ער אינפאָרמירט ווי מיר האַלטן אין געטאָ, וואָס עס טוט זיך אויף די פראָנטן. ווען ער רעדט וועגן די שלאַכטן, טוט ער עס מיט ברען, מיט קוראַזש. ס׳באַקומט זיך דער איינדרוק, אַז יעדע מפּלה וואָס די סאָוועטישע אַרמייען לײַדן, איז גאָר אַ ניצחון... ווו האָב איך געהערט די שטים, דעם פּאַטאָס ? אָנגעשטרענגט באַטראַכט איך דעם געקומענעם מיטן לענגלעכן פּנים, מיט די אַראָפּגעלאָזטע וואָנצעס. ער רעדט מיט אַזאַ באַגייסטערונג, מיט אַזאַ אָפּטימיזם. אין קעמערל ווערט וואַרעמער, העלער...

כ׳האָב אים דערקענט. אַנטקעגן מיר איז געזעסן חיים. געקענט האָב איך אים פון דער ביבליאָטעק „ליבהאָבער פון וויסן״, ווו כ׳האָב געלייענט ביכער...



חיים טראָגט זיך אַרום מיטן געדאַנק צו פּראָדוצירן קאַלט געווער. אינעם לויפנדיקן אינפאָרמאַציע־בולעטין ווערן די אונטערערדלערס אויפ־געפאָדערט צו קלייבן מעטאַל־פּלאַטעס. מיר שמידן אויס אין געהיים די ערשטע קירקע־העקלעך.

— קאַלט געווער, קאַלטע חלשות... — וויצלט זיך חיים.

אַריינברענגען הייס געווער אין געטאָ? שטעלן די געטאָ אין געפאַר?

חיים איז ביי דער מיינונג: יאָ הייס געווער! געטאָס זענען סיי ווי פאַר־אורטיילט אומצוקומען.

ווו נעמט מען פאָרט הייס געווער?

מען כאַפּט אין געטאָ מענטשן אויף לאָדונגס־אַרבעטן אין פינפטן פאָרט, — צו די געווער־סקלאַדן, וואָס זענען געבויט געוואָרן פון די צאַרן. דער־נאָך זענען זיי געווען אין רשות פון די ליטווינער, זענען אַריבער צו די סאָוועטן, און איצט באַלעבאַטעווען אין זיי די דייטשן. די אַרבעט איז אומ־געהייער שווער און ווערט באַגלייט פון קלעפּ פון די אויפזעערס. ניט גע־קוקט אויף דעם, לאָזן מיר זיך, גרישע שאַליט און איך, כאַפּן צום פינפטן פאָרט...

ס׳איז מיטאָגצייט. די שמירה איז לייכטער. גרישע שטייט ביים אַריינ־גאַנג פון אַ סקלאַד, איך שלייך אַריין אינעווייניק, עפן אַ קאַסטן — באָמבעס. עפן אַ צווייטן, אַ דריטן קאַסטן — אַלץ שווערע הונדערט־קילאָיִקע באָמ־בעס. קומען אין געטאָ מיט פוסטע הענט? וואָס וועט זאָגן חיים? כ׳דריי פאָרזיכטיק אָפּ דעם צינדער פון אַ באָמבע, נעם אַרויס די שמאָלע זעקע־לעך דינאַמיט און פאַק אָן מיינע קעשענעס מיט די דאָזיקע „סאָסיסקעס״...

חיים טאַפּט די זעקעלעך און שמייכלט אין די וואָנצעס...

כ׳ווער באַשטימט פאַרן געהילף־בריגאַדיר פון פינפטן פאָרט. מען כאַפּט שוין מער ניט קיין מענטשן צו דער בריגאַדע. מיטגלידער פון דער קאַמפּס־אָרגאַניזאַציע האָבן באַקומען די אָנווייזונג צו גיין אַהין אַרבעטן.

יעדן טאָג טראָגן מיר אַריין אין געטאָ און באַהאַלטן אין דער געווער־מאַלינע האַנט־גראַנאַטן, קוילן, נאַגאַנעס, טיילן פון ביקסן.

חיים פאַרבינדט מיך מיט נייע צוויי חברים: שואל פינקעל און אלי אַלקין. דאָס איז מיין ניי קרייזל. ביידע קענען זיי זיך אויס אין געווער. שואל, דער סעקרעטאַר פון קרייזל, גיט מיר איבער אַ דאַנק אין נאָמען פון „קעפּל״[1] פאַר דער גוט אויסגעפילטער אויפגאַבע.



כ׳האָב אַריינגעטראָגן אין געטאָ אַ נאַגאַן און אַ ראַקעטניצע.

און ראַקעטעס? געפונען אין סקלאַד אַ קעסטל ראַקעטעס. צי וועלן זיי פּאַסן? דער מיטגליד פון דער קאַמפּס־אָרגאַניזאַציע ירחמיאל בערמאַן נעמט איינע אויף פּראָבע, פאַרשטעקט זי אין זאַק מיט האָלץ וואָס ער טראָגט אין געטאָ. ביים געטאָ־טויער צווינגט מען אים, צום שלימזל, אויס־צושיטן דאָס האָלץ. עס קייקלט זיך אַרויס די ראַקעטע. בערמאַן ווערט אַרעסטירט.

איך לויף צו חיימען, גיב אים אָפּ די פיר האַנטגראַנאַטעס וואָס מיר איז געלונגען דורכצוטראָגן. מיר איילן ביידע צו בערמאַנען אין שטוב. צוזאַמען מיטן קאָמיטעט־מיטגליד פון דער קאַמפּס־אָרגאַניזאַציע משה שערמאַן זוכן מיר אַלץ דורך, טראָגן אַרויס בערמאַנס נאַגאַן. מיר פאַרלאָזן די שטוב צו דער רעכטער צייט. אין אַ רגע אַרום ווערט זי, לויט דער פאַראָרדענונג פון די דייטשן, אַרומגערינגלט דורך דער יידישער געטאָ־פּאָליציי.

בערמאַן ווערט אָפּגעפירט אין געסטאַפּאָ.

ס׳ווערט איבערגעגעבן די קרייזלעך דער לעצטער באַפעל פון דער אָנפירונג: די אָרגאַניזאַציע איז פונאַנדערגעלאָזן... פאַרשטייט זיך, אַז דאָס איז געמאַכט געוואָרן לפנים־וועגן, און בלויז צייטווייליק זענען אָפּגעשטעלט געוואָרן די וועכנטלעכע צונויפקומענישן פון די קרייזלעך.

---

[1] אין דער אומגאַנגשפּראַך פון די אונטערערדלערס — די אָנפירונג פון דער אָרגאַניזאַציע.

דאָס „קעפל", מיט חיימען בראש, טוט אַלץ צו ראַטעווען בערמאַנען. עס ווערן אָנגעדריקט אַלע „קנעפלעך" אינעם עלטעסטן־ראַט. מען זוכט הילף דורך ליפּצערן, דעם בריגאַדיר פון דער יִדישער בריגאַדע וואָס באַדינט די געסטאַפּאָ. צו מאָל, פאַר שוחד פלעגט זיך ליפּצער דערשלאָגן די באַפרייונג פון אַרעסטירטע ייִדן. די אָרגאַניזאַציע גיט אויף „אָפּצושמירן" די דייטשן אַ זייער ווערטפולן גאָלד־חפץ.

אין עטלעכע וואָכן אַרום איז בערמאַן באַפרייט געוואָרן.

די בריגאַדע „פינפטער פאָרט" ווערט ליקווידירט.



איך און סימע האָבן באַשלאָסן חתונה צו האָבן.

זיך דערוווּסט דערפון, האָט חיים מיך געפרעגט:

— קיין בעסערן אָרט און קיין שענערע צייט האָסטו ניט געפונען? צוצוטראַכטן וואָס־ניט־איז אָריגינעלערס ביסטו שוין ניט פעיִק?

דערנאָך נעמט ער מיר אויפוואַרפן:

— אָנשטאָט צו זוכן פאַרבינדונגען מיט פאַרטיזאַנער זוכסטו זיך צו פאַרבינדן ווער ווייסט מיט וועמען! ווי רופט מען דאָרט די „פעטליע" דיינע, וואָס דו טוסט זיך אָן אויפן האַלדז?

— סימע — זאָג איך שטיל און שולדיק — אָט זענען אירע לידער.

חיים נעמט דאָס העפטל, גיט אַ בלעטער, קוקט אַריין, טוט אַ וואָרף אויף מיר אַ בליק, ווי ער וואָלט אין מיר עפּעס וועלן אָנטאַפּן. דערנאָך פאַרטיפט ער זיך אין לייענען, שאָקלט מיטן קאָפּ, פאַרקנייטשט דעם שטערן, מאַכנדיק אַ זויערע מינע:

— געטראַכט האָב איך דיך צו קאַסטרירן, נאָר אַזוי ווי ס'איז דאָ אַ סימן פון לידער, זאָל שוין זיין — סימע.

און ווי צו זיך מורמלט ער:

— מאָדנע זאַכן קומען פאָר אויף דער וועלט. אין געטאָ, ביי אַזעלכע געפאַרן נעמט אַן ערנסט חברל און ווערט אַ נאַריש ייִנגל...

ער ציט מיר אויס זיין האַנט:

— מזל־טוב!

מיר איז אַראָפּ אַ שטיין פון האַרצן. חיים איז מסכּים!



לויט חיימס אָנווייזונג קאָנצענטרירן מיר אין אַ שטעלכל ביים מיט־גליד פון דער קאַמפּס־אָרגאַניזאַציע חנא קאַגאַן די מכשירים פון דעם געווער־וואַרשטאַט, וואָס זענען געווען צעוואָרפן אין פאַרשיידענע ערטער. מיר הייבן אָן אונדזער „פּראָדוקציע". חנא קרוינט די „אונטערנעמונג" מיטן נאָמען „קרופּס געווער־פאַבריק".

די „אונטערנעמונג" אַרבעט אין פולן טעמפּאָ. מיר פאַרברייטערן זיך און פאַרנעמען נאָך אַ שטעלכל. דאָ אַרבעטן שטענדיק די חברים: חיים ווידוצקי, משה מאַגידאָוויטש, דאָס יונגע יאַטל חיימעלע קולוויאַנסקי.

— צי וואָלט קאָנען „קרופּס פאַבריק" אויסאַרבעטן צינד־מאַשינקעס?

— פרעגט מיך איין מאָל חיים, נאָך זיין ערשטן באַזוך אין רודניצקער וואַלד. — פּאַרטיזאַנער האָבן עס זייער נייטיק...

איך ווייַז חיימען אויף די מעשענע פאָרהענג־קאַרניזן וואָס הענגען איבער די פענצטער ביי אים אין צימער. דימע געלפערן וואָס נעמט אָנטייל אין געשפּרעך, העלפט מיר מיט חיימען אַראָפּצונעמען די קאַרניזן. אויפן טומל קומט אַריין חיימס פאָטער, לייזער יעלין, און פרעגט דערשטוינט:

— וואָס טוט איר, יאַטן?

— מען דאַרף עס פאַר דער זאַך, — דערקלערט חיים.

מיר האָבן זיך אויסגעלערנט מאַכן אויך צינדמאַשינקעס.

אין דרויסן שטייט די האַנט־קוזניע — דאָס טישל מיט די גליִענדיקע שטיינקוילן. דערביי — די קאָוואַדלע. עס פליִען פונקען פונעם געשמידטן אייזן...

אָפט גייט דאָ פאַרביי מאיר יעלין, און יעדעס מאָל ווינקט ער מיר באַדייטנדיק צו מיט אויגן, פולע באַגייסטערונג.

אין געטאָ פּראָדוצירט מען געווער!



מיר גרייטן זיך צו דער נייער אויפגאַבע — אויפשטעלן אַ פּאַרטיזאַנער־באַזע אין אַוווגוסטאָווער וועלדער, וואָס געפינען זיך צו דרום פון ליטע.

די דעפּאָרטאַציע קיין עסטלאַנד וואָס איז דעם 26סטן אָקטאָבער 1943 דורכגעפירט געוואָרן אין געטאָ מיט אַ שוידערלעכער רציחה, האָט צוגעאײַלט דעם אַרויסמאַרש. דער וועג צו אַווגוסטאָווע האָט מיך מיט נאָך חברים פון דער ווידערשטאַנד־באַוועגונג געבראַכט אויפן נײַנטן פאָרט. מען האָט אונדז געצוווּנגען אויסגראָבן און פאַרברענען די טויזנטער הרוגים.

כ׳ווייס ניט צי יעזוס איז געבוירן געוואָרן אין דער ווינאַכט, מיר, די מתים־ברענערס — יאָ. מיר זענען אַנטלאָפן פון „פאָרט פון טויט״[2].

איך און נאָך אַ טייל געלאָפענע האָבן זיך אַרײַנבאַקומען דורכן צוים אין געטאָ.

אַרום הערשט אַ טויטע שטילקייט. זי ווערט צעשטערט פון אונדזערע טריט וואָס סקריפּען אין שניי. דער טרעפפונקט איז — קריקשטשוקייטשיאָ 95, ביי חיים־דוד ראַטנער. פון דאָרט ווערן מיר אַראָפּגעלאָזן אין אַ „מאַלינע״. דאָ זאַמלט מען די חברה פונעם „מאַרש״ נײַנטער פאָרט — געטאָ.

חיים איז אויך באַלד דאָ. מיר נעמען זיך אַרום. איך גיב אים אָפּ דאָס צונויפגעקליבענע דורך די חברים הייפל גאָלדענע קאַראַנקעס, וואָס די דײַטשן האָבן געצוווּנגען רײַסן בײַ די מתים. פון אונטערן אונטערשלאַק פון מײַן קורטקע נעם איך אַרויס צוויי צייכענונגען, געמאַכט פון דעם סאָוועטישן קריגס־געפאַנגענעם אַנאַטאָלי גאַרניק, אַ ייִד, קורץ פאַר אונדזער אַנטלויפן. איין צייכענונג — מיר ווייזן די דײַטשן אַ פײַג... די צווייטע — אַ סצענע פון פאַרברענען די טויטע. סיי די קאַראַנקעס סיי די צייכענונגען זענען שטאַרקע עדות קעגן די רוצחים.

איך דערצייל חיימען בקיצור וועגן אונדזער אַנטלויפן. דערצייל וועגן די חילוקי־דעות: צי מיר זאָלן פון פאָרט גיין אין געטאָ אָדער דירעקט אין וואַלד. געווען אַ מיינונג, אַז פון איין טורמע גייט מען ניט אין קיין צווייטער. איך האָב געגלייבט אין דעם כּוח פון אונדזער אָרגאַניזאַציע.

— פאַר וואָס האָסטו ניט געטאָן אַלץ, צו ברענגען אַלעמען אין געטאָ — רעדט מיר שטרענג אויס חיים — דאָס קאָן מען ניט מוחל זײַן! מיר וואָלטן הײַנט געהאַט צענדליקער געשולטע מיליטער־לײַט, קאָמאַנדירן!

---

[2] פּרטים, זע אין דאָזיקן בוך: מיכאל יצחקי (געלבטרונק), **חיים און די „פאָרט־ניקעס״**, ז...

איך שטיי מיט אַן אַראָפּגעלאָזטן קאָפּ. כ׳בין אָבער צופרידן צו הערן דעם אויסרייד וואָס ווייזט אַז דווקא אונדזער אויסגעקליבענער וועג איז געווען דער ריכטיקער.

זיך לאָזן אין וואַלד אָן געווער, אָן וועגווייזערס איז געווען אַ לייכטזין; דערצו נאָך ווייסנדיק, אַז אונדזער געטאָ־אָרגאַניזאַציע שיקט שוין קאַמפּ־גרופּעס דירעקט צו אַ פּאַרטיזאַנישער באַזע.

דעם 6טן יאַנואַר 1944 האָט אונדז חיים אַוועקגעפירט אין וואַלד צו די פּאַרטיזאַנער.

ער האָט ווידער אַ מאָל איינגעשטעלט זיין לעבן פאַר דער קאַמף־באַוועגונג.



אַ ווינטערדיקער נאָכמיטאָג. אונדזער פּאַרטיזאַנישער אָטריאַד גייט שלאָגן דעם דייטש. מיר שפּאַנען דורכן וואַלד איינער הינטערן אַנדערן. פּלוצעם — אויף אַ בערגל שטייט חיים. ער איז די טעג געווען געקומען מיט אַ שליחות פון געטאָ. באַגלייט ער אונדז מיט פּאָטערלעכער זאָרג אָבער צו גלייך מיט צופרידנקייט און שטאָלץ אין בליק: זיינע פּאַרטי־זאַנער !..

**בוסיע יעלין** / קיראַון

# זיין דרייסטע האַנט

צו מאָל דאַכט זיך, אַז ס׳איז שווער, ממש אוממעגלעך אויפצולעבן די לאַנג פאַרגאַנגענע, גרויליק־טראַגישע געשעענישן פון אונדזער לעבן. אָבער, דאָס דאַכט זיך נאָר. עס שווימען אָן זכרונות, געשטאַלטן לעבן אויף...

די געטאָ איז פאַרזונקען אין שלאָף. די בעסטע שעהען פון מעת־לעת. ווער עס קאָן נאָר, רוט. בלויז אומרויִקע מענטשן בלאָנקען אַרום איבער די פינצטערע געסלעך.

פרי פאַרטאָג אײַלט אַריין חיים. ער איז אין זיין פויערשן טולופּל, אין ברוינעם פעלצענעם היטל מיט די אַראָפּהענגענדיקע אויערלעך. ער גיט צו וויסן אַז עפּעס אומקלאָרס שוועבט אין דער לופט. עפּעס דאַרף היינט געשען אין געטאָ, עפּעס ניט־גוטס.

— גייסט, בוסיע? — פרעגט ער.

ער ווייסט מיין ציטער פאַרן גורל פון די קינדער אין געטאָ. כ׳בין איבערצייגט אַז מיר וועלן פאַרלירן אונדזערע עופעלעך, אויב ניט היינט, איז מאָרגן. כ׳בין שוין ניט איין מאָל געווען אַרויס אין שטאָט אָן די געלע לאַטעס, ריזיקירט, אָפּגעשלאָגן פרעמדע שוועלן אין זוכן הילף. כ׳פאַרשטיי חיימס לאַקאָנישע פראַגע, און ענטפער:

— געוויס גיי איך.

איך טו זיך האַסטיק אָן, פעלץ אָן וואָס עס לאָזט זיך אויף מיין שלאָפעדיק אייניאָריק מיידעלע. אין דרויסן ברענט דער פראָסט. ס׳איז סוף דעצעמבער 1941.

מיטן קינד אויף די הענט גנבען מיר זיך מיט חיימען צום געטאָ־

צוים. עס הילכן שרעקשאָסן פון די וועכטערס. אָבער אונדז שרעקט מער דער ווייסער טיפער שניי אויף ביידע זייטן צוים. ער קאָן פאַרראַטן... ס׳איז ניטאָ קיין צייט צו טראַכטן. דער פּאָסטן וואָס שפּאַנט איבער זיין וואַך־אָפּשניט, קערט זיך אום צו אונדז מיטן רוקן, שלעפּט זיך אַוועק...

חיימס דרייסטע האַנט ציט פונאַנדער די שטעכלדראָטן. איך, מיטן קינד אויף די הענט, קריך דורך דעם צוים. און פון צוים — אַריינגעשפּרונגען אין דערבײַיִקן קלויסטערל. דאָ וועל איך אָפּוואַרטן ביז אין דער פרי...

כ׳האָב באַקומען אַן אָפּדאַך ביי ליטווינער אויף לייסוועס אַלעע נר׳ 2. די שטוב געפינט זיך אַנטקעגן אַ דייטשישן מיליטערישן אַנשטאַלט. חיים — דער פויער וולאַדאַס מיט די געלע וואָנצעס — באַזוכט אונדז. ער האָט ניט קיין שטענדיקן אָרט אין שטאָט. מיר לעבן ענג, שלאָפן מיטן קינד אויף אַ שמאָל בעטל. חיים רעדט ניט פיל. אויף מאָרגן אין מיטן העלן טאָג לאָזט זיך אַריין דער „פויער" אַ שמייכלדיקער, מיט אַ בעטל אויף דער פּלייצע. פון וואַנען? גאָר פּשוט: אַוועק אויפן מאַרק, געקויפט, אַרויפגעלייגט אויף אַ דראָזשקע און געבראַכט. וועט עמעצער פון די שטאָטישע איינוווינערס חושד זיין, אַז אַ ייִד וועט טאָן אַזוינס? עס שרעקן אים ניט די דייטשישע מיליטער־לייט אין די גרינע לעדערנע מאַנטלען און גלאַנציקע שטיוול...

חיימס יוגנטלעכע דרייסטקייט האָט אים געטראָגן ווי אויף פליגל. אין זוכן פאַרבינדונגען האָט ער ניט איין מאָל אויסגענוצט מיין אָפּדאַך איבערצונעכטיקן. און טאַקע אויפן בעטל וואָס ער האָט אַזוי פאַרשייט איינגעשאַפּט זיך. די ליטווישע בעלי־בתּים זענען ניט חושד, אַז עס נעכטיקט ביי זיי נישט־סתּם אַ ייִד...

אין גיכן בין איך געצוווּנגען צו פאַרלאָזן דאָס „זיכערע" אָרט. כ׳האָב אויפגעזוכט אַ שטיקל מקום־מיקלט ביי אַן אָרעמער ליטווישער משפּחה, פראַנעוויטשיוס, אויף מאַלעטו־גאַס. דאָ האָט חיים גאָר אָפּט גענעכטיקט. פון דאַנען פלעגט אין דער פרי אַרויסגיין אַ האָלצהעקער מיט אַ זעג אַרום די לענדן, מיט אַ האַק, אַריינגעשטעקט אין רימען... ס׳איז געווען חיים. צוריקקערן פלעגט ער זיך פאַר נאַכט און פאַלן אַ מידער אויפן בעטל. געפּערלעך און מיט אָנשטרענג זענען געווען זיינע גענג אין שטאָט. דאָס איז אָבער געווען דאָס פייער, אָן וועלכן ער האָט ניט געקאָנט לעבן.

ביי די פראַנעוויטשעס האָט ער זיך באַפריינדט מיטן יונגן זון פון די

בעלי־בתּים. דער האַס צו די דייטשן האָט געבונדן, און אַזוי פּלעגן זיך נעמען וועבן אונטערערדישע פּעדעם...

ביז שפּעט אין די נעכט פּלעגט חיים דאָ זיצן און שרייבן ביי אַ פּאַר־האַנגענעם טישלאָמפּ.

עס דערמאָנט זיך, ווי איין פאַרנאַכט איז חיים אַריין אין שטוב אַ גוט אויפגעלייגטער, ווי אַ זיגער. ער דערציילט, אַז גייענדיק ביי טאָג אויף לייסוועס־אַלעע, דער קאָוונער הויפּטגאַס, טאַקע האַרט לעבן האָטעל „מע־טראָפּאָל", האָט ביי אים אין קעשענע אויסגעשאָסן דער רעוואָלווער. טוט ער וואָס אַלע פאַרבייגייערס טוען — קערט זיך אין די זייטן, אויף הינטן, זוכט מיט די אויגן — פון וואַנען קומט דער שאָס...

זיין קלאָרער שׂכל, די שנעלע אָריענטאַציע זענען געווען שטענדיק אויף אַן אָרט און צו דער געהעריקער צייט. ער איז דאָס מאָל אָפּגעקומען מיט אַ ביסל שרעק, אָבער דערפאַר איז צוגעקומען שטאָף פאַר אַ וויץ, פאַר אַ חכמהלע. דאָס איז אויך אַן ענין.

חיים איז געווען קלוג און וויציק. ס'האָט פון אים געשפּאַרט אָפּטימיזם, מיט וועלכן ער פלעגט אָנשטעקן די אַנדערע. ער האָט געהויבן דעם מוט און דעם ווילן אַנטקעגנצושטעלן זיך געפאַרן.

מיין וואָגלען פון איין ליטווישער משפּחה צו אַ צווייטער האָט אָנגע־האַלטן. חיים פלעגט זיך באַוויזן און פאַרשווינדן. ער האָט מיך אָנגערעגט צו זוכן ערטער פאַר ייִדישע קינדערלעך. בין איך געווען ביי פּראָמינענטע ליטווינער, געפּרווּוט זיי פאַראינטערעסירן מיט אונדזער טראַגעדיע. זעלטן ווער האָט זיך אָפּגערופן, און נאָך זעלטענער — מיט עפּעס קאָנקרעטס געהאָלפן.

נאָך דער אַקציע אויף עסטלאַנד, אין אָקטאָבער 1943, מאַך איך דעם לעצטן פּרווו. די משפּחה פון באַרימטן ליטווישן מאָלער און קאָמפּאָזיטאָר טשורליאָניס טוליעט אונדז צו און ראַטעוועט מיין טעכטערל. די רעטערס ווענדן זיך צום ד"ר פּיאַטראַס באַובליס, דעם דירעקטאָר פונעם ליטווישן קינדערהיים „לאָפּשיאַליס" אין סלאָבאָדקע. קאָן איך טאַקע באַלד איבער־געבן חיימען דריי געשאַפענע ערטער פאַר געטאָ־קינדער אין דעם דאָזיקן אַנשטאַלט.

איין פרימאָרגן פאָרט צו צו טשורליאָניסעס שטוב אַ לייכטע מאַשין,

געפירט פון אַ שאָפער פון גאָר אַ הויכן אַנשטאַלט. ער שטעלט זיך מיר פאָר:

— מאַזורקעוויטשיוס פון יעזנע — און דערגיט: — וולאַדאַס האָט מיר געזאָגט אַז איר דאַרפט אַהין צופאָרן...

פאַר חיימען איז אַלץ געווען מעגלעך. און דאָס — אין אַ שטאָט, ווו ער איז אויסגעוואַקסן, געלערנט, געשטודירט, געאַרבעט, און ווו אַ סך ליטווינער האָבן אים געקענט.

אין יעזנע, דעם געבורטסאָרט פון מיין פאָטער, האָב איך געטראָפן שפּליטערס־ייִדן פון די אַרומיקע שטעטלעך, צווישן זיי דעם ד״ר שלמה פּערלשטיין. ער איז געווען אַ מיטגליד פון דער קאַמפּס־אָרגאַניזאַציע און נאָכן אומגעלונגענעם פּרווו צו געפינען פּאַרטיזאַנער אין אַווגוסטאָווער וועלדער, אין וועלכן ער האָט זיך באַטייליקט, האָט ער זיך ניט צוריקגעקערט אין געטאָ און גענומען אַרומבלאָנקען אין זיינע היימישע ערטער. די פּויערים האָבן מורא געהאַט צו באַהאַלטן ייִדן, און אויף פּאַרטיזאַנישע גרופּעס וואָס זאָלן זיי אויפנעמען, האָבן די ייִדן זיך ניט אָנגעשטויסן. לסוף האָט מען אַלע אַרומבלאָנקענדיקע, מיט איין אויסנאַם, געכאַפּט און געשאָסן.

...דער 5טער אַפּריל 1944. איבער דרייסיק חברים פון דער קאַמפּס־אָרגאַניזאַציע האָבן זיך אַרויסבאַקומען פון געטאָ. זיי האָבן זיך באַהאַלטן אויף דער „אַרישער זייט" און געוואַרט אויף אַ טראַנספּאָרט־מעגלעכקייט צו דערגרייכן דעם וואַלד.

מיין מאַן, מאיר, איז אויך אַרויס פון געטאָ. מיר טרעפן זיך און גייען לויט חיימס אָנווייזונג צו דער שטוב פון דעם אונטערערד־טוער פּיאָטר טראָפּימאָוו אין סלאָבאָדקע. שוין פון וויטן דערזעען מיר אים אַ צעשראָקענעם. ער גיט צו פאַרשטיין, אַז מען שפּירט נאָך זיין שטוב און אַז קיין מאַשין וואָס זאָל פירן אין וואַלד וועט היינט ניט זיין. אַלע חברה האָבן זיך צעשאָטן איבער די בוידעמער און שטעלכלעך, צווישן די חורבות פון ערשטן געטאָ־סעקטאָר, וואָס איז גערוימט פון ייִדן. מען מוז פאַרשווינדן. עס דריקט די אָנקומענדיקע פינצטערניש, ס'איז שווער צו שטעלן אַ טראָט.

אויף צו מאָרגנס פרי... און דאָ קום איך צום שרעקלעכן פרימאָרגן פון 6טן אַפּריל 1944. איך גיי צו חיימען זיך דערוויסן וועגן טראַנספּאָרט. איך טרעף אים בעת ער גייט אַרויס פון איינעם פון זיינע אויפהאַלטס־פּונקטן אויף מאַלונאַ־גאַס. ער איילט קיין „טריקאָל", אַ כעמישע וועשעריי אויף

ווינקל לייסוועס־אַלעע און דאַוקאַנטאָ־גאַס, ווו ס׳אַרבעטן געטאָ־ייִדן, אָנ־געפירט דורך חיימס אַ נאָענטן חבר, גרישע לעווין. חיים פלעגט אויסנוצן דאָס אָרט פאַר זיינע געהיימע באַגעגענישן. אויך דאָס מאָל איַילט ער אַהין. ס׳האָט געזאָלט קלינגען אַ שאָפער. ניט געקוקט אויף דער לאַגע, וועט אפשר געלינגען אָפּפירן די חברה אין וואַלד אַריין.

צום ערשטן מאָל זע איך חיימען אין אַזאַ צושטאַנד. ער האָט געוווסט מער פון מיר, ווי געפערלעך ס׳איז דאָס מאָל זיין שליחות. עס זענען אַרעס־טירט און זיצן אין געסטאַפּאָ אַ סך אונטערערדלערס, צווישן זיי צוויי שאָפערן וואָס האָבן באמת „געזינדיקט״ — געפירט ייִדן פון געטאָ אין וואַלד. איז חיים זייער נערוועז און אומרויִק. ער טרייבט מיך ממש פון זיך, ווי ער וואָלט פילן, אַז ס׳ברענט די ערד אונטער זיינע פיס. כ׳נעם אים אָבער געאָרעמט. אַזוי, פאַרטאָן אין אַ „געמיטלעכן״ שמועס, איז זיכערער... מיר מיידן אויס די הויפּטגאַסן, מאַכן אַן אומוועג, גייען מיטן ניעמאַן־ברעג און ניט מיטן טראָטואַר. מיר קוקן אויפן וואַסער. וואַסער באַרויִקט...

איצט, ווען איך דערמאָן זיך אַלע פּרטים פון יענעם טראַגישן פרימאָרגן, פאַרשטיי איך אַז די שפּאַנונג פון יענע טעג האָט אָפּגעטעמפּט חיימס שטענדיקע וואַכזאַמקייט און אָפּגעהיטנקייט. ער האָט ניט געביטן זיין הילוך. די זעלבע שוואַרצע קורטקע, דאָס אייזנבאַן־היטל, דער פּאָרטפעל אונטערן אָרעם, פאַר וואָס ? אין פּאָרטפעל — אַ געלאָדענער רעוואָלווער. אין בוזעם־קעשענע אַ צווייטער, אַרויסצונעמען אָנשטאָט אַ דאָקומענט בעת אַן אָבלאָ־ווע... (זיין פאַרוווּנדיקטע האַנט האָט אים געשטערט שנעל אָנלאָדן אַ רע־וואָלווער, האָט ער געטראָגן צוויי.)

חיים איַילט אַריין אין „טריקאָל״. מיך לאָזט ער שטיין אין דורכגאַנג פון טויער. אַרויס איז ער אַ שייַנענדיקער:

— ס׳איז דאָ אַ שאָפער, פאַראַן אַ מאַשין! גיב איבער ווייטער...

און דאָ קומט פאָר דאָס שרעקלעכסטע. אין דער מינוט, ווי מיר שטייען אין טויער פון דער הויף־זייט, דערהערט זיך אַן אויסרוף אין ליטוויש: „הענט אין דער הייך!״

אויפן טראָטואַר, ביים צווייטן ענד פון דורכפאָר שטייט אַ ציוויל געקליידטער ליטווינער מיט אַן אָנגעצילטן אויף אונדז רעוואָלווער. מיר מיט חיימען טרעטן אָפּ איינער פון אַנדערן. אַ רגע, און ס׳הילכט אָפּ אַ שאָס. חיים פאַלט. זיין האַנט כאַפּט אַרויס דעם רעוואָלווער פון פּאָרטפעל. איך

שפּרינג אָפּ אין אַ זייט און כ׳בין געשיצט פון מויער־ווינקל. כ׳הער אַ שיסעריי, געשרייען. אַ געלאַף און ס׳ווערט שטיל. איך קריך אַרויס פונעם שטעלכל, אין וועלכן כ׳האָב זיך געהאַט אַריינגעכאַפּט. צעשראָקענע ייִדישע אַרבעטערס פון „טריקאָל״ שטייען פאַר דער טיר. כ׳דערזע די אונטערערד־טועריגס פון געטאָ, אידע שאַטער און נינע פינקלשטיין. ביידע קומען זיך צו דערוויסן וועגן טראַנספּאָרט...

און מיר דערוויסן זיך. ניט זייענדיק געטראָפן איז חיים געפאַלן. ווי שטענדיק האָט זיין אָריענטאַציע פיבערדיק געאַרבעט. ער האָט ליגנדיקער־הייט אַרויסגעכאַפּט זיין רעוואָלווער, געשאָסן און געטראָפן דעם אַגענט אין דער רעכטער האַנט. חיים איז אויפגעשפּרונגען און געלאָפן. אַרויפגעכאַפּט זיך אויף אַ שטעלכל, אַריבערגעשפּרונגען אין אַ צווייטן הויף, וואָס האָט אַרויסגעפירט אויף דער קעסטוטשיאָ־גאַס. דער אַגענט האָט אויפגעהויבן אַ טומל, שרייענדיק מען זאָל פאַרהאַלטן דעם „באַנדיט״.

טראַגיש איז געווען חיימס לעצטער געלאַף איבער קאָוונער גאַסן. פיינדלעך זענען זיי געווען. אַ גאַס מענטשן האָט אים נאָכגעיאָגט...

שיסנדיק אויף רעכטס און לינקס, טרעפנדיק אין אַ פּאָליציסט און אַ דייטש, רייסט ער זיך דורך אין הויף פון קאַפע „מאָניקאַ״, וועלכן ער האָט געקענט, ווייל ער האָט דאָרט געאַרבעט אין אַ געטאָ־בריגאַדע ביים זעגן און האַקן האָלץ. חיים האָט געוווסט וועגן אַ צווייטן אַרויסגאַנג, אָבער אַלץ איז געווען פאַרשטעלט. נאָר דאָ איז ער פאַרשוווּנדן...

איך איַיל צו די פּראַנעוויטשעס. כ׳זיץ אַ פאַרשטיינערטע. ס׳קומט אַריין זייער זון און דערציילט אויפגערעגט וועגן געיעג נאָך אַ „פּאַראַשו־טיסט״ וועלכן געסטאַפּאָ האָט לאַנג געזוכט. אין הויף פון „מאָניקאַ״ האָבן שפּירהינט אים געפונען. אָבער דאָ, ניט גלייבנדיק די אייגענע אויגן, האָט ער דערזען אַ פאַרבלוטיקטן... ס׳איז זיכער געווען וולאַדאַס. ער צווייפלט ניט אין דעם.

איך קאָן דאָ מער ניט בלייבן. לויף אָנזאָגן מאירן די שרעקלעכע בשׂורה.

ניטאָ קיין ברירה. ער מוז, ווי די אַלע איבעריקע חברה, צוריק אַריינ־גנבענען זיך אין געטאָ. וועט עס געלינגען? מיר געזעגענען זיך. אויף שטענדיק?

ס׳איז שוין פאַר נאַכט. שווער צו שטעלן אַ טראָט. די ענערגיע איז אויסגערונען...

כ׳דערגרייך די וווינונג פון דעם דאָצענט פון קאָוונער אוניווערסיטעט וו. וואַסיליאַוסקאַס. זיין פרוי האָט שוין פריִער אויסגעדריקט איר גרייט־קייט מיך צו נעמען פאַר אַן אַרבעטאָרין אין זייער גוט הינטער קאָוונע, זי האָט געוואָלט ראַטעווען אַ ייִדישע פרוי. מיין „אַריש" אויסזען, מיינט זי, וועט ברענגען אויך צו דער הסכמה פון איר מאַן מיר צו העלפן. וואַרטן מיר אויף זיין קומען. ער איַילט אין גיכן אַריין און דערציילט, קוים אָפּ־כאַפּנדיק דעם אָטעם, וועגן דער געשעעניש וואָס האָט היינט אויפגערודערט קאָוונע. מען האָט מיט שפּירהינט געפונען אין אַ קעלער פון קאַפע „מאָניקאַ" אַ סאָוועטישן פּאַראַשוטיסט מיט איבערגעשניטענע אָדערן אויף די הענט. מען האָט אים אָפּגעפירט אין שפּיטאָל פון „רויטן קרייץ"...

ווו נעמט מען כוח צו שווייגן? עס שטיקן טרערן...

די טרערן וואָס פליסן מיר איצט ביים שרייבן, בין איך זיכער, זענען עס יענע, אין יענער רגע איינגעהאַלטענע, ניט אַרויסגעפלאָסענע.

## דאָס ליד וועגן חיים יעלין

און אפֿשר איז אַזאַ ווי היינט
דער פֿרילינג-טאָג געווען,
און ס׳האָט אַ מילדע זון געשיינט,
און ער האָט זי געזען.

געזען ווי עס צעגייט דער שניי
אין פֿריילעכן געלויף;
געזען ווי איבער פֿענצטער צוויי
אין אַ באַקאַנטן הויף,

פֿאַרריכטן שוואַלבן זייער נעסט
און זינגען, און ער הערט,
זיי זאָגן, דאַכט זיך, אים: — דו זעסט,
אַהיים זיך אומגעקערט!

אוי, שוואַלבן, שוועלבעלעך, איר האָט
זיין האַרץ פֿאַרפֿולט מיט פּיין!
איר ווייסט דען ניט, ער טאָר אין שטאָט,
ביי זיך אין שטאָט ניט זיין;

ער גייט דאָ אום געהיט, געהיים,
טיף טיף זיין צער באַהאַלט,
ער האָט קיין היים — ס׳איז איצט זיין היים
דער רווישנדיקער וואַלד,

פֿון דאָרט, פֿון טיפֿעניש ער גייט,
ווייל אים איז אָנגעטרויט

די ברידער אויסלייזן פֿון לייד,
אַרויספֿירן פֿון טויט

און זאָגן: — נאַט אייַך, נעמט געווער,
אין פֿייַער-קייט פֿאַרקלעמט
דעם שׂונא-פֿייַנט, וואָס איז אַהער
געקומען פֿון דער פֿרעמד!

ער גייט דאָ אום געהיים, געהיט,
מיט פֿאָרזיכטיקן שפּאַן,
מען זוכט אים שוין, — ער איז אַ ייִד
און איז אַ פּאַרטיזאַן...

אוי, שוואַלבן, זאָגט ניט אויס דעם פֿייַנט,
אַז איר האָט אים געזען!..
און אפֿשר איז אַזאַ ווי הייַנט
דער פֿרילינג-טאָג געווען,

און אויף דער זון אַ וואָלקן-פּאַס
האָט זיך אַרויפֿגעשלייַכט,
ווען חיים האָט פֿון לייַסוועס-גאַס
פֿאַרקער'ועט צו דעם טייַך.

פֿאַרקער'ועט און דערזען די לייַט,
וואָס טשאַטעווען שוין לאַנג...
און צו דעם וואַלד איז ווייַט, שטאַרק ווייַט,
ער הערט נאָר דאָס געזאַנג

פֿון אַלטע ביימער און פֿון פֿרייַנד, —
דאָס קלינגט דער וואַלד, באַגריסט:
— יאָ, ס'איז דיר אויסגעפֿאַלן הייַנט
באַווייַזן, ווער דו ביסט!

מען רינגלט אים אַרום. אויס סוד.
„אַ צופֿאַל צי פּאַראַט?
נאָר סײַ ווי סײַ קוק צו, מײַן שטאָט,
ווי כ'האָב דיך ליב געהאַט!"

ער לויפֿט פֿון וואַנט צו וואַנט. — די ווענט,
זײ זענען שטום פֿון ווײ.
אַ שאָד, וואָס ער האָט נאָר צװײ הענט
און רעוואָלווערן צװײ!

ער שיסט. די אויגן פֿלאַמען שײן
און שמײכלען צו זײַן מויל,
נאָר אָט באַמערקט ער: אים אַלײן
פֿעלט אויס די לעצטע קויל!

זיך געבן לעבעדיק די פֿײַנט? —
נײן, דאָס וועט ניט געשען!..

. . . . . . . . . .

און אפֿשר איז אַזאַ ווי הײַנט
דער פֿרילינג-טאָג געווען,

ווען חיים האָט אַ שניט געטאָן
די אָדערן פֿון הענט
און צוגעקוקט ווי אויבנאָן
אַ וואָלקנדל דערברענט...

נײן, דאָס האָט זיך אין הימל-ראַנד
זײַן בלוטיק האַרץ געשפּרײט,
אַז ער זאָל לעבן פֿאַרן לאַנד
אַפֿילו טויטערהײט!

(פֿון לידערבוך „אויסגעלײזטע ערד",
מאָסקווע, 1948)

**משה אופניצקי** / בני־ברק

# מיט חיימען

מיר האָבן ביידע געשטודירט עקאָנאָמיע אין קאָוונער אוניווערסיטעט. חיים — אַ פּאָר קורסן העכער. נאָר אַזוי ווי אין מיין קורס איז געווען אַ גרעסערע צאָל ייִדן, האָט עס אים צו אונדז געצויגן. ער האָט געפירט מיט אונדז לעבעדיקע שמועסן וועגן פּאָליטיק, געזעלשאַפטלעכע ענינים, וועגן ליטעראַטור און קונסט. ער פלעגט פאַר אונדז פאָרלייענען זיינע סאַטירישע קופּלעטן און הומאָרעסקעס. זיי זענען געווען וויציק, שאַרפזיניק, און מיר אַלע פלעגן הנאה האָבן. עס געדענקט זיך, ווי ער האָט אונדז באַזאָרגט מיט קאָנטסקיס „פּאָליטישע עקאָנאָמיע". זענען טאַקע אונדזערע סעמעסטראַלע אַרבעטן געוואָרן אינטערעסאַנט, האָבן אַרויסגערופן דיס־קוסיעס.

מיר פלעגן זיך מיט חיימען באַגעגענען אויף פאַרזאַמלונגען פונעם פאַראיין פון אָרעמע ייִדישע סטודענטן, שפּעטער — אין ביבליאָטעק ווו ער האָט געאַרבעט, און האָבן זיך באַפריינדעט.

דערנאָך — דאָס סאָוועטישע יאָר אין ליטע און דער אויסבראָך פון דער מלחמה. פּאָגראָמען, רציחות, געטאָ, צוואַנגאַרבעט... צו דער אַרבעט אויפן אַעראָדראָם האָט שטענדיק געפעלט די צאָל מענטשן, וואָס די דייטשן האָבן געפאָדערט. האָט עס געבראַכט דערצו, אַז זיי האָבן געשאָסן אין אַ בריגאַדע ביים טויער און עס זענען געווען קרבנות. די געטאָ האָט געמוזט פאַרזיכערן די געפאָדערטע צאָל אַרבעטער. פון עלטסטן־ראָט האָב איך באַ־קומען אַ רשימה מיט אַ באַפעל צו גיין איבער די הייזער אין געטאָ און מעלדן די מענטשן צו וועלכע קאָלאָנעס זיי געהערן. אין הויז נומער 18 אויף

באַיאָרו־גאַס האָב איך געדאַרפט קאָנטראָלירן איינעם אַ חיים קאַדיסאָן, וואָס כאַפּט אונטערסימולירן. מען קאָן זיך פאָרשטעלן מיין איבערראַשונג — ס׳איז גאָר חיים יעלין!..

— ס׳איז גוט, וואָס דו ביסט געקומען — מאַכט חיים — כ׳וועל טאַקע גיין מיט דיר אויפן אַעראָדראָם שטופּן וואַגאָנעטקעס... קיינער וועט מיך דאָרט ניט זען... משהל, נאָר ניט געפאַלן ביי זיך, ס׳וועלן קומען בעסערע צייטן.

איך בין געוואָרן אַן אָפּטער אַריינגייער צו חיימען און מיר האָבן גע־פונען אַ געמיינזאַמע שפּראַך...

פאַרביי זענען צוויי בלוטיקע געטאָ־יאָרן. חיים האָט זיך געלאָזט אין רודניצקער וואַלד צו פאַרבינדן זיך מיט פּאַרטיזאַנער.

אונדז זענען אויסגעגאַנגען די כּוחות וואַרטנדיק אויף זיין צוריקקער. ס׳איז געווען אָפּגערעדט, אַז ער וועט זיך אַריינגנבענען צו אונדז אין ברי־גאַדע, און מיר וועלן אים אַריינברענגען אין געטאָ. חיים האָט זיך פאַרזאַמט. נאָך דער אַרבעט פלעג איך זיך אַריינכאַפּן צו די יעלינס הערן נייעס, און אַלץ אומזיסט. ביז איין אָוונט האָט מיך באַגעגנט בוסיע, חיימס שוועגערין, אַ שטראַלנדיקע: ער איז דאָ!

די שטימונג איז געווען אַן אָפּטימיסטישע. חיים האָט ניט געצווייפלט, אַז איצט וועלן מיר זיך ענדלעך דורכרייסן צו די פּאַרטיזאַנער.

אויף דער געטאָ האָבן זיך אָבער אין די טעג אָנגעטראָגן נייע צרות. מען האָט די ייִדן גענומען „קאַזערנירן" — פונאַנדערשלעפּן זיי אין לאַ־גערן. דעם אָוונט נאָך דער אַרויספירונג קיין עסטלאַנד, ביי דער געשפּאַנ־טער שטימונג אין געטאָ האָט די אָנפירערשאַפט פון דער קאַמפּס־אָרגאַני־זאַציע, אין קעגנזאַץ צו די כּללים פון קאָנספּיראַציע, צונויפגערופן אַ גאָר ברייטע באַראַטונג פון אירע אַקטיווסטע מיטגלידער. חיים האָט גע־געבן אַן איבערבליק איבער דער לאַגע און געמאָלדן, אַז אויב די אַקציע וועט פאָרגעזעצט ווערן, וועלן מיר מיט אונדזער ביסל הייס און קאַלט גע־ווער פּרוּוון דורכברעכן דעם צוים און זיך דורכרייסן צו די וועלדער. אויב אָבער די אַקציע וועט זיך ניט באַנייען, וועט דאָס אַרויסגיין פאָרקומען אויף אַן אָרגאַניזירטן אופן. עס איז דערקלערט געוואָרן גרייטקייט־צושטאַנד.

גלייך אויף מאָרגן האָבן מיר באַקומען דעם באַפעל זיך גרייטן צום מאַרש.

אין עטלעכע טעג אַרום האָט מיך חיים אַרויסגערופן און געזאָגט, אַז אַ קאָמאַנדיר פון איינער אַ גרופּע האָט זיך אַנטזאָגט צו גיין, שלאָגט ער מיר פאָר איבערצונעמען זיין אָרט. כ'האָב אָן קווענקלעניש צוגעשטימט.

ווי באַוווּסט איז אונדזער דעמאָלטיקער מאַרש צו די וועלדער פון אַוו־גוסטאָווע דורכגעפאַלן. חיים האָט אָבער ניט אַראָפּגעלאָזט די הענט:

— מיר האָבן ניט קיין אַנדער אויסוועג. מירן זיך ווייטער רייסן צו די וועלדער. מיר מוזן זיך דורכרייסן!

כ'געדענק ביז היינט די גענויע דאַטע, דעם 21סטן נאָוועמבער 1943, האָט מען מיר געמאָלדן, כ'זאָל קומען צו חיים־דוד ראַטנערן: חיים רופט. דאָרט האָב איך געפונען נאָך צוויי חברים. מיר וואַרטן אויף חיימען, אויך ראַטנער איז לאַנג ניטאָ. פּלוצעם באַווייזט ער זיך אַ צעטראָגענער און מעלדעט, אַז חיים איז פאַרווּנדיקט געוואָרן אין האַנט, טוענדיק אַרום וואָפן. די ווּנד איז ניט ערנסט. אין חיימס נאָמען גיט ער צו וויסן, אַז אין מוראַווע, אַ דאָרף צפונדיק פון קאָוונע, וואַרטן געשיקטע פון רודניצקער וואַלד פּאַרטיזאַנישע וועגווייזערס, און זיי וועלן אונדז אָפּפירן אַהין.

ראַטנער האָט מיר מיטגעגעבן חיימס אַ בריוו צו „יורגיסן" (ג. זימאַן), דעם קאָמאַנדיר פון די פּאַרטיזאַנישע פאָרמאַציעס אין רודניצקער וואַלד. אין בריוו ווערט אויפגעקלערט, אַז די געטאָ־אָרגאַניזאַציע קאָן ניט נאָכקו־מען אַלע פאָדערונגען פון די וועגווייזערס און פון דעם קאָמאַנדיר פונעם צוקונפטיקן אָטריאַד פון די קאָוונער פּאַרטיזאַנער. די געטאָ־קעמפערס קאָ־נען פאַרלויפיק ניט ווערן באַוואָפנט מיט ביקסן. דער אָרגאַניזאַציע איז אויך ניט געלונגען צו באַוועגן אַ דאָקטער פון געטאָ, ער זאָל זיך אָנשליסן צו דער גרופּע. דעריבער איז מען געצוווּנגען אָנצוווענדן אַ געוויסן שפּיצל. (איך האָב זיך געהאַט אַרויסגעגעבן פאַר אַ דאָקטער...) בעט חיים „יורגיסן" צו פאַרשטיין אונדזער לאַגע און זען צו פאַרגלעטן דעם ענין.

דער שלימזל האָט באַגלייט אונדזער גרופּע. ניט דערגרייכנדיק מוראַ־ווע, זענען אַריינגעפאַלן אין די לאַפּעס פון געסטאַפּאָ אבא דיסקאַנט און אַהרון ווילענטשוק. איידע פּילאָווסקי וואָס איז מיט זיי מיטגעגאַנגען, איז איינע אַליין, אָבער מיטן קערבל געווער אין האַנט, געקומען צום טרעפ־פונקט אין מוראַווע. אויפן האַלבן וועג צום וואַלד בין איך שווער פאַר־ווּנדיקט געוואָרן אין האַנט. מען האָט מיך געמוזט צוריקשיקן קיין קאָוונע.

בעת דעם ווייטערדיקן מאַרש איז אומגעקומען דער קאָמאַנדיר פון דער גרופּע אלי אַלקין.

מיט צרות בין איך אַריין אין געטאָ. אונטערן נאָמען משה סלאַוויאַנסקי האָבן מיך די חברים אַריינגעלייגט אין שפּיטאָל.

חיים איז געווען פון די ערשטע וואָס האָט מיך באַזוכט און דערמוטיקט:

— זײַ וויסן, אַז ווי נאָר ס׳ווערט דיר בעסער, גייסטו ווידער אין וואַלד. דו רעכנסט זיך פּאַר אַ פּאַרטיזאַן פון קאָוונער אָטריאַד. מיר טוען אַלץ אויסצוהיילן דיך, און ס׳וועט גוט זיין. אָט האָב איך אויך אַן ענלעכע חתונה...

כ׳בין אַרויס פון שפּיטאָל אַן אינוואַליד אויף דער רעכטער האַנט. חיים פלעגט מיך אָפט טרייסטן, אַ קלאַפּ טוענדיק איבער דער פּלייצע:

— זאָרג ניט! גלייך נאָך דער באַפרייונג פאָרן מיר היילן אונדזערע הענט אין אַ קוראָרט...

ביים קאָמפּלעקטירן די לעצטע גרופּע צום וואַלד, האָט חיים פון שטאָט געגעבן די אָנווייזונג, מיך אומבאַדינגט באַשטימען צום אָפּמאַרש.

דעם 5טן אַפּריל 1944 האָבן מיר, אַ גרופּע חברים, זיך אַרויסבאַקומען פון געטאָ און ביי אַ פּאַרטרויטן ליטווינער געוואַרט אויף דער מעגלעכקייט אָפּצוגיין אין וואַלד. אין אָוונט איז חיים צו אונדז געקומען אַ צופרידענער: מאָרגן פרי וועט זיין אַ טראַנספּאָרט! ער האָט אָנגעוויזן ווו און ווען מיר דאַרפן קומען.

— נו, געהאַלטן וואָרט? — האָט ער פאַרן אַוועקגיין גוטברודעריש צו מיר אַ זאָג געטאָן.

צו מאָרגנס, דעם 6טן אַפּריל, איז חיים דורכגעפאַלן. מיר האָבן אַלע געמוזט זיך אומקערן אין געטאָ. מיר זענען געווען פאַרלאָזט און פאַרלוירן...

איך פלעג באַזוכן חיימס שווער געטראָפענעם פאָטער. איבער זיין קאָפּ איז געהאַנגען די געפאַר, טאָמער געסטאַפּאָ אידענטיפיצירט דעם „פּאַראַ-שוטיסט" (פאַר אַזאַ האָט זיך חיים אַרויסגעגעבן). צוליב דעם האָט לייזער יעלין געביטן זיין אויפהאַלטאָרט — ווו אַ טאָג, ווו אַ נאַכט. ער האָט סטאָיִש איבערגעטראָגן דעם שרעקלעכן קלאַפּ און באַטאָנט, אַז אים איז לייכטער צו טראַכטן וועגן טויט, וויסנדיק וואָס חיים האָט געטאָן און פאַר וואָס ער האָט זיך מקריב געווען. אין פאָטער האָב איך געזען דעם מקור פון חיימס אייגנשאַפטן — זיין ליבע צום ייִדישן וואָרט און צו דער פאָלקס-קולטור, צו גלייך אויך — דעם שורש פון זיין מוט.

— מען טאָר זיך ניט לאָזן אויסשעכטן! — פלעגט זאָגן לייזער יעלין — מען מוז זיך רייסן פון געטאָ, ברעכן צוימען!

גאָר אין גיכן האָט זיך אַרויסגעוויזן אַז דאָס איז ניט געווען סתּם גערעדט.

מיט אַ גרופּע פון איבער צען מאַן האָט ער עס אויך געפּרוווט טאָן און איז געפאַלן אונטערגעקאָסיעט פונעם האָגל קוילן, וואָס די היטלעריסטישע צוים־באַוואַכונג האָט אַרויסגעלאָזט אויף די געוואַגטע ייִדן.

**יעקב שטערנבערג**

# חיים יעלין

אויף די שפּאַלטן פון „אייניקייט"[1] איז שוין געווען געשריבן וועגן דעם העלדיש אומגעקומענעם אַנטיפאַשיסטישן קעמפער אין קאָוונער געטאָ — דעם שרייבער חיים יעלין. עס לאָזט זיך ניט פאַרגעסן דער פאַרעפנט־לעכטער פּאָרטרעט זיינער — אָט דאָס אידעלע, טונקעלע, ביינערדיקע פּנים מיט קויל־שוואַרצע ייִדישע אויגן.

מיין באַגעגעניש מיט יעלינען איז פאָרגעקומען אין 1937, אין דער דעמאָלטיקער ליטווישער הויפּטשטאָט קאָוונע. פאַר מיינע אויגן שטייט אַזוי בולט סיי דער הויכער, שטאַלטנער, קרעפּטיקער „אַלטער" יעלין, דער פאָ־טער לייזער, סיי דער אין אים געראָטענער, ברויזנדיקער יונגער יעלין, דער זון זיינער מאיר, וואָס איז על־פּי־נס לעבן געבליבן, און סיי דער ניט איבע־ריק ווּוקסיקער, שמאָלפּלייציקער, אינערלעך געצוימטער און שוויַיגעריש־קלוגער חיים יעלין. „פעפערל", זאָג איך מיר היינט, ווען איך באַטראַכט אים אויפן פאָן פון זיין משפּחה־פאָטאָגראַפיע.

און ניט נאָר אויפן פאָן פון זיין משפּחה: צווישן דעם גאַנצן דעמאָל־טיקן ייִדישן שרייבער־געזינדל, בראש מיטן אומרוּיִקן דוד אומרו, וואָס איז טראַגיש אומגעקומען אין די ערשטע מלחמה־טעג, איז חיים יעלין גע־ווען דער באַשיידנסטער, דער צום ווייניקסטן הויך־ריידער, ניט געקוקט דערויף, וואָס זיין איניציאַטיוו און ענערגיע האָט ניט געפעלט ביי קיין שום געזעלשאַפטלעכער אַקציע און קולטור־אויפטו. ווער האָט אין אים, דעם

---

[1] מאָסקווער צייטונג אין יידיש, אָרגאַן פון יידישן אַנטיפאַשיסטישן קאָמיטעט ביז סוף 1948.

שטילן, מילדן און פיזיש שוואַכן אינטעליגענט, וועלכער האָט אָפּט אַפילו זיין הומאָר באַהאַלטן, געקאָנט חושד זיין אַזוי פיל קאַמפּס־האַרטנעקיקייט, אַזוי פיל אומבויגזאַמע גבורה? און דאָס איז ניט קיין צופאַל, וואָס דווקא חיים יעלין האָט אויף זיך גענומען, און מיט ערע און מסירת־נפש אויסגע־פילט די אויפגאַבע וועלכע דער באַוווסטזיין און געוויסן האָבן פאַר אים געשטעלט.



אין די קאָוונער „בלעטער 1940"[2] טרעפן מיר אין חיים יעלינס סקי־צעס אַזוינע שורות („אַ שווער לעבן"): „פאַר וואָס שפירט זיך אָבער לעווינזאָן ניט מיט אַלעמען?.. די מחשבות פאַרפּילן אים, פאַרפּילן אים אין גאַנצן מיט בלייַיִקער שווערקייט און טעמפּקייט. אָט, צום ביישפּיל, די מלח־מות: זיי גייען הונדערטער קילאָמעטער פון אים, ער קאָן זיך אָבער פון זייער איינדרוק ניט באַפרייען. ער איז טיף איבערצייגט אַז אַלץ איז גע־ווענדט קעגן אים... ער הייבט אָן קאָנטראָלירן דער וועלטס יושר: צי איז ניט גענוג פאַר אים די רוסיש־יאַפּאַנישע מלחמה מיט דער ערשטער וועלט־מלחמה? ער האָט דאָך שוין קיין כוח ניט פאַר נייע..."

אָדער: „...פריי פון האַרץ־קראַנקייטן, פריי פון שלעכטע זכרונות וועגן אַמאָל, איז איצט אונדזער הער כייַיקין פלוצעם פול מיט טיפע איבערלעבע־נישן וועגן אַלץ וואָס עס קומט פאַר אַרום אים... די ערשטע פראָנט־באַריכטן האָבן אים פאַרפולט מיט ציטער און מורא. ער איז געוואָרן אויפגערעגט און פאַרביטערט. זיין איינציקער ווונטש איז געווען: אויב מען קאָן שוין פאַר קיין פאַל ניט אַרויסדרייען זיך פון באַמבעס און זיי וועלן שוין יאָ פאַלן איבערן קאָפּ, זאָלן זיי כאָטש טרעפן ניט אים, נאָר זיין שכן..."

„אַז די אָנגעשטעלטע („הער" כייַיקין איז אַ בוכהאַלטער. — י. ש.) פלעגן, ווי דער שטייגער איז, אָנהייבן פרעגן זיין שטעלונג צו „דאָס" און צו „יענץ"... פלעגט ער זיך צעפּאָכען מיט די הענט, מיט די ליפּן, מיט די ברעמען און מיט די לאַצן פון רעקל: „איך בעט אייך, קינדער, שפּעטער, לאָזט מיך

[2] זאַמלבוך פאַר ליטעראַטור און קונסט, מלוכה-פאַרלאַג פון דער ליטווישער ססר, קאָוונע, 1940.

אויף דער ווייל. איך קאָן דאָך ניט, כ׳האָב דאָך היינט קיין פרישטיק ניט געגעסן...״ (די סקיצע „הער כײַקין״).

אָט די ציטאַטן פון חיים יעלינס הומאָריסטישע סקיצעס גיבן אונדז אין אַ געוויסער מאָס דעם שליסל צו זיין מאָראַלישער וועלט, וועלכע ער האָט, אַ פאַרשלאָסענער, געטראָגן אין זיך מיט אַזוי פיל ערנסט.

חיים יעלין האָט פון תּמיד אָן זיך געפונען אויפן קעגנזעצלעכן פּאָליוס ניט בלויז פון די „הערן לעווינזאָנס״, נאָר אויך פון די „הערן כײַקינס״. אַלץ וואָס זיי ביידן איז ניט אָנגעגאַנגען (פאַרשיידענע „אומגליקן״, מלחמות) און פון וואָס זיי ביידע האָבן מיט אַלע כּוחות זיך אויסבאַהאַלטן — „הער לעווינזאָן״ מחמת חיהשן עגאָיִזם און „הער כײַקין״ מחמת קליינמוטיקייט און קנעכטישער פּסיכאָלאָגיע, — איז אים, יעלינען, דווקא בלויז אָנגעגאַנגען. ניט זייענדיק „פריי פון האַרצקראַנקייטן״ און פון „זכרון״, ווי זיי, האָט ער געקוקט דעם שלעכטס, דעם מענטשלעכן רישעות גלייך אין די אויגן אַריין. ער האָט פאַרמאָגט „כּוח פאַר נייע מלחמות״, כּוח ניט נאָר צו לעבן און צו קעמפן, נאָר אויך צו שטאַרבן, ווען ער האָט זיך אָנגענומען אויך פאַר די לעווינזאָנס און כײַקינס, בעת זיי האָבן אין איינעם מיטן גאַנצן פאָלק זיך געפונען אין היטלערס הריגה־שטאָט.

פון אַזאַ איידעלן שטאָף איז געווען געוועבט חיים יעלינס נאָבעלער קעמפערגייסט, זיין אָפּפערווויליקער הומאַניזם, זיין אומדערשיטערטע גבורה, זיין גרויסע ליבע צו זיין פאָלק און צו דער גאַנצער ליידנדיקער מענטשהייט.



חיים יעלין איז לויטן אוקאַז פונעם אויבער־סאָוועט פון פּסדר באַלוינט געוואָרן מיטן אָרדען „פאָטערלענדישע מלחמה, ערשטע מדרגה״. מיר זענען מחויב אַרויסצוּווייזן אַ וואַרעמען אינטערעס פאַר יעלינס ליטעראַרישער ירושה, אַריינקוקן אין זיינע איבערגעבליבענע כּתב־ידן, אָפּקלייבן און אַרויסגעבן דאָס ווערטפולסטע, אָנשרייבן אַ מאָנאָגראַפיע וועגן אים און זיין שאַפן.

(„איינִיקייט״, 13טער סעפּטעמבער 1945)

מאיר יעלין / קיראון

# חיים פון דער נאָענט

## דאָס לעצטע מיטל

שוין דאָס דריטע מעת־לעת ווי מיר אַנטלויפֿן פון די היטלעריסטן, פֿאַרפּאָלגטע דורך זייערע לופֿט־שפּאַרבערס. גאָר נידעריק לאָזן זיי זיך אַראָפּ און באַשיסן די אָפּטרעטנדיקע רויטאַרמייִשע טיילן און דעם שטראָם ציווילע פּליטים וואָס פֿאַרפּלייצט דעם שאָסיי.

דריי נעכט האָבן מיר כּמעט קיין אויג ניט צוגעטאָן. און ביי טאָג האָט געגנאָגט די אומברחמנותדיקע סמאָליענדיקע יוני־זון. די פֿיס זענען געשוואָלן, שפּאַרן פֿונאַנדער דעם צעטראַמפּלטן שוכוואַרג. דער דולער קאָפּ האַלט זיך קוים אויף די פּלייצעס, און די אויגן זשמורען זיך ווייטיקדיק, ווי מען וואָלט אין זיי שיטן הייסן זאַמד.

אויסגעשעפּטע דערגרייכן מיר אַ שטעטל, מאַכן אַן אָפּשטעל אין אַ ליידיק שטיבל, וואָס אירע איינוווינערס האָבן עס פֿאַרלאָזט. שטיל ווערט פּלוצעם רינגסאַרום, ווי דאָס לעבן און דער קאָכיקער געברויז פֿונעם פֿראָנט וואָלטן פֿון עפּעס געפּלעט געוואָרן. נאָר דאָ רייסט אויף די שטילקייט אַ דומפּ געברום וואָס פֿאַרוואַנדלט זיך באַלד אין אַ גרילציק רעווען.

כ'לויף צו צום פֿענצטער און דערזע: טאַנקען, ווי אומגעהייערע גרין־שוואַרצע טשערעפּאַכעס פֿויזען. זייערע שנוקעס זענען איבערגעדעקט מיט האַקנקרייץ־פֿאָנעס און מיט רויט־גרין־געלע ליטווישע פֿאָנעס. כ'שפּרינג אָפּ פֿון פֿענצטער מיט פֿאַרבראָכענע הענט און צעשריי זיך:

— דייטשן! דייטשן!

די ווענט פונעם שטיבל ווערן אויפגעציטערט פון אַ מוראדיקן שטויס. אַ שטובווינקל, קענטיק, פאַרטשעפּעט פון אַ טאַנק, לאָזט זיך אַראָפּ מיט אַ קרעכץ, און אויף אונדזערע קעפּ נעמען פאַלן שטיקער טינק. שטויב, ווי אַ געדיכטער עסעריקער רויך, פאַרפולט דאָס צימער.

— דייטשן! מיר זענען אַריינגעפאַלן! — שריי איך נאָך אַלץ, ווי גע־רירט פון זינען און כאַפּ זיך צו מיינע ראַזיר־מכשירים, וואָס כ׳האָב גע־האַט אַריינגעלייגט אין קעשענע פאַרן לאָזן זיך אין וועג. אַרויסגעכאַפּט אַ ראַזיר־מעסערל, פאַרמעסט איך זיך אויף די אָדערן פון דער לינקער האַנט...

כ׳דערפיל שניידיק־שאַרפע קלעפּ אין די מוסקולן, העכער פונעם עלנ־בויגן, און דערהער דעם ברודער חיימס אויפגעהויבענע שטים:

— ביסט משוגע? חסר־דעה?!

מיט כוח פאַרדרייט ער מיר די הענט אויף הינטן און מוסרט מיך:

— ווייסט ניט באַווייזן, וואָס? אַזוינס איז גוט צו דער צייט... נאָך צו פרי אָנצוקומען צום לעצטן מיטל.

מיר קוקן זיך שווייגעוודיק אָן. טרערן נעמען רינען פון מיינע אויגן...

— זײַ ניט בייז אויף מיר — טוט חיים שולדיק אַ שעפּטשע — אָבער די בריטוועס גיב אָפּ!

ער נעמט צו און שטופּט אַריין אין זיין רעקל־קעשענע מיינע ראַזיר־מכשירים...

ווער האָט דעמאָלט געקאָנט פאָרויסזען, אַז אין קנאַפּע דריי יאָר אַרום וועט חיים אין אַן אומפאַרגלייכלעך טראַגישערן מצב זיך ווענדן צום זעל־ביקן לעצטן מיטל, כּדי ניט אַריינצופאַלן אַ לעבעדיקער צום שׂונא?..

## ניט קיין באַצווונגענער

מיר האָבן אַרומגעוואָגלט איבער וועלדער און פעלדער עטלעכע וואָכן, מורא האָבנדיק זיך צונויפצושטויסן מיט מענטשן און אויסגעמיטן דעם טויט, וואָס האָט געקאָסיעט די ליטווישע ייִדן. מיט אַ נס האָבן מיר אַריינ־געטראָגן אונדזער הויל לעבן הינטערן שטעכלדראָט פון קאָוונער געטאָ.

אין מיטן אויגוסט איז די געטאָ אָפּגעשלאָסן געוואָרן — ניט אַריין, ניט אַרויס. די נאַציס זענען צוגעטראָטן צו זייער פּלאַנירטער אויסראָט־אַרבעט. קודם־כּל האָבן זיי גענומען באַרויבן דעם קרבן. די געטאָ־אסירים איז באַפוילן געוואָרן אָפּצוגעבן זייער אייגנס — געלט און ווערטזאַכן, פּעלצן און נייע בגדים, טעפּעכער און קונסטבילדער, קי און עופות, בריוומאַרקעס, עלעקטרישע מכשירים און וואָס ניט... אין קעגנפאַל — טויט! שוין אָפּגעג־רעדט, אַז קיינער האָט אין געטאָ ניט געטאָרט באַזיצן קיין געווער, קיין פּיניש מעסער, קיין געאָגראַפישע קאַרטע... די דייטשן זוכן דאָס אַלץ, ניש־טערן אַרום איבער דער געטאָ און שיסן, שיסן מענטשן מיט אַ „גרונט" און אויך אָן אַ פאַרוואָס און פאַרוועז.

חיים יעלין, אייגנטלעך, ניט מער יעלין, נאָר לויטן פאַלשן פּאַספּאָרט וואָס ער האָט זיך איינגעשאַפט — חיים קאַדיסאָן, אַ יונג מיט וואָנצעס, מיט אַ פאַרוויקלט פּנים, ליגט כּלומרשט קראַנק אין בעט. דייטשן, ווי באַוווּסט, האָבן אין אַזאַ פאַל מורא די שטובשוועל איבערצוטרעטן: „פּיליײַכט טיפוס, שאַרלאַך, לעפּראַ? דער טײַוול ווייסט זיי, די קרעציקע יודען!"

פון אָוונט הערן אויף די זוכענישן און דאָס בלוטפאַרגיסן. די דייטשן און זייערע ליטווישע משרתים לאָזן פילן זייער דאָ־זיין דורך דער צעיושע־טער שיסערײַ אַרום די געטאָ־צוימען. זעלטן ווער עס דערוועגט זיך איצט שטעלן אין גאַס אַ טראָט. אָבער צו חיימען קומען זיך צונויף חברים.

— וואָס הערט זיך? — פאַלן אַלע נייגעריק אַריין אין צימער.

אַלע זענען צעבראָכן, דערשיטערט. ניטאָ קיין משפּחה וואָס זאָל ניט באַקלאָגן קיין הרוג, קיין פאַרשלעפּטן, קיין פאַרלוירענעם. מען ווייסט ניט וואָס דער מאָרגן קאָן איטלעכן ברענגען. מען איז אָפּגעשניטן פון דער וועלט. וואָס אויף די פראָנטן טוט זיך, פּרוּווט מען זיך פאָרשטעלן אויפן סמך פון דער דייטשישער צייטונג וועלכע ס׳געלינגט צו מאָל מיט סכּנות־נפשות אַרײַנצושמוגלען אין געטאָ. לויט איר זעט זיך שוין מאָסקווע אין די בינאָקלען פון די דייטשישע גענעראַלן...

קומט זיך חברה צונויף ביי חיימען אין גאָר ניט קיין געהויבענער שטימונג.

פון תּמיד אָן האָט חיים ניט פאַרטראָגן קיין זויערע מינע. אָרגאַניש איז אים פרעמד געווען מרה־שחורה. די שווערסטע שטימונג פלעגט ער אויפהייטערן מיט אַ צוגעפּאַסטן וויץ, מיט אַ קאַלאַמבור אָדער חכמהלע.

און אַז חברה פּלעגט זיך צונויפקומען, פלעגט ער צו ערשט פּראַווען אַ ביסל ליצנות, פאַרגעשטעלט, ווי ער מאַסקירט זיך ביי פאַרשיידענע געלעגנהייטן — ייִדן זאָלן אים ניט דערקענען, דייטשן זאָלן פאַר אים מורא האָבן... אָט האָט ער אויף טויט איבערגעשראָקן אַן אַריינגעקומענעם דייטש, מעלדנדיק אַז ער, חיים, איז קראַנק אויף דיפטעריט... דערביי שפּילט חיים אָפּ די סצענקע פון „סעוויליער שערער", ווו מען שרעקט מיט סקאַרלאַטין דעם אַלטן געזאַנג־לערער דאָן־באַזיליאָ...

דערנאָך, שוין מיט אַן אָפּגעבונדענער באַק, נעמט חיים אַרויס פון אונטערן מאַטראַץ אַ גרויסע קאַרטע פון איראָפּע.

— קאַרטעס וועל איך זיי אָפּגעבן? מכּות קאָן איך זיי געבן!

אַז ער האָט באַהאַלטן אַ לאַנגן קיכמעסער און אַ געוויכט מיט אַ הענטל, דערציילט ער, פאַרשטייט זיך, קיינעם ניט...

אַרומגערינגלט פון פאַרטרויטע גוטע פריינד, ביי פאַרריגלטע טירן און פאַרהאַנגענע פענצטער, זיצט חיים געבויגן איבער דער קאַרטע און מאַכט אויספירן וועגן פאַרלויף פון דער פראָנטליניע. ער שטעלט אויף השערות, ביז וואַנען עס וועט, על־פּי־שׂכל, זיך צוריקציִען די רויטע אַרמיי; ווו עס וועלן געגעבן ווערן די גענעראַלע שלאַכטן. מיט אַזאַ זיכערקייט און איבערצייגונג רעדט ער, מיט אַזאַ גלויבן אין דער מפּלה פון די ברוינע וועלט־פאַרבּרעכער, אַז עס דאַכט זיך: ער האָט גאָר גאָר באַגלויבטע, זיכערע אינפאָרמאַציע־מקורות... סקעפּטיקערס און שוואַרצזעערס פאַרלירן דאָס לשון.

הייבן די שטימונג, באַקעמפן אָפּהענטיקייט און יִיאוש — איז חיים אויסן. צו דער זעלביקער צייט נעמט ער ניכטער אַרומקוקן זיך, נעמט אָן דרייסטע באַשלוסן און וועבט ווייטגייענדיקע פּלענער...

אַ שיסעריי האַלט אין איין שפּאַלטן די נאַכט־חשכות. פאַרטייעט אין ווײַ, איינגעניורעט אין אימת־מוות איז די אַרומגעקראַטעוועטע ייִדן־שכונה, די געטאָ. נאָר ווער זאָגט עס, אַז די היטלעריסטישע מחבלים האָבן באַצוווונגען דאָ אַלעמען?

## אַ באַגעגעניש אין שטאָט

ווינטער, אָנהייב 1942. שוין די דריטע וואָך ווי חיים איז פאַרשווּונדן פון געטאָ. ווי אַזוי קומט ער דאָרט אויס, אין דער פיינדלעכער שטאָט? האָט ער געפונען אַ שטיקל מקום־מיקלט? איז אים געראָטן אויפצוזוכן קאַמפּס־חברים? נאָך און נאָך אַזוינע פראַגעס קומען אויף, מאַטערן. די כּוחות גייען אויס אין וואַרטן אויף אַ וועלכער ניט איז ידיעה פון חיימען.

אין איינעם אַן אָוונט איז אומגעריכט צו אונדז אַריין אַ באַקאַנטער יונגערמאַן, אַן אָנפירער פון אַ בריגאַדע, וועלכע מען נעמט צו דער צוואַנג־אַרבעט אין שטאָט. ער האָט געבראַכט אַ דערפרייענדיקן גרוס. ביי טאָג איז צו אים אויפן אַרבעטפּלאַץ געקומען חיים. ער איז געווען אָנגעטאָן אין אַ שינעל און מיט אַ היטל פון דער פריִערדיקער ליטווישער אַרמיי, גאָר אָן עפּאָליעטן, און געבעטן האָט ער איבערצוגעבן, אַז ער האַלט זיך אויף ביי אַן אָרעמער ליטווישער משפּחה אויף אַ בוידעם. ס׳איז דאָרט מוראדיק קאַלט, גאָר שלעכט מיט אכילה. בעט ער ברענגען אים עפּעס אַ חפץ, וועלכן מען זאָל קאָנען אויסבייטן אויף שפּייז. חוץ דעם, וויל ער אָנהאַלטן אַ שטיקל פאַרבינדונג מיט די חברים אין געטאָ. דעריבער זאָל איינער פון זיי אַרויס־גיין מאָרגן מיט דער בריגאַדע פון אָט דעם באַקאַנטן, וואָס אַרבעט ביים אייזנבאַן־וואָקזאַל. בעתן מיטאָג־איבעררייס וועט ער, חיים, וואַרטן דאָרט אינעם עפנטלעכן אָפּטרעט.

איך רעד אָפּ מיטן בריגאַדיר, ער זאָל מיך מאָרגן מיטנעמען אין שטאָט.

וואָס טראָגט מען אַוועק דעם ברודער? אין געטאָ איז אונדזער משפּחה אַריין ממש נאַקעט־הויל — באַרויבט און באַגזלט. אַרויסגעהאָלפן האָט אַ חברטע, וואָס האָט פאָרגעלייגט אירע נייע וואַרעמע שטיוועלעך.

גאַנץ פרי בין איך טאַקע מיט דער בריגאַדע אויף איר אַרבעטפּלאַץ. די דייטשן שטעלן אונדז אויס אין אַ שורה און אָפּמעסטנדיק יעדן איינעם פון קאָפּ ביז פוס, נעמען זיי אָפּקלייבן אַ גרופּע אויף אַרבעט אַנדערשוווּ. כ׳לאָז אַראָפּ דעם קאָפּ, האָב מורא אויפצוהייבן די אויגן.

— דעם ניילניג אַהער! — דערהער איך אַ שניידיקן אויסרוף אין דייטש. קיין ספק ניט אַז דאָס מיינט מען מיך. כ׳גיב זיך אָבער ניט קיין ריר. פּלוצעם טוט מען מיך אַ כאַפּ פאַר די לאַצן און אַ שליידער צו די

אָפּגעקליבענע. זידלענדיק מיט די געמיינסטע ווערטער און שלאָגנדיק מכות־רצח, שטופּט מען אונדז צו צו אַ געדעקטן לאַסט־אויטאָ און מען באַפעלט „איינשטייגן".

הייסט עס, אַז פון דער פּאַרטראַכטער באַגעגעניש וועט שוין קיין זאַך ניט אַרויס. אונטערן אייבערהעמד אויפן בויך זענען ביי מיר צוגעפעסטיקט די שטיוועלעך. אַנדערש וואָלט איך זיי דאָך פון געטאָ ניט אַרויסגעטראָגן. ווי וועל איך איצט מיטן פּעקל אונטערן האַרצן אַרבעטן אַ גאַנצן טאָג? און ווי וועל איך עס צוריק אַריינטראָגן אין געטאָ? ביים טויער טאַפּט מען אונדז דאָך אויס ביזן לייב. ווען מען געפינט עפּעס, נעמט מען צו און, אַז גאָט גיט, ציילט מען נאָך אַריין אַ גוטע פּאָרציע מלקות. נאָר דער עיקר — די באַגעגעניש מיט חיימען וועט דאָך ניט פאָרקומען...

מען ברענגט אונדז, די אָפּגעקליבענע, אין אַ הויף זעגן און האַקן האָלץ. צוועלף אַ זייגער באַקומען מיר „מיטאָג". באַוואַכט פון אַ פּאָסטן, זעצן מיר זיך אויס אויף די ניט־צעזעגטע קלעצער און כליאָבען זשעדנע די פּאָרציע וואַסערדיקע קרויטזופּ.

מיר געפינען זיך אין אַ דורכגאַנגס־הויף. פון צוויי זייטן קומען מענטשן אַריין און אַרויס. עפּעס אַ שלעפּער ריִעט זיך אינעם מיסטקאַסטן, קלייבט אָפּפאַל און וואַרפט אַלץ בליקן אין אונדזער זייט. כ׳טו אויך צו מאָל אַ קוק אויף אים. דערפילנדיק עס, קומט יענער צו אַ ביסל נענטער. כ׳זע, ס׳איז אַ מיטלוווקסיקער, שרעקלעך אָפּגעריסענער מענטש, אַרומגעגאַרטלט מיט אַ שטריק. זיין פּנים פאַרדעקט אַ טיף אַראָפּגערוקט, צעשמאַטעט פּעלצהיטל מיט אַראָפּגעלאָזטע אויערלעך. עס זעט זיך אַ ברייטלעכע נאָז, גרויסע געלבלעכע וואָנצעס. מיר קוקן זיך אָן. אין די אויגן פונעם מענטש דערזע איך טרערן... חיים! ער גיט אַ ווונק אויפן ווייסן מויערל אין הויף, דעם עפנטלעכן אָפּטרעט, און שאַרט זיך אַהין אַוועק. כאַפּט זיך אַריין אינע־ווייניק...

— הער פּאָסטן, דערלויבט אַרויסגיין. אַ דרינגענדע זאַך... — ווענד איך זיך צום וואַכמאַן.

— אויף איין מינוט! — וואָרנט דער דייטש — איך פּאַס אויף!

ווען כ׳האָב מיך אומגעקערט און בין צו גלייך מיט די איבעריקע ייִדן געזעסן אויף די קלעצער, איז פון מויערל אַרויס דער „שלעפּער" און

האַסטיק אָפּגעטראָגן זיך. דער וואַכמאַן האָט אים באַמערקט און אַ קער געטאָן זיך צו מיר.

— נאַ, האָסטו מיט יענעם דאָרט געטריבן גוטן שאַכער־מאַכער? אויס־געביטן דיינע וואַנצן אויף יענעמס לײַז? — דער דייטש האָט ממש גע־קוואָלן פון זיין חכמה...

„איצט קאָנסטו חוזקן" — האָב איך געטראַכט. מיר איז אַן אמתער שטיין אַראָפּ פון האַרץ. אונדזער באַגעגעניש האָט געדויערט אַ רגע, און אַלץ איז דערליידיקט. איך האָב חיימען איבערגעגעבן דאָס פּעקל. און ער, ווי שטענדיק, אַן אויפגעהייטערטער, גוט אויפגעלייגטער האָט אַ שעפּטשע געטאָן:

— זאָג חברה, אַז איך טו אַלץ וואָס מעגלעך... כ׳זוך פאַרבינדונגען, זוך קאַמפּס־חברים... שווער, געפּערלעך... זאָל קיינער ניט מיינען אַז איך בין אויסן צו ראַטעווען די אייגענע פעל... און לאָמיר פּרווון זיך טרעפן אין דריי טעג אַרום. אויפן וואָקזאַל צי דאָ. כ׳וועל אויסזען אַנדערש...

## אויפן אייגענעם חשבון

און ווידער האָט אונדז די סכּנה אויסגעמיטן. דאָס מאָל — ווייל מיר האָבן ניט געפאָלגט די אָפיציעלע אויפפאָדערונג פון די דייטשן, זיך צו מעלדן צום „קאָנטראָל פון די אַרבעטסקרעפטן אין געטאָ". מיר האָבן זיך אויסבאַהאַלטן, און די דייטשן מיט זייערע אוקראַינישע בלוטהינט האָבן אונדזער באַהעלטעניש ניט אויפגעדעקט.

זענען מיר, הייסט עס, ניצול געוואָרן פון טויט? געבליבן לעבן? לעבן...

ס׳איז אויפגעקומען אַ שטאַרקער ווידערווילן צו אַזאַ „לעבנבלײַבן". ביי די רוצחים איז דאָך פון פריִער באַשטימט די צאָל קרבנות פאַר יעדער אַקציע, און זיי באַרויִקן זיך ערשט דעמאָלט, ווען זיי כאַפּן צונויף און פירן אַרויס צום אומקום די פעסטגעשטעלטע צאָל „קעפּ".

— חיים, ס׳איז אַזוי שווער, אַזוי ביטער... מיר לעבן דאָך איצט אויפן חשבון פון אַנדערע — האָב איך די ווייטוענדיקע נאָגעניש אַרויסגעבראַכט אויפן קול — ווי לאַנג קאָן מען עס?

ווי שטענדיק האָט חיים געהאַט זיין ענטפער, אַן אַנטשלאָסן־דרייסטן, אַן אָנרעגנדיקן צו מעשׂים:

— ביסט געדערכט. אין געטאָ, אינעם הינערפּלעט איז עס אַזוי. קאָן אַ פּנים גאָר אַנדערש ניט זיין. דאַרפן מיר טאָן אַלץ, און איך טו טאַקע אַלץ, צו לעבן אויפן אייגענעם חשבון...

## איבערגעטריבענער אָפּטימיזם?

אין איינעם אָן אָוונט אין געטאָ. איך בין פאַר אַ ווײַלע צוריקגעקומען פון דער צוואַנגאַרבעט אין שטאָט. חיים, ווידער, איז דאָ פון זיינע סכּנות־פולע גענג אין די ענינים פון דער קאַמפּס־באַוועגונג. זיצן מיר אין אונדזער קאַמער און בייסן וואָס צו. כ׳נעם שטאַרק מוסרן דעם ברודער, הלמאַי ער האָט היינט אַזוי קאָפּבערעכעריש דרייסט פאַרלאָזט די בריגאַדע, מיט וועלכער מיר זענען געווען אַרויס פון געטאָ.

געפירט האָט מען אונדז צו דער אַרבעט אין אַ לאַסט־אויטאָ. דער פּאָסטן האָט זיך געהאַט פאַרלאָזט אויף אונדזער יושר און אויף דער פיי־נדשאַפט פון דער אַרומיקער באַפעלקערונג צו אונדז און איז זיך רויִק געזעסן אין דער קאַבינע לעבן שאָפער. דאָרט איז וואַרעם, מען איז גע־שיצט פון ווינט...

אין מיטן „לייַסוועס־אַלעע״, דער שטאָטישער הויפּטגאַס, איז דער אויטאָ עפּעס שטיין געבליבן אויף אַ רגע. נעמט אַרונטער חיים האַסטיק די געלע לאַטעס פון ברוסט און רוקן, שפּרינגט אַראָפּ פון דער מאַשין און טוט הילכיק אַ זאָג אין ליטוויש, די פאַרבייגייערס זאָלן הערן:

— נו, זשידקעס, פאָרט אייך ווייטער. איך בין אָנגעקומען...

מוסר איך חיימען פאַר זיין פאַרריסענער דרייסטקייט און זאָג אים אָן ניט צו מאַכן מער אַזוינע חכמות.

לאָזט מיך חיים רעדן, אויפרעגן זיך, און זאָגט דערנאָך קאַלטבלוטיק:

— האָסט פאַרענדיקט? איצט הער אויס. ווער דען אַ ייִד זיך דער־וועגן צו טאָן אַזוינס וואָס איך האָב היינט געטאָן? דאָך ניין. הייסט עס, אַז ס׳איז טאַקע אַ ליטווינער אַרונטערגעשפּרונגען פון דער מאַשין... טאָ מיין ניט, אַז כ׳ווער געטראָגן פון הפקר־געפילן אָדער אַוואַנטוריזם... און בכלל... ווי דו זעסט, בין איך געבוירן אין אַ מזלדיק העמדל... — ער פאַרענדיקט אויך דאָס מאָל מיט זיין באַליבט ווערטל אין האַלב־דייטש: „מיט מיר קאַן ניקס פּאַסירן״...

„פון דיין מויל — אין גאָטס אויערן", זאָג איך זיך אין די מחשבות.

דאָס אומרו־געפיל איבערן גורל פונעם צו דרייסטן ברודער האָט זיך לאַנג ניט געלאָזט האַמעווען. „סיידן — האָב איך געטראַכט — מסתּמא, אויב מען רודערט קעגן שטראָם, אויב מען גייט אויף אַן אָנגעצויגענעם שטריק איבער אַ תּהום, מוז מען אין זיך כאָווען אַ בלינדע, כמעט פּאַטאָ־ליסטישע זיכערקייט, אַז מיט דיר קאָן קיין בייזס ניט געשען... און אפשר האָט גאָר אַ טיפערן זין חיימס ווערטל, וואָס ער טוט אָפט אַ זאָג האַלב אין שפּאַס, האַלב אין ערנסט: „קיין קויל ווייסט ניט מיין אַדרעס"...

איבערגעטריבענער אָפּטימיזם? מעגלעך, אַז אָן דעם קאָן מען ניט טאָן דאָס וואָס חיים האָט געטאָן.

## מפּוח שטיל זיין

עס זענען געווען אין געטאָ ייִדן, וואָס האָבן כמעט ווי מיט חיהשן גיר זיך געקלאַמערט אינעם לעבן. זיי האָבן פאַר יעדן פּרייז געוואָלט לעבן בלייבן, אַריבערלעבן. זיי האָבן געגאַרט, עס זאָל שוין קומען אויף היטלערן המנס מפּלה. טאָן אָבער עפּעס, אַז די דאָזיקע מפּלה זאָל זיך טאַקע דער־נענטערן — איז דאָס ניט זייער ענין, על־כּל־פּנים, ניט קיין עסק פאַר די געטאָ־אסירים. געטענהט האָבן זיי, אַז אויב מען זאָל, חלילה, אויפדעקן אין געטאָ געווער, אַ וועלכע ניט איז הכנה צום ווידערשטאַנד, וועלן די דייטשן האָבן דעם בעסטן תּירוץ אויף צו פאַרטיליקן אונדז. און דערווייל איז נאָך ניטאָ די אינסטאַנץ, פלעגן זיי זאָגן, וואָס זאָל זיך נעמען דאָס רעכט צו דערפירן אַ כלל צו זעלבסטמאָרד...

ווען די אונטערערדישע קאַמפּס־באַוועגונג איז אויסגעוואַקסן צו אַ קענטיקן געזעלשאַפטלעכן פאַקטאָר אין געטאָלעבן, און אַ סך מענטשן האָבן שוין געוווּסט אַז חיים איז איר אָנפירער און טרייבנדיקער כּוח, פלעגט ניט איינער פון די אין אַ זייט שטייענדיקע האַלטן פאַר אַ כּבוד זיך צו טרעפן מיט אים און, ווער רעדט נאָך, כאַפּן אַ שמועס וועגן שטאַרק אָנגעווייטיקטע עניני־דיומא. טייל פון אָט די ייִדן האָט געהאַלטן אַז מען דאַרף איינלערנען לעבנס־חכמה מיט די היציקע, אומדערפאַרענע און ווייניק אָפּגעהיטע יונגע־

לייט. ניט איינער האָט אויך חיימען געפּרווט וואָרענען און שפּייזן מיט עצות:

— מען דאַרף זיך היטן ניט אַרויפצושלעפּן אַ צרה אויפן כלל. מען טאָר ניט פאַרגעסן אַז מיר זענען פאַרשפּאַרט אין געטאָ, אַז איינער איז דאָ פאַר־אַנטוואָרטלעך פאַרן צווייטן. דאָ דאַרף זיין שטיל, שטיל...

פלעגט חיים זיך ניט אַריינלאָזן אין לאַנגע וויכּוחים און בלויז זאָגן:

— איר ווילט, הייסט עס, דאָ זאָל זיין שטיל. אַז אין געטאָ וועלן קיין ייִדן ניט זיין וועט דאָ ווערן שטיל, זייער שטיל...

## זיי מוחל, טאַטע...

בייזע קלאַנגען וועגן אַן אָנקומענדיקער אַקציע אָדער אַ נייער קלאָג זענען אַרומגעגאַנגען אין געטאָ. די ווידערשטאַנד־באַוועגונג האָט זיך גע־גרייט באַגעגענען דעם בראָך מיט אַן אויפּעהויבענעם קאָפּ און אַ קאַמפּס־גרייטער האַנט. דאָס ביסל געווער וואָס האָט זיך דעמאָלט געפונען אין איר רשות, איז פאַרטיילט געוואָרן צו פאַרטרויליכע מענטשן, וועלכע האָבן פאַר־נומען פּאָזיציעס אויף בוידעמער, אין קעלערס און אַנדערע באַהעלטענישן.

אין אַ רגע פון אַנטשפּאַנונג איז חיים אַריינגעפאַלן אַהיים, צו די אייגע־נע, זען וואָס מען מאַכט, און איבערכאַפּן דאָס האַרץ מיט עפּעס־וואָס. ער האָט אַראָפּגעוואָרפן דעם רעקל און זיך אויסגעצויגן אָפּרוען אויף דער בעט. דער פאָטער און איך האָבן דערזען דאָס הענטל פון אַ נאַגאַן אַרויסטאַר־טשען פון זיינער אַ הויזן־קעשענע... הייס געווער אין געטאָ! ס'איז אַ בייז־וווּנדער און צו גלייך אַ שפּיל מיטן טויט.

און דאָס איז שוין געווען נאָכן „פאַל מעק". איינער אַ ייִדישער בחור, מעק, האָט געפּרווט אַרויסקריכן פון געטאָ. באַמערקנדיק ביים צוים דעם קאָמענדאַנט, האָט ער אין אים געשאָסן. געטראָפן האָט ער ניט. מען האָט אים געכאַפּט און עפנטלעך געהאָנגען אין געטאָ. זיין מוטער און שוועסטער זענען דערשאָסן געוואָרן.

און די געטאָ האָט שוין געוווּסט פון נאָך אַ שרעקלעכן פאַל פון קאָ־לעקטיווער שטראָף — די אַזוי גערופענע „סטאַלינגראַדער אַקציע". געווען איז עס נאָך דער דייטשישער מפּלה ביי סטאַלינגראַד. געסטאַפּאָ האָט דע־

מאָלט אַרעסטירט און אומגעבראַכט אַלע משפחה־מיטגלידער פון די ייִדן, וואָס זענען צו יענער צייט געכאַפּט געוואָרן אין שטאָט ביים איינקויפן שפּייז, און אויך אַרעסטירט פאַר קלענערע „פאַרברעכנס"...

יאָ, די דאַמאָקלעס־שווערד פון קאָלעקטיוער אחריות איז געהאָנגען איבערן קאָפּ... און דאָ — אַ רעוואָלווער סטאַרטשעט פון חיימס קעשענע... דער פאָטער לאָזט פון אים קיין אויג ניט אַראָפּ.

חיים האָט עס דערפילט. זעצט ער זיך אַוועק און זאָגט שולדיק:

— האָב ניט קיין פאַראיבל, טאַטע. איך קאָן ניט אַנדערש... אַזוי איז עס שוין. זיי מוחל, טאַטע...

האָט אים דער טאַטע בלויז געענטפערט:

— זיי נאָר פאָרזיכטיק, חיים...

## אין איינער אַ ווינטערנאַכט

ביטערע טעג אין געטאָ. ס'איז נאָך דער אַקציע אויף עסטלאַנד און דעם דורכפאַל פונעם מאַרש צו זוכן פּאַרטיזאַנער אין אַוגוסטאָווער וועלדער, וועלכן ס'האָט אונטערגענומען די קאַמפּס־אָרגאַניזאַציע אין געטאָ. ביי פערציק טייערע חברה זענען אַריינגעפאַלן אין געסטאַפּאָ. וועלן זיי אויסהאַלטן דעם מוראדיקן נסיון און קיינעם ניט אַרויסגעבן?

חיים גייט אַרום פאַרדאגהט, שלאָפט ניט אין דער היים און פאָדערט, אַז איך זאָל וואָס גיכער פאַרשווינדן פון געטאָ — אַוועקגיין צום פויער אין דער געגנט פון ניינטן פאָרט, וואָס האָט מיין פרוי צוגעזאָגט באַהאַלטן ייִדן. חיים האָט זיך, אגב, אַרומגעטראָגן מיטן געדאַנק צו פאַרוואַנדלען דאָס אָרט אין אַ קאָנספּיראַטיוון פונקט, און געוועבט אַרום דעם פאַרשיידענע פּלענער.

ס'איז מיר געלונגען צו קומען צום פויער.

אַרויסגעוויזן האָט זיך אַז ביי אים געפינען זיך שוין פינף ייִדן. אַ רוסישער קריגס־געפאַנגענער, אַן אָפענער שוואַרץ־מאַהניק, דרייט זיך דאָרט אַרום און איז אַ שותף צום ענין פון באַהאַלטן ייִדן. מענטשן פון געטאָ קומען אַהער, גייען אַוועק. מען האָט ניט געדאַרפט זיין באַהאַוונט אין קאָנספּיראַציע כדי צו פאַרשטיין אַז דאָס אָרט איז ווייט ניט זיכער.

צווישן די באַהאַלטענע ביים פויער איז געווען אַ יונגער דרייסטער יאַט, דניאל קאַפּלאַן. מיר האָבן זיך באַפריינדט. כ׳האָב אים אַ ביסל דערציילט וועגן דער ווידערשטאַנד־באַוועגונג. אויך ער איז מיט מיר מסכים, אַז ס׳איז ניט קיין עסק צו שטעקן אין דער דאָזיקער באַהעלטעניש. ער קערט זיך אום אין געטאָ, פֿאַרבינדט זיך מיט חיימען...

און דאָ איז געשען דער גבורה־אַקט פון די מתים־ברענער אין נײַנטן פאָרט, ווו די נאַציס האָבן דורכגעפירט זייערע מאַסן־שחיטות, און כּדי צו פאַרווישן דעם מוראדיקן פאַרברעכן, געצוווּנגען אַרייַנגעפאַלענע אין געסטאַפּאָ ייִדן אויסצוגראָבן די הרוגים און פאַרברענען זיי. זענען די מתים־ברענער אַנטלאָפן... ס׳האָבן זיך אָנגעהויבן גרויסע אָבלאַוועס אין דער געגנט, ווו מיר זענען געווען אויסבאַהאַלטן. אויף חיימען האָט גע־דריקט די פליכט מיך אַרויסצונעמען פונעם קלעם אין וועלכן איך בין אַרייַנגעפאַלן צוליב זיין קאַטעגאָרישער פאָדערונג, כ׳זאָל פאַרלאָזן די געטאָ.

אין איינעם אַ פינצטערן אָוונט פון סוף דעצעמבער 1943... מיר, די באַהאַלטענע ייִדן, ליגן פאַרטייעטע אין שייער, טיף פאַרגראָבן אינעם סטויג היי, ווו ס׳איז געמאַכט אונדזער „מאַלינע״. די דייטשן האַלטן אין איין אַרומ־זוכן די אַנטלאָפענע פון פאָרט. און דאָ דערהערן מיר ווי עמעצער קומט אַריין אין שייער, גייט צו צום סטויג... מען רופט שטיל אויס מיין נאָמען. נאָך אַ מאָל און נאָך אַ מאָל. כ׳דערקען דניאלקעס שטים און פויזע אַרויס. ער הייסט מיך תיכף מיטגיין.

מיר אײַלן אַוועק צום שאָסיי איבער אַ קוים פאַרפראָרענעם פעלד. די הינט בילן, דאָס האַרץ קלאַפּט, דאָס אײַז ברעכט זיך אונטער די פיס וואָס זינקען אין בלאָטע. מיט צרות דערקלייבן מיר זיך צום שאָסיי ווו חיים וואַרט אויף אונדז מיט אַ לייכטער מאַשין. מיר זעצן זיך אַריין און טראָגן זיך אַוועק אין דער ריכטונג צו קאָוונע. חיים הייסט אונדז אָנטאָן די געלע לאַטעס. ער איז אויך מיט לאַטעס, און ס׳באַטייט אַז מען איז געפאָרן אָפּ־נעמען אַ קראַנקן פון דער ייִדישער בריגאַדע וואָס אַרבעט אין באָבט. חיים האָט אויף דעם אַ געמלאכהטן דאָקומענט. דער קראַנקער דאָס בין איך. כ׳קאָן פאַר אַזאַ אָנגיין — בין פאַרוואַקסן, אויסגעהונגערט און שטאַרק אָפּגעצערט.

חיים וויל דערגיין נייעס וועגן דעם אַנטלויפן פון די מתים־ברענער. ער פרעגט צי מען הערט וועגן אַרייַנגעפאַלענע... כ׳גיב איבער פרטים

װעלכע איך װײס פֿון „אונדזער" פֿויער. דער שאָפֿער, פֿאַרכאַפּט פֿון דער געשיכטע, באַמערקט ניט װי דעם װעג קרײַצט אַ הויך אָנגעלאָדענע פֿור מיט היי. מיטן פֿולן האַסט שטויסט זיך אונדזער מאַשין אַרײַן אין דער פֿור, נעמט זיך דרייען אויפֿן אײַז־גלאַטן שאָסיי און קערט זיך אַרײַן אין אַן אָנגעשנייטן גראָבן...

מיר האָבן געהאַט מזל. קיינער האָט ניט געליטן. די אויטאָ־טירלעך עפֿענען זיך, און מיר פֿויזען אַרויף אויפֿן װעג. ביי דעם איבערגעקערטן װאָגן היי ליגט אַ פֿויער און קרעכצט. קענטיק, אַראָפּגעפֿאַלן פֿון אויבן און זיך שטאַרק צעמזיקט. לעבן אים שטייט אַ צװייטער פֿויער מיט אַ בייטש און װיל העלפֿן דעם געליטענעם.

ערשט חיים פֿאַלט אויף זיי אַרויף מיט אַ מי־שברך. סטייטש, װי אַזוי גאָר האָבן זיי די העזה צו פֿאַרשטעלן דעם װעג פֿאַר אַ מאַשין פֿונעם געביטס־קאָמיסאַריאַט...

דער פֿויער מיט דער בייטש נעמט זיך צלמען און בעטן מחילה, פֿאַלט שיעור ניט קושן חיימען די הענט...

און װאָס װייטער? חיים טוט צו אונדז אַ װוּנק אָפּצוגיין אין אַ זייט, הייסט אַראָפּנעמען די לאַטעס און איצט, שוין װי ניט־יִדן, אַװעקשפּאַנען די פֿינף קילאָמעטער ביז סלאָבאָדקע און פּרוּװן אַרײַנבאַקומען זיך אין געטאָ דורכן צוים אָדער, אויב דאָס מזל װעט צושפּילן, מיט דער נאַכטשיכט פֿון אַ װעלכער ניט איז בריגאַדע װאָס קומט פֿון דער אַרבעט. פֿאַרן געזעגענען זיך נעמט ער ביי מיר צו די כּתבים, װעלכע כ'האָב געשריבן אין דער באַהעלטעניש. אויף יעדן פֿאַל זאָל איך זיין „כּשר"...

מיר שפּאַנען מיט דניאלקען פֿאָזע דעם שאָסיי, אויף װעלכן עס באַװעגן זיך דייטשישע פּאָסטנס. אונדז דאַכט זיך אַלץ, אַז אָט־אָט דערהערן מיר דעם פֿאַטאַלן אויסרוף: „האַלט!"

ס'האָט אונדז אָפּגעגליקט. מיר האָבן ממש אין איין אָטעם דערגרייכט דעם געטאָ־טויער. און װידער אַ גליק — עס דערנענטערט זיך אַ פּיל־קעפּיקע בריגאַדע. אין שאָטן פֿון אַ שטוב שפּיליען מיר זיך אָן די לאַטעס און טשאַטעװען אויף אַ גינסטיקער רגע, װען מירן קאָנען אומבאַמערקט אַרײַנמישן זיך אינעם עולם װאָס שטופּט זיך ביים טויער.

פּלוצעם פֿאָרט אָן אַ לייכטע מאַשין מיט אויסגעהאַקטע פֿאַרעס און אַ צעבויגענעם ראַדיאַטאָר. עס טוט אַ פּראַל־אויף דאָס טירל און עס שפּרינגט

אַרויס חיים. ער מישט זיך פלינק אויס צווישן די מענטשן און טויכט אויף אין געטאָ נאָך איידער מיר באַוויייזן עס צו טאָן...

חיים וואַרט שוין אויף אונדז. כּדי צו שטילן אונדזער נייגער, דערציילט ער תּיכּף ווי ער איז אַוועק אין דאָרף, אויפגעהויבן פון שלאָף דעם סטאַ־ראָסטע און געפּאָדערט געבן אַ פּאָר פערד אַרויסצושלעפּן פון גראָבן די מאַשין פונעם „געביטס־קאָמיסאַריאַט"... דער דאָרף־עלטסטער איז גרייט געווען צו דינען, האָט באַאָרגט פערד און... דער גרעסטער נס איז געשען דעם מאָטאָר פונעם אויטאָ — ער האָט געאַרבעט!

— דאָס מאָל וועט אויסגיין צום אָפּרעמאָנטירן די מאַשין — האָט חיים ווי פאַרסך־הכּלט אונדזער ווינטערנאַכט־אָדיסייע, צוגעבנדיק: — און מיר דרייַ דאַרפן בענטשן גומל...

### אַ שטיקל זכר

חיים האָט געהאַלטן פאַר אַ הייליקער פליכט אָפּצוטראַנספּאָרטירן צו די פּאַרטיזאַנער די העלדישע יאַטן וואָס זענען געווען געלאָפן פון נייַנטן פאָרט און האָבן זיך אַרייַנבאַקומען אין געטאָ. ער האָט געוואָלט פאַר יעדן פּרייז ברענגען אין אַ מער־ווייניקער זיכערקייט די דאָזיקע לעבעדיקע עדות פון די מוראדיקע פאַרברעכנס, וואָס די היטלעריסטן און זייערע אָרטיקע משרתים זענען באַגאַנגען אין ליטע. אַליין האָט ער זיך פאַרנומען מיטן שאַפן אַ טראַנספּאָרט־מיטל און אַליין באַגלייט די גרופּע פון כּמעט דרייסיק מענטשן ביז צו דער פּאַרטיזאַנישער זאָנע, וואָס אין די רודניצקער וועלדער ביי ווילנע.

געווען איז שוין דעמאָלט דורכגעשאָסן חיימס לינקע האַנט (און געווען איז ער אַ געלינקטער!), געליטן האָט ער פון דעם מאָגן־פּעלער וואָס ער האָט באַקומען אין געטאָ. אָבער די חשיבות און דערהויבנקייט פון דער פליכט וואָס ער האָט גענומען אויף זיך, האָבן ווי פאַרטויבט זיינע פיזישע ליידן. ער האָט אַ גלאַנץ געטאָן מיט המצאה, מיט אָרגאַניזאַטאָרישער פעיִקייט און אמתן מסירת־נפש.

גענוג צו דערציילן, ווי איינפאַלעריש ער האָט אויסגעמיטן אַ דורכפאַל פון דער גאַנצער אונטערנעמונג. דער געדעקטער לאַסט־אויטאָ וואָס האָט

געפירט די קעמפערס, האָט זיך דערנענטערט צום שטעטל אָנישאָק. באַלד, באַלד און ס׳הייבט זיך אָן דאָס געביט ווו ס׳געוועלטיקן פּאַרטיזאַנער. פון דער ווייטן באַמערקט אָבער חיים וואָס זיצט לעבן שאָפער, אַז דער וועג איז פאַרשטעלט פון זשאַנדאַרן. הייסט עס, אַ קאָנטראָל! חיים נעמט אַרויס זיין רעוואָלווער, ציט אָפּ די פאַרזיכערונג... צום שאָפער, אַ ליטווין, וואָס האָט אונטערגענומען די נסיעה באַוויגן צום טייל פון אידעישע מאָטיוון, אָבער ניט צולעצט צוליבן צוגעזאָגטן גוטן האָנאָראַר, מאַכט חיים:

— פאָר מיט דער נאָרמאַלער שנעלקייט. לאָז אויף זיי אַרויף די פּראָ־זשעקטאָרן. פאַרקלענער דעם טעמפּ ביים דערנענטערן זיך צום קאָרדאָן, עלעהיי בלייבסט שטיין צום קאָנטראָל, און דעמאָלט — פאָרויס מיט דער גרעסטער שנעלקייט...

דער שאָפער האָט פּינקטלעך אַזוי געהאַנדלט, און די מאַשין, שוין מיט אויסגעלאָשענע ליכטער, איז האַסטיק פאַרשווונדן אינעם געדיכטן חושך פון דער קאַלטער ווינטערנאַכט... די בחיפּזון אָפּגעטראָטענע אין אַ זייט זשאַנדאַרן זענען פאַרגאַפטע געבליבן שטיין אויףביידע ראַנדן פון וועג...

חיים האָט פאַרשטאַנען, אַז איצט טאָר די מאַשין ניט אָנקומען אין קיין יישוב וואָס געפינט זיך אויף דעם וועג. האָט ער זי פאַרקערעוועט אין אַ זייט, אַראָפּגעלאָזט אין דער פּאַרטיזאַנישער געגנט די מענטשן, און אויף אומוועגן זיך פאַרנומען קיין קאָוונע.

שווער איז געווען דער צוריקוועג. חיימען מיטן שאָפער איז אויסגע־קומען מעטער פאַר מעטער ראַמען דעם שניי, די מאַשין זאָל קאָנען דורכ־פאָרן איבער די פאַרווייעטע גראָבנס און היגלען.

אין געטאָ איז מען שוין געוואָרן אומרויִק. חיים האָט געזאָלט צוריק־קומען דעם זעלביקן באַגינען! ערשט פון אָוונט האָט ער זיך אַריינגעכאַפּט אין געטאָ — אַן אויסגעשעפּטער, ליידנדיקער (דער מאָגן האָט געמאַטערט, און די פאַרוווּנדיקטע האַנט האָט פון גרויסער אָנשטרענגונג בכלל דינען ניט געוואָלט), דאָס פּנים — איינגעפאַלן, געל ווי וואַקס. און דאָך איז פון פּנים ניט אַראָפּ אַ פּילדייטיק־לייטזעליקער שמייכל. חיים איז געווען איבער־גליקלעך, געפילט, אַז ער האָט אויסגעפילט אַ הייליקע שליחות.

— באַזאָרגט, חבֿרה, אַ פאָטאָ־טאַשמע — האָט ער געבעטן די חבֿרים — און זאָל מיך אונדזער הויף־פאָטאָגראַף חיים־דוד „אַראָפּנעמען”, וועט פון מיר בלייבן אַ שטיקל זכר...

אַזוי איז געמאַכט געוואָרן חיימס פּאַטאָ אין דער פּאַרטיזאַנישער הלבשה. די לינקע האַנט — אין דער מגושמדיקער, ספּעציעל פאַר אים אויפגענייטער פעלצענער הענטשקע, די רעכטע — ביים אַריינגעשטעקטן רעוואָלווער אין גאַרטל...

## מען האָט זיך צעשמייכלט

די אָנגעצויגנסטע אַטמאָספער, די אָנגעכמורעטסטע שטימונג פלעגט חיים מילדערן, אויפהייטערן מיט זיין באַליבט לידל פונעם קינאָפילם „די קינדער פון קאַפּיטאַן גראַנט״ — „קאַפּיטאַן, קאַפּיטאַן, טו אַ שמייכל״. ענדיקן ענדיקט זיך דער רעפרען פונעם ליד מיט די ווערטער, אַז בלויז דרייסטע באַצווינגען די ימען.

עס לאָזט זיך ניט פאַרגעסן נאָך אַן אָוונט. מיר האָבן זיך דערוווּסט אַז הענעך סעגאַלאָוויטש, איינער פון די טויגעוודיקסטע געווער־פאַרזאָרגערס פון דער קאַמפּס־אָרגאַניזאַציע, איז דורכגעפאַלן אויף זיינעם אַ „גאַנג״ אין שטאָט. חיים האָט באַפוילן „מבער־חמץ״ זיין — אויסראַמען יעדן פאַר־דעכטיקן חפץ פון די קאָנספּיראַטיווע דירות. און אַז מען האָט „אויסגע־כשרט״ די שטיבער, האָבן די אָנפירנדיקע חברים זיך צונויפגעקליבן צו אַ ישוב־הדעת.

מען איז געזעסן ווי אָבלים. מען האָט געהאָפט אַז הענעך וועט זיך האַלטן ווערדיק, וועט קיינעם און קיין זאַך ניט אַרויסגעבן. (ער איז טאַקע בייגעשטאַנען דעם שרעקלעכן נסיון אין דער געסטאַפּאָ און איז אומגעקו־מען ווי אַ טרייער זון פון זיין פיל געפרוווט פאָלק.) אַ שווערע קלעמעניש האָט געפרעסט די געמיטער. ס׳איז געווען דער וויי איבערן טראַגישן גורל פונעם חבר, געכפּלט מיטן געפיל: היינט — סעגאַלאָוויטש, מאָרגן — איך... מען האָט פּשוט ניט געקאָנט קומען צו־זיך.

האָט אויך דאָס מאָל אַרויסגעהאָלפן חיים. ער איז צוגעגאַנגען צו איינעם, צו אַ צווייטן פון די וואָס זענען געווען אין צימער, יעדערן אַ הייב געטאָן דעם אַראָפּגעלאָזטן קאָפּ, און דערביי צוגעזונגען: „קאַפּיטאַן, קאַפּי־טאַן, טו אַ שמייכל״...

און — מען האָט זיך צעשמייכלט.

## איבערגעגעבנקייט

חיים און יאַנקל לעווי. אַפילו אויסערלעך זענען זיי ענלעך געוואָרן. ביידע מיט די פאַרדרייטע וואָנצעס אויף אַרויף, ביידע אין דאָרפישע מלבו־שים — עכטע „פויערים". בעת זייערע „שפּאַצירגענג" אין שטאָט, אין ענינים פון דער קאַמפּס־באַוועגונג, האָט קיינעם ניט געטאָרט איינפאַלן אַז דאָס זענען ייִדן.

לעווי, פריִער אַ געוויינלעכער חבר פון דער אָרגאַניזאַציע, איז מיט דער צייט אויסגעוואַקסן צו חיימס וויכטיקסטן פאַרטרעטער אויף די גע־פערלעכסטע שליחותן אין שטאָט, ווי איינשאַפן געווער, באַזאָרגן אויפ־האַלטס־פונקטן פאַר פאַרטיזאַנער אין קאָוונע און אומגעגנט; ער פלעגט אויך אויפהאַלטן פאַרבינדונג מיט די ווענגוויזערס, וואָס פלעגן קומען פון וואַלד מיט דער אויפגאַבע צו פירן אַהין נייע קעמפערס.

און אַז חיימען פלעגט אויסקומען וואַרטן אויף לעוויס צוריקקער פון שטאָט... אָנגעשפּאַנט, נערוועז, אומגעדולדיק איז ער דעמאָלט געווען. און פלעגט זיך יאַנקל פאַרזאַמען, האָט חיים געהאַט צו זיך טענות:

— ניט געטאָרט אים לאָזן גיין. אַליין געדאַרפט...

איין מאָל האָט חיים באַזונדערש אומגעדולדיק געוואַרט אויף יאַנקלען. ס'האָט זיך אים אויסגעדאַכט, אַז לעווי איז דורכגעפאַלן: צי בעתן אַרויס־גנבענען זיך פון דער בריגאַדע, צי אַרומגייענדיק איבער דער שטאָט אָן די געלע לאַטעס, צי באַזוכנדיק די קאָנספּיראַטיווע ערטער, צי גאָר פּרוּוונ־דיק אַריינשלייכן זיך צוריק אין געטאָ...

מיט אַ טאָג פריִער האָט אים חיים ניט געלאָזט גיין צום וואָפן־לאַגער פון דער געטאָ־אָרגאַניזאַציע אין שטאָט. אַליין איז ער אַוועק און אָנגע־קומען אויפן אָרט אין אַ מאָמענט, ווען פּאָליציי האָט עפּעס געזוכט אין יענעם הויף. געעפנט די קאַליטקע און דערזען די שיינע אורחים, האָט חיים ניט אָפּגעצויגן, נאָר קאַלטבלוטיק אָפּגעקערט זיך אין אַ זייט מכוח אַ מענטשלעכער באַדערפעניש...

מען האָט געמוזט גיין זיך דערוויסן ווי האָט זיך אויסגעלאָזט דער נעכ־טיקער פּאָליצייִשער באַזוך. האָט מען באַשלאָסן אַז גיין זאָל יאַנקל. קאָן זיך חיים ניט מוחל זיין הלמאי ער האָט מסכים געווען.

ענדלעך, ענדלעך דערוואַרט מען זיך.

נאָכן צוריקקער פון אַ סכנותפולער שליחות, קושן און האַלדזן זיך ביידע פריידיק. דערנאָך זעצט זיך יאַנקל אַנידער און מיט אַ קאַלטער מינע נעמט ער אויספירלעך אויסלייגן זיינע אַלע ענינים און פּאַסירונגען. דאָס מאָל הייבט ער אָן פונעם סוף. ער איז ניצול געוואָרן פון טויט! ביים געטאָ־טויער האָט אַ וואַכמאַן באַמערקט, ווי ער פּרוווט זיך אַריינגנבענען אין אַ בריגאַדע וואָס קומט פון שטאָט, און אָנגענומען אים, יאַנקלען, נאָך איידער ער האָט באַוויזן אָנצוטשעפּען אויף זיך די געלע לאַטעס. דער דייטש האָט אים געפירט צום קאָמענדאַנט. אין געוויינלעכע פאַלן וואָלט מען אָפּגע־קומען מיט שמיץ, אָבער יאַנקל האָט געטראָגן געווער... האָט ער אינעם גענדראַנג וואָס לעבן טויער, אויסגעפּרוווט זיין מזל — צעמישט זיך אינעם עולם און איידער דער וואַכמאַן האָט זיך געכאַפּט צו דער ביקס, האָט ער, יאַנקל, פלינק זיך פאַרקערעוועט אין אַ געסל, פאַרקראָכן אין אַ מיסטקאַסטן און געהייסן דעם דייטש אים מנשק זיין...

כאַפּט מען זיך ווידער קושן.

— ניט אומזיסט האָט מיר דאָס האַרץ גענאָיעט — זאָגט חיים.

צו דער פרייד פונעם בשלומדיקן צוריקקער קומט צו נאָך אַ פרייד

— דער וואָפן־לאַגער איז גאַנץ!

וואָס שייך די מאָרגנדיקע „געגנג", נעמט זיי חיים אויף זיך, קאַטעגאָ־ריש אויף זיך.

— חיימוסינקע, איך וועל גיין — בעט זיך יאַנקל, און תּוך־כּדי־דיבור פאַרציט ער זיין באַליבט לידל: „סאַם כאָזשו אי סאַם גולייַיו"... [1]

ענטפערט אים חיים אויך מיט אַ זמרל:

— ניין, יאַנקל, ניין, דו וועסט ניט מאָרגן גיין...

ווען ס'איז געוואָרן קריטיש די לאַגע און ס'האָט אויסגעזען, אַז אָט־אָט ליקווידירט מען די געטאָ, איז חיים באַשטאַנען, יאַנקל זאָל אַוועק אין וואַלד. געוויס, אָן אים וועט זיין אַ סך שווערער, ס'וועט אויסקומען אָפטער צו שטעלן דאָס לעבן אין קאָן. שפּילט ער דאָך וואַ־באַנק שוין ניט פון היינט און ניט פון נעכטן. גיין קעגן אַלע געפאַרן, פילן תּמיד טויט־סכנות — איז געוואָרן זיין צווייטע נאַטור. וועט ער זיך דערוועגן, דערוועגן...

---

[1] אַליין גיי איך, אַליין שפּאַציר איך... (רוסיש).

## אַ קינד אין געטאָ

גלייך נאָך דער קינדער־אַקציע, סוף מאַרץ 1944. פוסט און וויסט זענען די געטאָ־געסלעך. אַ גערירטע פון זינען לויפט אַרום איבער דער געטאָ אַ מאַמע, זוכט אירע קינדער, רופט זיי מיט אַ יללה:

— יאַנקעלע, שׂרהלע, קינדערלעך מײַנע!

די שטילקייט צעיאָמערט זיך. די געטאָ באַקלאָגט איר בראָך.

האַסטיק ווערט אויפגעשטעלט אַ גרופּע וואָס דאַרף פּרווון זיך אַדורכ־רייסן אין וואַלד. חיים גיט אָנווייזונגען.

אַלץ ווערט געמאַכט בחיפּזון און דרינגענדיקע פּראַגעס און ענינים זענען פאַראַן לרוב.

פּלוצעם פּראַלט אויף די טיר, און אין שטיבל פאַלט אַריין אַ צע־שראָקענע יונגע פרוי, זי טראָגט אַ פאַרוויקלט פּעקל אין אַ ליילעך. אָן אַ וואָרט צו זאָגן לייגט זי אַוועק אויפן טיש דאָס פּעקל, וויקלט עס פונאַנ־דער... ס'איז אַ קינד, אַ געראַטעוועט קינד פון דער אַקציע.

מסתּמא אויסגעשפּירט ווו חיים געפינט זיך, פאַלט די מוטער צו אים צו מיט תּחנונים:

— העלפט, חיים! ראַטעוועט מיין עופעלע!

פאַרביי די פענצטער שלייכן וואַכלייט, און אינעם צימער — ייִדן מיט וואָפן, מיט הויפנס קוילן אין די קעשענעס. זיי זענען פאַרטיפט אין אַן אויסגעשפּרייטער טאָפּאָגראַפישער קאַרטע פון ליטע... צו דעם אַלעם — דאָס קינד, דאָס „אומלעגאַל״ פאַרבליבענע קינד אין געטאָ, וואָס קאָן זיך יעדע רגע צעשרייען און אַריינמאַניען דייטשן...

די נערוון פון דער בעל־הביתטע האַלטן ניט אויס. זי נעמט זיך בייזערן און פאַרלאַנגט אַז די אומגעבעטענע פרוי זאָל זיך תּיכּף אָפּטראָגן צוזאַמען מיטן קינד. ביי אייניקע פון די וואָס געפינען זיך אין צימער, איז אויך רעכט די פרוי זאָל וואָס גיכער אַוועקגיין און ניט שטערן די דרינגנדיקע און באמת וויכטיקע באַראַטונג.

חיים ווערט אויפגעציטערט:

— ווייסט איר וואָס עס באַטייט איצט, נאָכן אומגליק, אַ קינד אין געטאָ?!

אַלע ענינים אָפּגעלייגט אין אַ זייט, האָט מען מיט בשותּפותדיקע כּוחות באַלד געפונען פאַר דער פרוי מיטן קינד אַ שטיקל מקום־מיקלט.

## דאָס לעצטע בריוול

עס שטייט מיר פאַר די אויגן דאָס לעצטע בריוול וואָס חיים האָט געשיקט פון שטאָט. געמאַכט האָט ער דאָרט פאַרצווייפלטע פּרוּוון צו גע־פינען אַ לאַסט־אויטאָ אָפּצופירן אַ גרופּע געטאָ־קעמפערס ביז צום פּאַרטי־זאַנישן וואַלד. דאָס בריוול האָט געטראָגן די דאַטע פון 4טן אַפּריל 1944.

שטענדיק פלעגט חיים שרייבן זיינע בריוולעך מיט אַן אומקלאָרן כּתב, אין געאײַל, נערוועז. מען האָט זיך געדאַרפט גוט אָנשטרענגען, כּדי דורכ־צולייענען. אָבער דאָס מאָל איז דאָס בריוול געווען געשריבן מיט באַ־זונדערש קליינע, דייטלעכע אותיות, באַקלערט און אָפּגעוויגן יעדעס וואָרט, גאָר ניט לויט דער אָנגעשפּאַנטער שטימונג וואָס האָט אין יענע קריטישע טעג געמוזט באַהערשן חיימען. ס׳האָט אויסגעזען ווי ער וואָלט דורך דער אויסערלעך רויִקער פאָרעם פון זיין שרייבן געזוכט צו ווירקן באַרויִקנדיק אויף אַלעמען און אויף זיך בתּוכם.

צו ערשט זענען עס געווען אָנווייזונגען, וואָס מען זאָל טאָן אין געטאָ בנוגע דעם אָפּמאַרש פון דער נייער גרופּע, אין וועלכע ערטער זאָל מען זיך צונויפקומען אין שטאָט, און צו לעצט — די אָ ווערטער:

„נערוון, נערוון, און נאָך אַ מאָל האַלטן די נערוון! זאָלן די חברים וויסן, אַז ניט געקוקט אויף אַלע געפאַרן, בלייב איך אין קאָוונע, ביז דער לעצטער חבר אונדזערער וועט ניט אַרויס פון געטאָ. איך קאָן טאַקע יעדע רגע אומקומען, מיין פּאָסטן וועל איך אָבער ניט פאַרלאָזן".

דאָס וואָרט „אומקומען" איז געווען אונטערגעשטראָכן.

אין צוויי טעג אַרום איז עס געשען...

# די באַטייליקטע (לויטן א״ב)

צ ד ו ק  א ב י ת ר  (ב ל י י מ אַ ן) — דורכגעמאַכט קאָוונער געטאָ. דאָרט גע-ווען אַן אַקטיוויסט פון דעם אונטערערדישן אירגון ברית ציון (אב״צ) און מילי-טערישער אינסטרוקטאָר פון יוגנטלעכע.

מ ש ה  א ו פּ נ י צ ק י — געווען אין קאָוונער געטאָ אַן אַקטיוויסט פון דער אונטערערדישער אַנטיפאַשיסטישער קאַמפּס-אָרגאַניזאַציע. פאַרוווּנדיקט געוואָרן אויפן וועג צו די פּאַרטיזאַנער. דורכגעמאַכט דעם לאַגער דאַכאַו.

אַ ג ר׳  י ע ק ב  אָ ל י י ס ק י — פּאָרזיצער פון איגוד יוצאי ליטא בישראל, געווו׳ דירעקטאָר פון „אָרט״ אין ליטע, מערב-דייטשלאַנד און ישראל. דורכגעמאַכט קאָוונער געטאָ און דאַכאַו-לאַגערן. פאַרעפנטלעכט אַ ריי אַרטיקלען וועגן דער אומקום-תקופה.

ה י ר ש  אָ ש ע ר אָ ו ו י ט ש — דיכטער. מחבר פון לירישע לידער, פּאָעמעס אויף תנ״ך-טעמעס, ווי אויך — וועגן דער פאַרטיליקונג פון יידן דורך די נאַציס.

אַ ל ט ע  ב אָ ר ו כ אָ ו ו י ט ש - ט ע פּ ע ר — פּאַרטיזאַנערין פון קאָוונער געטאָ. פון די ערשטע איניציאַטאָרן פון אַ ווידערשטאַנד-גרופּע און געוו׳ קאָמיטעט-מיטגליד פון דער אַנטיפאַשיסטישער קאַמפּס-אָרגאַניזאַציע אין קאָוונער געטאָ.

ז ל מ ן  (מ אָ נ י ק)  ה אָ ל צ ב ע ר ג — זשורנאַליסט, פּאַרטיזאַן פון קאָוונער געטאָ. געווען איינער פון די פאַרבינדלערס פון דער אַנטיפאַשיסטישער קאַמפּס-אָרגאַניזאַציע אין געטאָ מיט אונטערערדלערס אין שטאָט.

ד ו ד  ט ע פּ ע ר — פּאַרטיזאַן פון קאָוונער געטאָ. געוו׳ מיליטערישער אינ-סטרוקטאָר פון דער אַנטיפאַשיסטישער קאַמפּס-אָרגאַניזאַציע אין געטאָ.

מ י כ א ל  י צ ח ק י  (ג ע ל ב ט ר ו נ ק) — פּאַרטיזאַן פון קאָוונער געטאָ. געוו׳ אַקטיוויסט פון דער רעליגיעזער גרופּע אין דעם אירגון ברית ציון (אב״צ). איינער פון די פאַרשפּאַרטע אין 9טן פאָרט וואָס זענען פון דאָרט אַנטלאָפן.

פּ ר אָ פ׳  מ א י ר  י ו א ל י — מעדיצין-פּראָפעסאָר אין ניו-יאָרקער אוניווער-סיטעט. יוגנט-חבר פון חיים יעלין.

ב ו ס י ע  י ע ל י ן — שוועגערין פון חיים יעלין. דורכגעמאַכט קאָוונער געטאָ.

מ א י ר  י ע ל י ן — ברודער פון חיים יעלין. שרייבער און פאָרשער פון לעצטן חורבן און דעם אַנטינאַצישן קאַמף. גענומען אָנטייל אין דער טעטיקייט פון דער אַנטיפאַשיסטישער קאַמפּס-אָרגאַניזאַציע אין קאָוונער געטאָ. אויטאָר פון ביכער וועגן די קעמפערס פון קאָוונער געטאָ און וועגן דער היטלער-אָקופּאַציע אין ליטע.

ח י י ם  ל אַ ז אַ ר — שרייבער, פּאַרטיזאַן. געוו׳ אינסטרוקטאָר-קאָמאַנדיר פון דער פאַראייניקטער פּאַרטיזאַנער-אָרגאַניזאַציע (פ.פ.אָ.) אין ווילנער געטאָ. אויטאָר פון ביכער וועגן דעם לעצטן חורבן און יידישן ווידערשטאַנד. רעדאַקטאָר פון דער צייטשריפט „פרסומי מוזיאון הלוחמים והפרטיזנים״.

**ד״ר דב לעווין** — פּאַרטיזאַן, מיטגליד פון אונטערערדישן „השומר הצעיר״ אין קאָווגער געטאָ. פאָרשער פון דער שואה און יידישן ווידערשטאַנד. אויטאָר פון בוך (צוזאַמען מיט פּראָפ׳ צבי א. בראון) „תולדותיה של מחתרת״ (הארגון הלוחם של יהודי קובנה במלחמת העולם השניה). פאַרן בוך „לוחמים ועומדים על נפשם״ באַקומען די פּרעמיע פאַר קריגס-ליטעראַטור א״נ פון יצחק שדה.

**צבי לעווין** — דורכגעמאַכט קאָוונער געטאָ. געווען פון די אָנפירערס פון דער ציוניסטישער אונטערערד. מיטגליד פון דער מיליטעריש-טעכנישער קאָמיסיע פאַר צוזאַמענאַרבעט און פאַרבינדונגס-מאַן פון דער ווידערשטאַנד-באַוועגונג מיטן עלטסטן-ראַט פון דער יידישער געטאָ-אַדמיניסטראַציע.

**אברהם סוצקעווער** — דיכטער, פּאַרטיזאַן פון ווילנער געטאָ. זיך קונה שם געווען מיט זיינע לידער און פּאָעמעס וועגן יידישן אומקום און יידישער גבורה אין קאַמף קעגן די נאַציס. הויפּט-רעדאַקטאָר פון „די גאָלדענע קייט״.

**נחמיה ענדלין** — פּאַרטיזאַן פון קאָוונער געטאָ. אַקטיוויסט פון דער אַנטיפאַשיסטישער קאַמפס-אָרגאַניזאַציע. פּאַרטיזאַנישער וועגווייזער און פאַר-בינדונגס-קאָמאַנדיר פון דעם פּאַרטיזאַנער-שטאַב פון דרום-ליטע מיט דער אַנטי-נאַצישער אונטערערד אין קאָוונע און אומגעגנט.

**אַלטער פייטעלסאָן** — פּאַרטיזאַן פון קאָוונער געטאָ. אַקטיוויסט פון דער אַנטיפאַשיסטישער קאַמפּס-אָרגאַניזאַציע. איינער פון די פאַרשפאַרטע אין 9טן פאָרט, וואָס האָבן אָרגאַניזירט דאָס אַנטלויפן פון די מתים-ברענערס.

**אבא קאָוונער** — דיכטער. געווו׳ קאָמאַנדיר פון דער פאַראייניקטער פּאַר-טיזאַנער-אָרגאַניזאַציע (פ.פּ.אָ.) אין ווילנער געטאָ און קאָמאַנדיר פון אַ יידישן פּאַרטיזאַנישן אָטריאַד. אויטאָר פון מערערע ווערק אין יידיש און בעיקר אין עברית וועגן דער אומקום-תקופה, און וועגן יידישן ווידערשטאַנד און גבורה.

**יוסף קאָטליאַר** — דיכטער-ליריקער. געשטאָרבן אין ווילנע, 1962. פאַר-עפנטלעכט אויך לידער וועגן אַנטינאַצישן קאַמף.

**ישראל קאַפּלאַן** — שרייבער און פאָרשער פון לעצטן חורבן. דורכ-געמאַכט די געטאָס אין קאָוונע און ריגע און פאַרשיידענע לאַגערן ביז זיין באַ-פרייונג אין דאַכאַו. געוו׳ וויסנשאַפטלעכער סעקרעטאַר פון דער צענטראַל-היס-טאָרישער קאָמיסיע אין מינכען. רעדאַגירט די צייטשריפט פאַר געשיכטע פון יידישן לעבן בעתן נאַצי-רעזשים „פון לעצטן חורבן״.

**פּסח שאַטער** — אַקטיוויסט פון דער אַנטיפאַשיסטישער קאַמפּס-אָרגאַני-זאַציע אין קאָוונער געטאָ. דורכגעמאַכט דעם קאַצעט דאַכאַו.

**יעקב שטערנבערג** — דיכטער און רעזשיסער. 1937/38 געקומען מיט זיין טעאַטער פון רומעניע אויף גאַסטראָלן אין ליטע. געשטאָרבן אין מאָסקווע, אַפּריל 1973.

**משה שערמאַן** — פּאַרטיזאַן פון קאָוונער געטאָ. פון די ערשטע איני-ציאַטאָרן פון אַ ווידערשטאַנד-גרופּע און געוו׳ קאָמיטעט-מיטגליד פון דער אַנטי-פאַשיסטישער קאַמפּס-אָרגאַניזאַציע אין קאָוונער געטאָ.

## עטלעכע באַמערקונגען
## צו חיים יעלינס געטאָ־כּתבים

חיים יעלינס געטאָ-כּתבים זענען בפועל-ממש אַרויסגעראַטעוועט געוואָרן פון פייער. געשריבן האָט ער זיי הינטערן שטעכלדראָט פון קאָוונער געטאָ, אָפּרייסנדיק זיך פון דער געשפּאַנטער און סכּנותפולער קאַמפּס-טעטיקייט, וואָס ער האָט זיך איר אָפּגעגעבן אין גאַנצן.

שרייבן איז פאַר חיימען געווען אַ באַדאַרף, ווי לופט צו אָטעמען. אין דער אַטמאָספער פון היטלערס אַ הריגה-שטאָט, איבער וועל-כער ס׳איז תּמיד געווען פאַרהויבן די שווערד, האָט ער באַוויזן נאָך אַ גבורה — ניט אַרויסגעלאָזט פון האַנט די פען. אַן אויס-געמאַטערטער, פיזיש אויסגעשעפּט, אין שטענדיקער נערוון-שפּאַ-נונג, פלעגט ער ביז שפּעט אין די נעכט שרייבן. ער האָט געמאַכט נאָטיצן, געגרייט פאַרן וועכנטלעכן בולעטין פון דער אַנטיפאַשיס-טישער קאַמפּס-אָרגאַניזאַציע אַרטיקלען אויף אַקטועלע פּאָלי-טיש-געזעלשאַפטלעכע, צו מאָל אויך ליטעראַרישע טעמעס, אינ-פאָרמאַציעס וועגן דער לאַגע אויף די פראָנטן און אין געטאָ. ער איז געווען דער שעפער פונעם „סטאַטוט" און דער „קאַמפּס-פּראָגראַם" פון דער אָרגאַניזאַציע. ניט ווייניק האָט ער אויך גע-שריבן „פאַר זיך" — רעפּאָרטאַזשן פון געטאָ און פאַרצייכענונגען פון זיין אונטערערדישער טעטיקייט. אויך אַ סקיצע אָדער הומאָ-רעסקע אויף שטייגערישע געטאָ-טעמעס זענען אַרויס פון אונטער זיין לייכטער און זייער פּראָדוקטיווער פען.

ניט אַלע כּתבים חיימס זענען אויסגעהיט געוואָרן. ס׳איז אונ-טערגעגאַנגען זיינער אַ גרויסער כּתב-יד (ביי 250 העפט-זייטלעך)

וועגן די קאָוונער ייִדן, וואָס מיטן אויסבראָך פון דער מלחמה, יוני 1941, האָבן זיך אַ הייב געטאָן פון אָרט און זענען געלאָפן פון די אָנגרייפנדיקע היטלעריסטישע חיילות. ער האָט געשילדערט די אָדיסייע וואָס די געלאָפענע האָבן דורכגעמאַכט, בעת די נאַצי-שפּאַרבערס האָבן געהאָגלט מיט קוילן פון אויבן, און די פּריש אויסגעבאַקענע ליטווישע היטלער-משרתים האָבן פון הינטערן אויסבאַהאַלט געלאָקערט אויף די פּליטים. דערנאָך — דער וועג צוריק פון די וואָס האָבן ניט באַוויזן זיך דורכצורייסן קיין רוסלאַנד. חיים האָט באַשריבן ווי ער און זיין משפּחה זענען אַריינגעפאַלן צו די דייטשן אין שטעטל אַניקשט, ווי מען האָט זיי אַ וואָך צייט געהאַלטן פאַרשפּאַרט אין אָרטיקן בית-מדרש און דעמאָלט, אַלס קאָוונער תּושבים, אַרויסגעטריבן „אַהיים". ווידער וואָגלענישן דורך וועלדער און פעלדער. לסוף האָבן ליטווישע רוצחים זיי פאַרכאַפּט לעבן שטעטל ווענדזשעגאָלע, אַ 25 ק"מ צפונדיק פון קאָוונע, איבער אַ מעת-לעת געהאַלטן פאַרשפּאַרט אין דער תּפיסה און געזאָלט זיי דערשיסן. בלויז דורך אַן אויסטערלישן צופאַל זענען זיי געבליבן לעבן, אָנגעקומען קיין קאָוונע און אַריינגעכאַפּט זיך אין געטאָ, וואָס איז שוין געווען פּראָקלאַמירט...

די דאָזיקע אַרבעט, געשריבן אויפן סמך פון פערזענלעכע איבערלעבענישן, האָט געגעבן אַ פּאַראַלגעמיינערט בילד פון דעם וואָס מיט אַ טייל ליטווישע ייִדן איז געשען תּיכף נאָכן אויסבראָך פון קריג. אָנגעשריבן האָט חיים דעם רעפּאָרטאַזש אין משך פון אַ חודש (יאַנואַר 1942), אין די טעג וואָס ער איז צום ערשטן מאָל געווען אַ לענגערע צייט אויף דער „אַרישער זייט", מיטן ציל צו זוכן אַ פּאָדעם צו דער אונטערערד אין שטאָט. אַ מקום-מיקלט האָט ער דעמאָלט געפונען אין אַ ניט קיין געהייצטן בוידעם-קעמערל ביי אַן אָרעמער ליטווישער משפּחה. אַ הונגעריקער און דערפרוירענער האָט ער געשריבן אין איין אָטעם, ווי אין מורא ניט באַוויזן צו פאַרענדיקן... ער האָט אָבער יאָ פאַרענדיקט און באַהאַלטן דעם כּתב-יד אויפן בוידעם פון זיינע מכניסי-אורחים.

סוף 1942 האָט ער, אַ פּנים, די אַרבעט איבערגעגעבן איינער אַ קאָוונער אינטעליגענטער פרוי, אי. וו., וועלכע האָט צוגעזאָגט באַהאַלטן דעם כּתב-יד אין אַ זיכערן אָרט. זי האָט עס אָבער רעכטצייטיק ניט געטאָן און, ווען אין אַ שכנותדיק הויז האָבן דייטשן דורכגעפירט עפּעס אַ קאָנטראָל, האָט די פרוי פאַרלוירן די שליטה איבער זיך, געכאַפּט און פאַרברענט... חיים האָט שפּע-טער געפּרוּווט רעסטאַווירן די אַרבעט, אָבער באַלד רעזיגנירט פון דעם געדאַנק. אויף דעם זאָגט עדות דאָס אָנגעשריבענע קאַ-פּיטל „אויף קורקלער שליאַך", וואָס איז געבליבן ניט פאַרענדיקט און רוי.

אין די פלאַמען פון דער אויפגעריסענער און אונטערגעצונדע-נער געטאָ (יולי 1944), זענען צוזאַמען מיט אַ טייל פונעם אַרכיוו פון דער אַנטיפאַשיסטישער קאַמפּס-אָרגאַניזאַציע, משמעות, פאַר-ברענט געוואָרן אויך אייניקע חיימס שריפטן.

אָפּגעראַטעוועט פון אונטערגאַנג זענען נאָר די כּתבים וואָס חיים האָט איבערגעלאָזט ביי דער נאָבעלער ליטווישער פרוי העלענע קוטאָרגענע, אַן אייגן-דאָקטאָרין. דאָס איז אַ מיט בליי און טינט געדיכט פאַרשריבענער דיקער העפט (אַן אַ"ג „זאַמעטקע" אין האַרטע ברוינע טאָוולען), אין וועלכן ס'זענען אויך געווען אַריינ-געלייגט אַ סך איינצלנע זייטלעך, פאַרשריבענע מיט דראָבנעם כּתב. אויפן ערשטן זייטל פונעם העפט געפינען מיר אַן אויפ-שריפט מיט טינט, וואָס שטעלט מיט זיך פאָר דעם פּלאַן פון דעם גרעסערן רעפּאָרטאַזש-ציקל וואָס חיים האָט באַוויזן אָנצו-שרייבן ביז אַן ערך סוף 1942 און געהאַט בדעה ממשיך צו זיין.

די אויפשריפט אויפן ערשטן זייטל פונעם העפט:

## אין קריג און געטאָ
### כראָניק פון אונדזער צייט

## ערשטער טייל: קריג

קאַפּיטלען: 1. ערב; 2. אין וועג; 3. אַניקשט; 4. אויפן וועג צוריק; 5. ווענדזשעגאָלע; 6. צוריק צום אָנהייב.

## צווייטער טייל: געטאָ

קאַפּיטלען: 1. קוואַרטאַלן; 2. באַזוכן; 3. פון באַזוכן צו קראַ-טעס; 4. בלוטיקער רויב; 5. באַפעלן; 6. אַרבעט — ביים טויער, בריגאַדעס, אַעראָדראָם...

## דריטער טייל: [ניט אָנגעגעבן קיין נאָמען]

קאַפּיטלען: 1. „בעטראַונגס-קאָמפּאַני נומ׳ 7״; 2. אונטערערד; 3. באַגעגענישן און געשפּרעכן.

אינעווייניק אויפן טאָוול פון העפט איז פאַראַן אַ צושריפט, געמאַכט מיט בליי: „ערשטער טייל געפינט זיך אויף דער סאַל-קע[1] אויף ראַמיאָיִ נומ׳ 4 א׳״. דערפון קאָן מען דרינגען, אַז די אויפשריפט איז געמאַכט געוואָרן איידער ער האָט דעם כּתב-יד איבערגעגעבן צו באַהאַלטן דער פריִער דערמאָנטער פרוי, וואָס האָט אים פאַרברענט...

אין אָט דעם בוך ווערן פאַרעפנטלעכט חיימס געטאָ-כּתבים לויט דער ריי וואָס ער האָט אָנגעצייכנט אין זיין „פּלאַן״. די הומאָרעסקעס זענען אין אים ניט דערמאָנט, ווערן זיי דערפאַר געגעבן צום סוף.

דער ערשטער טייל „קריג״ איז, ווי געזאָגט, אונטערגעגאַנגען.

די „רעפּאָרטאַזשן פון קאָוונער געטאָ״ (אַזוי טיטולירט זיי חיים אין כּתב-יד, הגם אין „פּלאַן״ גיט ער דאָס דאָזיקע אונטער-קעפּל ניט אָן) האָבן געזאָלט בילדן דעם צווייטן טייל פון דער „כראָניק״. זיי זענען געשריבן געוואָרן מיט הפסקות ביז פרילינג

[1] בוידעם-שטיבל.

1942, און זענען אָן ספק אַ ווערטפולער בייטראָג צום אַלגעמיינעם בילד פון געטאָ-קאָוונע, וואָס איז אונדז באַקאַנט פון פאַרשיידענע נאָכמלחמהדיקע פובליקאַציעס. מיט זיין שאַרף אויג האָט חיים געזען און פאַרפיקסירט אַ סך פאַקטן און פרטים, וועלכע זענען אין דער היסטאָריאָגראַפיע פון קאָוונער געטאָ ביז איצט ניט געווען אָפּגעמערקט.

אין דעם ערשטן רעפּאָרטאַזש פון דריטן טייל — „בעטראַונגסקאָמפּאַני נומ׳ 7״[2], צייכנט חיים מיט אַ בייסיקער פּען אַ גאַנצע גאַלעריע דייטשישע מיליטער-לייט, וואָס זענען אין תּוך נישטיקייטן, פאַרדאָרבענע שיכּורים און נואפים, שווינדלערס, קליינע גנבימלעך און ספּעקולאַנטן, גרייטע צו פאַרקויפן זייער „פירער און פאָטערלאַנד״ פאַר אַ צענדליק אייער אָדער אַ פּאָר זיידענע פרויען-זאָקן.

די שילדערונג זעט אויס צו מאָל ווי היפּערבאָליזירטער גראָטעסק. ס׳איז אָבער רעאַלע וואָר. דער רעפּאָרטאַזש דעמאַסקירט ניט אַזוי די רוצחישע נאַטור, ווי דעם שפלן מהות פון די פאַרשטייערס פון דער „הערן-ראַסע״, די „ריינבלוטיקע אַריער״, די „איבערמענטשן״ און „וועלט-באַצווינגערס״. אין אָט דער אַרבעט, לויטן היקף דער גרעסטער אין חיימס ליטעראַרישן עיזבון, אַנטפּלעקט זיך דעם אויטאָרס גוואַלדיק שאַרפער חוש אויפצוכאַפּן שטייגערישע דעטאַלן און כאַראַקטער-שטריכן פון מענטשן. וואָס שייך דער טעמע, איז דער רעפּאָרטאַזש „בעטראַונגס-קאָמפּאַני נומ׳ 7״ איינער פון די זעלטענע פון דעם מין אין דער יידישער פאַרצייכענונג-ליטעראַטור, וואָס איז געשריבן געוואָרן אינעם לויף פון די געשעענישן. דעריבער שטעלט ער מיט זיך פאָר אַ ווערטפולן אויטענטישן דאָקומענט פון יענער תּקופה.

אין „אונטערערד״ פאַרצייכנט חיים זיינע ערשטע פרוּוון צו געפינען דעם פאָדעם צו די אַנטינאַצי-קעמפערס אין קאָוונע, כּדי מיט זייער הילף אַרויספירן די געטאָ-קעמפערס פון הינטערן שטעכלדראָט און אָנשליסן זיי צום פאַרטיזאַנישן קאַמף קעגן

[2] אַפּראָוויזאַציע-איינהייט פונעם מיליטער.

אָקופּאַנט. עס אַנטפּלעקט זיך די טראַגישע אומבאַהאָלפנקייט פון די ווידערשטענדלערס אין געטאָ און זייער אָפּהענגיקייט פון דער „אויסן-וועלט״. חיים האָט געזוכט אַן אַחיזה אויף דער „אַרישער זייט״ צווישן אַ באַפעלקערונג, וואָס איז צו די יידן גע-ווען צום טייל פיינטלעך, צום טייל גלייכגילטיק און די וואָס האָבן זיך באַצויגן מיט סימפּאַטיע און געוואָלט העלפן, זענען אַליין געווען אומבאַהאָלפן און אומברחמנותדיק געראָדפט. מיר דרינגען פון דעם רעפּאָרטאַזש, אַז חיים היט זיך פון אַוואַנטורעס. ער ווייסט אָבער: אין יעדן קאַמף מוז מען ריזיקירן און עפּעס איינשטעלן. און אָט דער „עפּעס״ איז אין זיין פאַל — דאָס אייגענע לעבן.

פון עטלעכע ערטער אין טעקסט קאָן מען דרינגען, אַז זיינע פאַרצייכענונגען „אונטערערד״ האָט חיים געשריבן זומער 1942, הגם אין זיי ווערן באַריִרט געשעענישן, אָנגעהויבן פון יולי 1941.

די „רעפּאָרטאַזשן פון קאָוונער געטאָ״ און „אונטערערד״ זענען ניט שלימותדיק — ניט פאַרענדיקט און ניט באַאַרבעט. זיי זענען געבליבן אין דער סטאַדיע ווי חיים האָט זיי אָנגעשריבן אויף דער הייסער מינוט. זיי האָבן אָבער אַ גרויסן דערקענטעניש-ווערט.

אַן אַנדער מזל האָט געהאַט זיין רעפּאָרטאַזש-ציקל „באַגעגע-נישן און געשפּרעכן״. געשריבן האָט ער דעם ציקל אין פרילינג 1942, אויף באַזונדערע בלעטלעך פּאַפּיר מיט אַ האַסטיקן און זייער אומקלאָרן כּתב. בערך אין אַ יאָר אַרום האָט ער די בלעט-לעך ווידער גענומען אין די הענט, איבערגעשריבן אויף ס'ניי, און אַ שלייף געטאָן די שפּראַך, דעם סטיל און אַריינגעטראָגן קאָמ-פּאָזיציאָנעלע תּיקונים. צו דעם האָט אים באַוויגן פאָלגנדיקע סיבה. נאָך דער אַ״ג „ביכער-אַקציע״ (פעברואַר 1942) האָבן די דייטשן פאַרבאָטן יעדע קולטור-טעטיקייט אין קאָוונער געטאָ. מען האָט ניט געטאָרט לייענען קיין ביכער, ניט געטאָרט לערנען מיט קינדער, אַ פּשיטה שוין שרייבן, באַשרייבן אונדזער וויסטן גורל. פון דעסטוועגן פלעגן מיר זיך צו מאָל פאַרזאַמלען אין אַן ענגן קרייז, שרייבערס און קולטור-טוערס, און פלעגן פאָרלייענען די געשאַפענע ווערק הינטערן שטעכלדראָט. אויף איינעם אַזאַ

צונויפקום ביי אברהם גאָלוב, אין וועלכן ס'האָבן אָנטייל גענומען דער ליטעראַטור-פאָרשער דאָצענט ד״ר ח. נ. שפּירא, דער באַוווסטער שרייבער-פּליט פון וואַרשע מיכאל בורשטין, דער קאָוונער שרייבער אליעזר היימאַן, דער יונגער דיכטער איציק שמערקאָוויטש אוןביידע ברידער, די שרייבערס חיים און מאיר יעלין, האָט חיים פאָרגעלייענט דעם מער-ווייניק אויסגעענדיקטן וואַריאַנט פון זיינע „באַגעגענישן און געשפּרעכן״.

אין אַלע זיינע ווערק שפּירט זיך חיימס נטיה צו הומאָר און סאַטירע. די דאָזיקע ווערטפולע אייגנשאַפט פון זיין פען האָט באַקומען פרייע הענט אין די הומאָרעסקעס פון געטאָ-לעבן. אין דער צווישנצייט פון „אַקציע״ צו „אַקציע״, פון בראָך צו בראָך, איז אין געטאָ געפלאָסן אַ „לעבן״ מיט זיינע ביטערע אַלטאָגזאָרגן, מיט זיינע שטייגערישע אייגנטימלעכקייטן און אַנאָמאַליעס, מיט זיינע צווישנבאַציִונגען און צונויפשטויסן פון מענטש צו מענטש. אין זיינע הומאָרעסקעס, געשריבן דער עיקר ווינטער 1942/43, האָט חיים געשילדערט אַ ריי דערשיינונגען פונעם געטאָ-אַלטאָג וואָס זענען, ווי מיר דאַכט, דורך קיינעם בכּתב ניט פיקסירט געוואָרן. און געטאָן האָט ער דאָס מיט אַ ווייכן הומאָר און אַ שמייכל, וואָס איז אַ סך מוחל...

ווי מיר זעען, זענען חיימס שריפטן וואָס ווערן דאָ פאַרעפנטלעכט, אַרויס פון אונטער זיין פען בעיקר ביזן יאָר 1943. די ווידערשטאַנד-באַוועגונג איז געוואַקסן, איר קאַמפּס-טעטיקייט האָט זיך אויסגעברייטערט און פולשטענדיק פאַרשלונגען חיימען דעם שרייבער. אָבער כּלערליי מאַטעריאַלן פאַרן וועכנטלעכן בולעטין פון דער אָרגאַניזאַציע האָט ער ניט אויפגעהערט גרייטן. עס איז , ווי אויבן דערמאָנט, ניט אויסגעשלאָסן, אַז דאָס ביסל וואָס חיים האָט געשריבן אין לעצטן פעריאָד — „פאַר זיך״, איז מיטן טייל אַרכיוו פון דער קאַמפּס - אָרגאַניזאַציע וועלכן מען האָט אין איילעניש באַהאַלטן אויף אַ בוידעם, אַרויף מיט די פלאַמען בעת דער ליקווידאַציע פון געטאָ.

**מאיר יעלין**

# רעפּאָרטאַזשן פון קאָוונער געטאָ

## קוואַרטאַלן

און אָט איז די געטאָ פאַר קאָוונער ייִדן — די פרומע סלאָבאָדקע מיט די ישיבות און בתי־מדרשים, מיט די פרומגעהיטע שבתים און יום־טובים. סלאָבאָדקע מיט די קרומע, פאַרקניפּטע און פאַרפּלאָנטערטע געסלעך. אַלט־סלאָבאָדקע — האַלב־חרובע כאַטקעס, איינגעהויקערטע הייזקעס מיט מאָכיק־גרינע שינדלדעכער, האַלב־איינגעפאַלענע באַלקנס און פונעם ווינט צע־שפּאָלטענע ווענט. די ייִדישע סלאָבאָדקע מיט אירע גאַסן: מתים־גאַס, ישיבה־גאַס, שול־גאַס, בוינע־גאַס, וועליאָנער, לינקעווער און אַנדערע. און אין זיי און פון זיי אַרויסגעשפּראָצטע זאַווולקעס, פאַרדרייטע דורכגענג צווישן הייזער, שטאַלן און פאַרקאַנס. די ייִדישע סלאָבאָדקע מיטן פונק פון קליינשטעטל, מיטן „סאַבעסדיקן לאָסן" — די אָרעמקייט פון קאָוונע, און אויך אַרבעטער־משפּחות מיט זין, רעוואָלוציאָנערע קעמפּערס...

אָט אין דער סלאָבאָדקע — זומער אַ צעטריקנטע פון היץ; האַרבסט און ווינטער אַ פאַרזונקענע אין בלאָטעס און שנייען — דאָ וועט עס זיין די געטאָ. און דער צווייטער טייל — נייַ־סלאָבאָדקע — די „קריסטלעכע סלאָבאָדקע" מיט די לופּטיקע און זוניקע הייזער, מיט גערטנער און סעדער, די נייע הייזער־בלאָקן — איז אויך לכתחילה צוגעטיילט געוואָרן דער געטאָ. עמעצער האָט אָבער ניט פאַרגונען ייִדן און באַלד אויסגע־שניטן גאַנצע גאַסן, אַרויסגענומען זיי פונעם געטאָ־שטח, אַרויסגעריסן מיט גוואַלד און צעשניטן די געטאָ אין צוויי טיילן.

אין סאַמע מיטן געטאָ ציט זיך פּאַנעריו־גאַס. לינקס פון איר איז די קליין־געטאָ, פון רעכטס — מיט צאַקנס און אומסימעטריש אַרויסגעשני־טענע ווינקלען — די גרויסע געטאָ. און דאָס אַלץ היט און שיצט פון איין זייט שטיל און הכנעהדיק די ווילִיע, פון דער אַנדערער זייט — דער באַרג מיט זאַמעטער שאָסיי. אין מיטן געטאָ איז אויסגעטיילט דעם גלחס שטוב,

דער קלויסטער און דער צווינטער. זיי קוקן אַלץ אָן מיט גאָטפאָרכט, מיט מיושבדיקן גלייכגילט און פאַרבאַהאַלטענער הנאה...

וויפל גאַסן זענען געווען, וויפל גאַסן זענען אַרויסגענומען געוואָרן פון געטאָ און וויפל געבליבן? די פּלענער ביים שטאָט־טאַטע קראַמער [1] האָבן זיך יעדע ווײַלע געביטן. יעדער קאַפּריז זיינער, יעדע איינגעשפּאַרטקייט פון איינעם און אַ צווייטן שׂררה האָבן געביטן די לאַגע. די באַשטימטע קוואַרטאַלן זענען אַרומגערינגלט געוואָרן מיט אַ צוים, פאַרבונדן געוואָרן מיט אַ בריק און אַ געפלאָנטן טונעל, ווי אין גוליווערס מעשׂהס... אַזוי האָבן אויסגעזען די „אַרכיטעקטור" און די „פּלאַנירונג" פון צוימען, בריקן, טונעלן... פאַרנומען האָט מען זיך מיט דעם אין אַ צייט פון מוראדיקע בלוט־פאַרגיסונגען און שגעונדיקע מלחמות. טאַקע אין אַזאַ צייט דאַרפן קראַנקע מענטשן האָבן שפּילצייג...

יִדן האָבן זיך אַליין אַרומגעצוימט. געכאַפּטע אין די גאַסן, אַנדערע פון די הייזער אַרויסגעשלעפּטע, האָבן זיי אונטער אַ שמירה פון באַנדיטן אַרומגעצוימט זייער „אייגן לאַנד", זייער קומענדיקן לעבנסרוים... זיי האָבן איינגעגראָבן קלעצער אין דער צעטריקנטער ערד, געצויגן שטעכלדראָט, אַרומגעצוימט מיט אַ הויכער שטעכלדראָט־נעץ די אָנגעוויזענע גאַסן. צווישן איין פּאַראַלעלן דראָט און צווייטן אָפּגעמאָסטן פּינקטלעך צוואַנציק סענטימעטער, און איין מעטער — צווישן די ווערטיקאַלע.

— ווי געפעלט אייך אונדזער פּראַצע, אונדזער אייגענע אַרבעט? — פרעגט אַ ייִד און זויגט פון פינגער דאָס בלוט, וואָס ער האָט זיך אָנגע־מאַכט פון זשאַווערדיקע שטעכלקעס.

— איידער מירן פאַרענדיקן, וועלן מיר אים שוין דאַרפן פונאַנדער־נעמען — טרייסט אים און זיך אַ צווייטער וועלכער אַרבעט פּויל, פאַר־ביטערט. מען האָט זיין פרוי געשאָסן, זיינע קינדער געשאָסן. ער איז גע־בליבן מיט אַ קויל אין אַקסל און שפּירט פון צייט צו צייט אַ קראַמף אינעם אָרט פון שאָס.

— מען וועט נאָך אַריינלאָזן עלעקטרע אין צוים. ווער וועט שוין וואַגן?

[1] דער היטלעריסטישער קאָוונער שטאָט־קאָמיסאַר, ס.א.-בריגאַדענפירער האַנס קראַמער. (פון דאַנען און ווייטער — באַמערקונגען פון רעדאַקציע.)

אַזוינע געשפּרעכן הערט מען אויף שריט און טריט.

דער צוים ציט זיך פון טייך, פון דער ווילִיע פאַרביי דער זעגמיל, ציט זיך אין דער ברייט פון סלאָבאָדקע מיט ווינקלען און צאַקן באַרג־אַרויף. דאַן לאָזט ער זיך אַראָפּ, שניידט דורך פּאַנעריו־גאַס, קומט צו צום מאַרקפּלאַץ, גייט אַרום און גריסט זיך ווידער מיט פּאַנעריו. ער ציט זיך דאַן אַוועק גלייך ביז צו יורבורקער גאַס... נאָר ניין, ס׳איז עמעצן ניט געפעלן געוואָרן. די ייִדן שלעפּן צוריק אַרויס די קלעצער, וויקלען צונויף די דראָטן און פאַרדרייען דעם צוים אויף וועליאָנער געסל, האַרט פאַרביי די הייזער. איין זייט געסל בלייבט אויסער דער געטאָ. פון וועליאָנער פאַר־דרייט זיך דער צוים צו קריקטשיוקיַיטשיאָ — מתים־גאַס און לאָזט זיך ווידער אַראָפּ צו דער ווילִיע.

דער טונעל וואָס איז געגראָבן געוואָרן אונטער יורבורקער גאַס, ווערט צוריק פאַרשאָטן. ער ווערט פאַרשאָטן מיט צוויי יונגע לעבנס, וואָס זענען אומגעקומען ביי דער אַרבעט. די יורבורקער און די גאַסן פון דער אַנדערער זייט געהערן מער ניט צו ייִדן. דער צוים ווערט דאָ צענומען. מען רינגלט איצט אַרום די קליין־געטאָ — אַ טייל לינקע זייט פּאַנעריו־גאַס, וואָס שטרעקט אויס איר שלום־עליכם דער גרויס־געטאָ דורך אַ בריק. זעקס מעטער הויך איז דאָ די בריק, אַ הילצערנע, ווי אַן אַרקע אַריבערגעבויגן איבער דער גאַס. עס פירן טרעפּ־אַרויף, טרעפּ־אַראָפּ, פאַרבינדן איין טייל דוואַראָ־גאַס מיטן צווייטן טייל און לאָזן אונטער זיך פּאַנעריו־גאַס, איבער וועלכער עס פאָרן פורן, מאַשינעס. אונטער דער בריק גייט אָן דאָס קריסט־לעכע לעבן. איבער דער בריק גייען „פאַרברעכערס״ — ייִדן...

דער צוים האָט אייניקע טויערן. ביי די טויערן און ביי דער בריק וועלן אַוועקגעשטעלט ווערן פּאָסטנס מיט געלאָדענע ביקסן, מיט אַ ווילן צו שיסן, מיט אַ וווּנטש צו געפינען וואָס מער געלעגנהייטן צו שיסן, וואָס מער תּירוצים צו טייטן. נאָר אַז עס פאַרגלוסט זיך גאָר שטאַרק, דאַרף מען בכלל קיין תּירוץ ניט האָבן. מען שיסט, און פאַרטיק. קיין שטראָף קומט ניט. דאָס האַרץ גיט ניט קיין צאַפּל. דאָס בלוט גיט ניט קיין ברי. ס׳איז פאַרווײַלונג און שפּאַס, אינטערעס און שפּיל.

די קוואַרטאַלן פאַר איר מאַיעסטעט — קאָוונער געטאָ — זענען באַ־שטימט. דער צוים איז פאַרענדיקט, די בריק — פאַרטיק. אַכט און צוואַנציק

טויזנט ייִדן זענען דאָ פאַרשפאַרט. אייַער האָהייט, הער קראַמער, איר קאָנט שוין קומען אויף אַ באַזוך!

אַכט אָוונט פאַרשליסט מען זיך אין די שטיבער. עס הערן אויף צו סקריפּען טיר און טויער. עס ווערן איינגעשטילט די קינדער אין די הייפן. די גאַסן זענען פוסט, אָפּגעליידיקט, כאָטש דער טאָג איז נאָך גרויס. ער פאַרציט זיך נאָך אַ פּאָר שעה. אין די שטיבער איז הייס און שטיקנדיק. אין די הייזלעך ביי די צוימען פאַרמאַכט מען פרי די לאָדנס. מען פאַרריגלט און פאַרשליסט ווו נאָר אַ קייטל, ווו נאָר אַ שלאָס. די טירן ווערן פאַר־שפּאַרט מיט פלעקענער. דורך שפּעלטלעך אין די הילצערנע פאַרקאָנעס קוקט מען אויפן שטעכלדראָטענעם צוים. אַרום אים דרייען זיך די וועכ־טערס — ליטווישע באַנדיטן און דייטשן. זיי שיסן קעץ וואָס קריכן איבער דעכער, אַנטלויפנדיקע הינט אין די געסלעך, און גיבן אָפּ סתם אַזוי שרעקשאָסן. ייִדן פאָלגן נאָך מיטן געהער די שאָסן. מען מאַכט דעם חשבון צי דער שאָס איז געווען צום הימל, צי ער האָט זיך אָפּגעשלאָגן אין אַ בוים, אין אַ דאַך, צי אין אַ קוימען, צי גאָר געטראָפן אין עמעצן... שכנים גייען מיט לאַנגזאַמע, שטילע טריט איינער צום אַנדערן הערן וואָס־ניט־איז, אפשר זיך אויך עפּעס דערוויסן.

— וויפל האָט מען היינט געשאָסן, ווען, פאַר וואָס? — דאָס איז די ערשטע פראַגע.

און ווייטער:

— ווי לאַנג וועט דאָס נאָך אָנהאַלטן? באַרעכנט זיך, שוין צוויי חדשים, און עס נעמט אים ניט די כאָלערע!

די געשפּרעכן פאַרציִען זיך ביז פינצטער. עס קלעפּן זיך די אויגן, און מען צעגייט זיך איבער די הייזער, איבער די צימערן. יעדער שאָרך הייבט אַרויס פון בעט, יעדער סקריפּ ווערט נאָכגעפאָלגט מיט מורא און ציטער. איבערן הימל פליִען פאָספאָרקוילן, עס הילכן אָפּ שאָסן. צו וואָס שיסן זיי? ווען שיסן זיי? ווילן זיי וויזן אַז זיי שטייען אויפן פּאָסטן? ווילן וויזן אַז זיי היטן, מען זאָל ניט פּרוּוון אַנטלויפן?

ניין, זיי ווילן מען זאָל ניט שלאָפן, מען זאָל וואַכן, מען זאָל אין גע־שפּאַנטקייט און אָנגעשטרענגקייט פאַרמאַטערט ווערן, אויסגעשעפּט ווערן, אויסגיין זאָל מען.

וויפל דאַרף עס דויערן, ביז ייִדן וועלן זיך צוגעוווינען צו די נאַכט־קאָנצערטן? מען געוווינט זיך טאַקע צו. און מען שלאָפט איַין. מען שלאָפט איַין ביז עס וועקן אויף קלעפּ אין טיר, פאָדערונגען צו עפענען, פאָדערונגען און דראָונגען צו גלייך. אין דער מערהייט זענען עס דייטשן, מיליטער־לייט, זעלטענער — זייערע ליטווישע אַרויסהעלפערס. זיי רייסן זיך אַריין אין די הייזער:

— געוועהר האָט איר?

— ניין און ניין. ווי קומט צו ייִדן געוועהר?

— ייִדן האָבן אַלץ. איר מיינט אַז מיר ווייסן ניט אַז איר הערט דאָ ראַדיאָ? ווּ איז דער אַפּאַראַט?!

— אָפּגעגעבן, שוין לאַנג אָפּגעגעבן לויטן באַפעל, מיין הער.

— אָפּגעגעבן? ווּ האָסטו דאָס גאָלד פאַרשטעקט?

דער דייטש פּאַלט שטיקן די פרוי, דעם מאַן. עס הייבט זיך אויף אַ יללה.

— שטיל זאָל זיין! וועדן ניט, שיס איך!

מען קויפט אים אָפּ מיט אַ זייגערל, מיט אַ רינג, מיט טואַלעטן־זייף און געלט. ער גייט אַרויס, גייט איבער די שטומע און טויטע גאַסן. זוכט זיך אויס נייע שטיבער. פאַרצייכנט זיך ווּ ער איז געווען, כּדי ער זאָל אין דער פינצטער ניט אַריינגיין על־פּי טעות נאָך אַ מאָל.

פון אַלע זייטן קריכן אַזוינע „באַזוכערס” דורך די צוימען. מאָרגן וועלן זיי אפשר זיין ווייט, ווייט, אויף דער פראָנט־ליניע, דאַרפן זיי זיך צואײַלן און באַזוכן די געטאָ, מיטנעמען פאַר זיך אַן „אָנדענקונג”, עס זאָל זיין צו שיקן אַ מתּנה דעם ווייב, דער כּלה, דער טאָכטער. די ליטווישע געהילפן פון די דייטשן ווערן דרייסטער. זיי טוען נאָך זייערע לערערס און פירערס און ווייזן אַרויס אויף דעם געביט גרויסע פעיִקייטן... זיי קריכן אַריין גרופּעסווייז, שטאָפּן אָן פולע קעשענעס און לאָזן איבער אַ זכר — אַ פּאָר טויטע: געשאָסענע, צי געשטאָכענע, ווי עס פאַרוועלט זיך זיי...

אויף מאָרגן דערוויסט מען זיך וועגן די געשעענישן בעת דער פאַרגאַנגענער נאַכט. די דייטשישע וואַך פאַרזיכערט, אַז דאָס זענען געווען ניט פון אירע קאַמעראַדן און אַז ביי זיי איז „פּלינדערן”, דאָס הייסט, ראַבעווען, פאַרבאָטן לויטן געזעץ.

און ביי טאָג? אויך ביי טאָג הערן ניט אויף די באַזוכן, די „לעגאַלע באַזוכן". עס פאָרן אָן לאַסטאויטאָס מיט פאַרסאָפּעטע, פאַרשמייעטע דייטשישע סאָלדאַטן. זיי האָבן פאַראָרדענונגען און מיִען זיך וואָס שנעלער צו באַפרידיקן דעם אָפיציר, דעם העכערן מיליטערישן קאָפּ זייערן. זיי האָבן אַ פאַראָרדענונג אין משך פון טאָג צו מעבלירן אַ דירה. זוכן זיי אויס אַ שלאָפצימער, פאַנירטע בעטן און שאַפעס, הויכע שפּיגלען — אַלץ אין טונקל־ברוין. דאָס געפינען זיי אין איין אָרט. אין אַ צווייטן — פּוכאָוויקעס אין זייַד, קישנס, ציכן, אויף וועלכע עס ליגט נאָך דער גלאַנץ פון פּרעס־אייזן. די דייטשן פאָרן פון הויז צו הויז. זיי געפינען פּערסישע טעפּעכער, טיש און שטולן, אַ ניימאַשין, אַ וואַנטזייגער, קלייבן אויך אויס פאַר זיך, וואָס עס פאַרוועלט זיך זיי.

יִדן צווינגט מען העלפן אַרויסשלעפּן דאָס צוגעצוימענע מעבל, זייערע אייגענע זאַכן. זיי לאָדן עס אָן אין אויטאָ, זיי מוזן עס טאָן מיט התמדה...

עס הערן ניט אויף די דאָזיקע „באַזוכן". עס קומען אַריין ליטווינער, זוכן אַ שרייבטיש. זיי דאַרפן עס פאַר זייער „שעף"... זיי זוכן אַ קאָסטיום „צו קויפן". ביי טאָג קוקן זיי אויס און ביי נאַכט קומען זיי מיט געווער עס איינמאָנען. ס'איז דאָך שוין זייערס, ס'איז שוין באַשטעלט געווען פון פריִער...

אויך די יִדישע מיטהעלפּערס פון די דייטשן נעמען אָנטייל אין דעם — פאַר אַ צוזאָג פון אַ דייטש צו „לאָזן לעבן", אָדער פאַר אַ מיטאָג זוכן זיי אויס און געפינען וואָס די דייטשן בעטן ביי זיי. און די דייטשן דאַרפן אָפּט מאָל אַ דאָקטער־קאַבינעט, אַ גינעקאָלאָגישן שטול, פאַרשיידענע שפּריצן און מעדיקאַמענטן... מער פון אַלץ זוכן די רויבערס גאָלד, זייגערס און איידלשטיינער. עס פאַרגייען איי‌ניקע טעג און זיי באַקומען פּינקטלעכע אַדרעסן, ווו וואָס צו געפינען. דאַן פאָרן־צו די באַרימטע און באַקאַנט גע־וואָרענע לאַסטאויטאָס גלייך צום הויז, האָבן אַפילו דעם פּלאַן פון צימער, די באַהעלטעניש אין הויף און נעמען צו וואָס זיי באַגערן.

די „באַזוכן" הערן ניט אויף. זיי האַלטן אָן טעג, נעכט, וואָכן.

## פון באַזוכן צו „קראַטעס"[2]

אַ דושנער פרימאָרגן פאַרבט זיך אין גאָלד און בלוי. אַ רויטער פּאַסאַזשיר־אויטאָ פאָרט אַריין אין געטאָ, שטעלט זיך אָפּ אין צענטער. פון אים שפּרינגען אַראָפּ דרייסיק דייטשן. באַלד קומען צו פאָרן צוויי לאַסטאויטאָס מיט ליטווינער. זיי שטעלן זיך אויס און פאָלגן דעם באַפעל. עס ווערן אַרומגערינגלט די הייזער־בלאָקן. מען לאָזט ניט אַריין, ניט אַרויס. די דייטשן צעטיילן זיך איבער די הייזער — צו דריי־פיר אין אַ וווינונג. די ליטווינער צעשיטן זיך איבער די דערבײַיִקע הייזער, שלעפּן אַרויס די ייִדן און מושטירן זיי אויס, שאַפן אַ בריגאַדע וואָס דאַרף העלפן די דייטשן שלעפּן און פירן זאַכן. די רייכע בלאָקן ווערן דער ערשטער אָביעקט פון די „קראַטעס".

די ערשטע פאָדערונג איז אָפּצוגעבן גאָלד, זילבער און געלט. דאַן נעמען די דייטשן צו, וואָס עס געפעלט זיי: ביי איינעם דאָס מעבל פון עסצימער,ביים צווייטן — פון שלאָפצימער, ביים דריטן — אַלץ. זיי שלעפּן אַרויס פון די שאַפעס און פון באַהעלטענישן — קליידער, שוכוואַרג, בעט־געוואַנט, בעטצייג, ניי־מאַשינען, זייגערס. דער באַזוך דויערט אַ גאַנצן טאָג. אויף מאָרגן ווערן דורך די „קראַטעס" פאַרכאַפּט אַנדערע קוואַרטאַלן. אין יעדן הויז, אין יעדער דירה קומען די דייטשן דרײַ טעג נאָך אַנאַנד, צו דרײַ מאָל נאָך דער ריי. די קוואַרטאַלן זענען אַרומגערינגלט. די ייִדן זיצן אָן שפּייז, זיי קאָנען ניט אַרויסגיין אָפּנעמען די נאָרמע. אויך פון די טיילן געטאָ וואָס זענען ניט אַרומגערינגלט, האָבן די ייִדן מורא אַרויסצוגיין. די גאַסן זענען ווי אויסגעשטאָרבן. זעלטן ווו ס'אײַלט אַ פאַרבייגייער. ער אײַלט אין קאָמיטעט[3], ער אײַלט אין חברה־קדישא, ער אײַלט אָנזאָגן, מען זאָל קומען צונעמען אַ געשאָסענעם, אַ געשטאָרבן קינד צי אַן אויס־געגאַנגענעם אַלטיטשקן. מענטשן שטאַרבן די טעג אַ סך. ס'האַלטן ניט אויס קיין הערצער. עס טראָגן ניט דורך די שוואַכערע, די עלטערע, די קראַנקע קינדער. דער געטאָ־בית־עולם ווערט צעבערגלט פון קברים. צוויי,

---

[2] ליטוויש. דער טייטש — זוכונגען. זיי זענען פאָרגעקומען אין דער צווייטער העלפט פון אויגוסט 1941.

[3] אַזוי האָט געהייסן ביים עולם די יידישע געטאָ-אַדמיניסטראַציע.

דריַי קינדער באַגראָבט מען אין איין גרוב. קברים באַקומען נאָר אַ נומער. ייִדן טאָרן ניט האָבן קיין פּאַס, קיין דאָקומענט. דאַרפן ניט האָבן קיין מצבה, קיין זכר, קיין אָנדענק.

גאַנצע טעג איילן די אויטאָס הין און צוריק. פון געטאָ — אָנגעלאָדענע, צוריק — פּוסטע. מיט די אויטאָס פאָרן ייִדן און אַ שמירה. די ייִדן לאָדן אויס און שטעלן צוזאַמען די קעגנשטאַנדן אין שפּייכלערס. און די שפּייכ־לערס זענען די קאָוונער קלויזן.

שוין אַ גאַנצע וואָך ווי ס׳האַלטן אָן די „קראַטעס". די ערשטע טעג זוכן די דייטשן גרינטלעך. דאַן זעען זיי אַז עס איז אַן עסק אויף חדשים, און די פּראָגראַם אויף די קומענדיקע חדשים איז שוין פעסטגעשטעלט. אויסער די „קראַטעס" איז זי נאָך רייך אין פאַרבן. מוז מען עס מאַכן שנע־לער. זיי נעמען מיט מיט זיך ייִדישע ספּעציאַליסטן, מבינים אויף גאָלד און זילבער, יוועלירן, וועלכע דאַרפן זיין עקספּערטן, אָנווייזן, וואָס איז גאָלד אָדער מעש... אַנדערע ייִדן טוען עס פאַר אַ קוויטל צו קומען אויף יענער וועלט פון די לעצטע...

אַלע פרימאָרגן קומען די דייטשן אין געטאָ פאָרזעצן די „קראַטעס". פאַרבייפאָרנדיק באַפאַלן זיי די רייען מענטשן, וואָס שטייען פאַר די קראָ־מען. זיי לאָזן אַרויף אויף די ווייבער בייזע שפּירהינט וועלכע זיי האַלטן פאַר קייטלעך. זיי שפּאַרן צו די ווייבער צו די וואַנט און אונטערזוכן זיי, נעמען אַראָפּ די רינגען, שאָקלען אויס דאָס געלט פון די טייסטערס און הייסן זיי פאַרשווינדן.

ביז די דייטשן האָבן ניט געענדיקט די „קראַטעס" אין די בלאָקן, האָט קיינער ניט געוווּסט אין געטאָ ווי דאָס קומט פאָר. ערשט ווען זיי האָבן גענומען אַרומרינגלען אַ נייעם קוואַרטאַל, האָט מען זיך געטראָפן מיט די וואָס האָבן געהאַט די זכיה צו זיין פון די ערשטע, און פון זיי אַ סך געלערנט.

די איבעריקע גאַסן פון געטאָ באַגעגענען שוין די געסט צוגעגרייטע. אויך די דייטשן קליגן זיך און בייטן זייערע מעטאָדן פון זוכן. די פּאַניק וואַקסט פון טאָג צו טאָג. די דייטשן הייבן אָן צו הרגענען ווען מען גיט זיי ניט אַזוי פיל, וויפל זיי שטעלן זיך פאָר. זיי פאַרהאַלטן זיך לענגער אין איין שטוב. די קולות פון די געשלאָגענע פרויען הערן זיך וויט. די שכנים דערשרעקן זיך און לייגן שוין אַרויס דאָס גאָלד, זילבער און געלט.

די דייטשן שלאָגן שטאַרק דאָקטוירים. זיי ראַמען ממש אויס זייערע דירות. מען דערוויסט זיך וועגן דעם, און די איבעריקע דאָקטוירים רייסן אַראָפּ זייערע שילדלעך, שלעפּן אַרויס דאָס מעבל, צענעמען די בעטן, די שאַפעס און צעלייגן די מאַטראַצן אויף דער ערד. זיי פאַרשטעקן דאָס וועש אין שמוציקע זעק און וואַרפן אַריין אין שטאַל, מען טוט אויף זיך אָן פיר העמדער, צוויי, דריי קליידלעך, זשאַקעטן, כּדי מען זאָל וואָס ווייניקער געפינען און ס׳זאָל זיך די דייטשן וואָס ווייניקער פאַרגלוסטן...

אַ ייִדענע קומט צו לויפן און ברעכט מיט די הענט: זיי טוען אויס נאַקעט די פרויען! זיי זוכן אומעטום!

די פרויען שלעפּן פון זיך אַראָפּ די איבעריקע קליידער, מען האָט מוׂרא פאַרן צאָרן פון די וואָס אונטערזוכן.

אַ צווייטע פרוי קומט מיט דער בשׂורה אַז זיי נעמען צו שפּייז, זיי נעמען אַלץ צו!

ס׳ווערט אַ סומאַטאָכע. מען פאַרבאַהאַלט זאַכן און מען וואַרפט אַרויס. איין שכן באַהאַלט, אַ צווייטער שכן געפינט און ברענגט אַהיים. ביידע צעקריגן זיך. „צוליב אייך זאָלן מיר ליידן? אויב איר זשאַלעוועט דאָס, טאָ שלינגט אַראָפּ!״

...און אָט רינגלען די דייטשן אַרום אונדזער קוואַרטאַל. די ליטווישע „געהילף־פּאָליציסטן״ שטייען מיט אויסגעשטעלטע ביקסן, ווי זיי וואָלטן זיך געגרייט צו אַן אַטאַקע. אַ דייטשישער אָפיציר פאַרטיילט זיין „אַרמיי״. ער טאַנצט הין און צוריק, פון איינעם צום אַנדערן, זאָגט אָן זיינע אונטער־טאַנען, וואָס זיי האָבן צו טאָן, וויפל מען דאַרף היינט „מאַכן״, וויפל צו־נויפקלייבן. לעבן זיי שטייט אַ צונויפגעכאַפּטע גרופּע ייִדישע בחורים, וואָס דאַרף העלפן שלעפּן די זאַכן. די בחורים שטייען מיטן פּנים צו דער וואַנט, מיט די הענט אויף אויבן. איין דייטש אונטערזוכט זיי. ווען ער ענדיקט באַוויליקט ער ניט צו זאָגן, אַז זיי קאָנען אַראָפּלאָזן די הענט און זיך אומדרייען. ער דערלאַנגט יעדן איינעם אַ קנאַק מיטן קאַנטשיק און זאָגט אָן גוט צו אַרבעטן, ניט גנבענען און ניט העלפן די „ברידער ייִדן״, די הינט, עפּעס צו „פאַרשטעקן״.

די דייטשן צעשיטן זיך אין די דערבייִיקע גאַסן. אונדזער הויף ריכט זיך. יעדע ווײַלע שיקט מען אַרויס אַ קינד אַ קוק טאָן ווו זיי האַלטן... פאַרנאַכט־צו לאָזן זיך אַראָפּ צוויי גרופּעס דייטשן צו אונדזער שטוב מיט

די עלף דירות. אַלע האָבן זיך שוין צוגעגרייט. אין יעדער דירה געפינט זיך שוין אַ „קראַנקער", וואָס ליגט אין בעט. ער דאַרף עס אַרויסרופן רחמנות ביי די רויבערס. עס ווילט זיך דורך דעם פאַרזיכערן, זיי זאָלן ניט שלעפּן אויף אַרבעט. ערשט שפּעטער פאַרשטייען אַלע, אַז אַ קראַנקייט איז פאַרן דייטש ניט קיין סגולה. דער דייטש דאַרף האָבן אַ געזונטן, וועלכן ער זאָל קענען קראַנק מאַכן און שפּעטער פּטרן.

פיר דייטשן כאַפּן זיך אַרויף צו אונדזערע פיר דירות אויפן צווייטן שטאָק. זיי שטעלן אויס די פרויען באַזונדער און די מענער באַזונדער.

— די פרויען מוזן דורכמאַכן אַן אונטערזוכונג — זאָגט דער פירער פון דער גרופּע. — זיי דאַרפן אָבער ניט האָבן קיין אַנגסט, ווייל איך בין אַ פרויען־דאָקטער.

ער טרייבט אַריין מיטן קאַנטשיק די פרויען אין אַ פּוסטער דירה, טוט אויס דאָס רעקל, פאַרקאַטשעט די אַרבל פון דער בלוזע, שפּאַרט זיך אָן אין אַ וואַנט, ווי אַ קצב ביים יאַטקעקלאָץ, און פאָכענדיק מיטן קאַנטשיק באַפעלט ער די פרויען זיך אויסצוטאָן.

— איך גיב אייך פינף מינוט צייט!

די פרויען קוקן זיך איבער, קיינער וויל ניט אָנהייבן.

— אויסטאָן, זאָג איך! איך בין אַן אַרצט. ס'וועט ניכטס געשען, זי מוסן אונטערזוכט ווערדען! — באַרויִקט זיי דער דייטש.

די פרויען הייבן זיך אָן מיט מוֹרא אויסצוטאָן. דער דייטש שפּאַנט אַרום איבערן צימער און מושטירט:

— ווייטער, ווייטער!

די פרויען פאָלגן און בלייבן מוטער־נאַקעט, פאַרשעמט און אין טרערן...

ער רופט זיי צו איינציקווייז. קוקט דורך דאָס פּעקל קליידער און וועש און באַטאַפּט אַלע גלידער. ער קוקט אַזוי אַלעמען דורך. דאַן הייבט ער אָן מושטירן, הייסט מאַכן גימנאַסטיק, עפענען די מיילער, מאַכן מיט די הענט, טאַנצן, טאַנצן. ער לאַכט און פרייט זיך:

— שטימט, ניטאָ פאַרשטעקטעס!

ער געפינט יאָ פאַרשטעקט אין די קליידער זייגערלעך און געלט. ער נעמט עס צו פאַר זיך און זאָגט אָן, זיי זאָלן „האַלטן די שנאַוצע".

אין דער זעלבער צייט „אַרבעטן" די איבעריקע דייטשן אין די אַנדערע דירות, קערן איבער דאָס בעטגעוואַנט, די שאַפעס, די בופעטן. יעדערער

פון די ייִדן האָט צוגעגרייט עטלעכע זילבערנע לעפל, אַ זייגערל, אַ פּאָר רובל. די דייטשן נעמען עס צו און לייגן אין פּאָרטפּעלן... דער פירער זייערער קערט זיך אום פון דער „פּרויען־אונטערזוכונג" און קאָנטראָלירט די אויפּטועכץ פון זיינע געהילפן. אין יעדער דירה זאָגט ער זיין לעצט וואָרט:

— פאַן היר — טיש, שטולן, בופעט־גאַרניטור. פאַן היר — בעטן, שאַפע. פאַן היר — עלעקטרישע געדעטע!

— וואָס גייסטו פאַרבונדן די באַק? — פרעגט ער מיך.

— צאַן־שמערצן — ענטפער איך.

— פאַר אַנגסט, אַנגסט, ניכט וואַר? — קוועלט דער דייטש.

אין הויף ביים אַראָפּגאַנג אין קעלער האָבן זיך געטראָפן אַלע דייטשן, וואָס זענען באַשטימט געווען פאַר אונדזער הויף. אין אַ ווינקל שטייען צונויפגעדריקט דריי ייִדישע מענער.

— ווען מיר זיי איצט צעשיסן, הער אונטעראָפיציר? — פרעגט אַ שיכּורער סאָלדאַט און טייטלט אויף די דריי.

— הער זיי אויף צו שרעקן — זאָגט דער אונטעראָפיציר — מיר וועלן עס באַוויזן טאָן. אָט דאָס קינד איז מיר שאַדע, אַ שיין קינד אָבער אַ ייִדישס און וועט אויך מוזן דערשאָסן ווערן...

פון קעלער שלעפּן די דייטשן אַרויס פלעשער ווייַן, קאָנסערוון און שפּעק. זיי טראָגן דאָס אַלץ צונויף אין אַ שטיבל אויפן הויף. דער אונטער־אָפיציר גיט אַ האַלבע שעה צייט אָפּצועסן. זיי זויפן זיך אָן און שיסן אין די קוימענס, אין די קאָרניזן פון די שטיבער, אין בלעכענעם דאַך, אין אַנטלויפנדיקע קעץ און אין בלעכענע פּושקעס. זיי שטעלן אויס אַ גרופּע ייִדישע מענער ביי אַ וואַנט און שיסן זיי איבער די קעפּ. די מענער שטייען בלייך און צעשראָקן. פון די אונטערשטע דירות הערן זיך קוויטשערייען פון פרויען. די דייטשן פראַסקען זיי איבער די פנימער פאַרן שרייען. אויפן בוידעם האָבן זיי אַרויפגעשלעפּט אַ יונג מיידל. זי שרייט, מאַכט גוואַלדן...

זעקס אַ זייגער פייפט דער אונטעראָפיציר. דער „אַרבעטסטאָג" איז געענדיקט. די דייטשן קאָנטראָלירן די ייִדן וואָס האָבן געאַרבעט ביים שלעפּן דאָס מעבל, קוקן דורך זייערע קעשענעס און לאָזן אָפּ אַהיים. אונ־

דזער קוואַרטאַל בלייבט נאָך אַרומגערינגלט. מען וועט זיך צו אים נאָך אומקערן — מאָרגן און איבערמאָרגן. דריי טעג אין יעדן הויז — אַזוי איז זייער דין...

## בלוטיקער רויב

דער סך־הכּל פון די ערשטע „קראַטעס" באַפרידיקט ניט די דייטשן. ס'איז צו ווייניק גאָלד, צו ווייניק זייגערס, זילבער, פעלצן, לעדער, שטאָפן. די ייִדן מוזן, ווייזט אויס, פיל באַהאַלטן... (אָדער די דורכפירערס האָבן צו פיל באַהאַלטן פאַר זיך.) דאָס איז זייער אויספיר. עס ווערט באַשטימט אַ נייע פאָליציי־איינהייט, וואָס זאָל זוכן גאָלד און ווערטפולע חפצים. ווי אַזוי צו זוכן באַשטימען די דייטשן אַליין. זיי הייבן אָן זייער בלוטיקע שפּיל. די ייִדן זענען שוין געוווינט צו אַלע מינים שפּילן, דאָך דערוואַרט מען מיט פּחד די קומענדיקע טעג. די פּליטים פון וואַרשע און לאָדזש דער־ציילן, אַז גאַנצע ניין זוכונגען לויט דער ריי האָבן די דייטשן דאָרט דורכ־געפירט. ריכט מען זיך אויך דאָ אויף דעם.

אין אַ רעגנדיקן באַגינען פאַרשפּרייט זיך אַ קלאַנג, אַז עס הייבן זיך אָן נייע „קראַטעס". עס הילכן אָפּ אייניקע שאָסן. מען דערוויסט זיך גלייך, אַז מען האָט דערשאָסן צוויי מענער. די סיבה: ווען די דייטשן זענען אַריין אין שטוב האָבן זיי געפונען די צוויי מענער אין אונטערוועש. האָבן די דייטשן זיך אויפגערעגט:

— אַזוי שפּעט שלאָפט איר נאָך! ווילטאָג זוכט איר, הינט! אַרבעטן דאַרף מען. מענער טאָרן ניט רוען!

די צוויי קרבנות בלייבן ליגן אין שטוב. די פרויען חלשן, די דייטשן טרייבן זיי צו די טויטע:

— טראָגט זיי גלייך אַרויס! אַז ניט, ווערט איר אויך דערשאָסן.

דער פאַל ווערט תּיכּף באַקאַנט אין געטאָ. אַלע גייען אַרויס פון די שטיבער און מען קוקט נאָך, וווהין די דייטשן גייען. זיי וואַרפן זיך פון איין גאַס אין דער צווייטער, קינדער זאָגן אָן ווו די דייטשן געפינען זיך. מען באַהאַלט זיך אין די ווייטערע גאַסן.

די מערדערס און רויבערס באַפאַלן אַ שטוב. קלאַפּן מען זאָל זיי עפע־

נען. עס פאַרציט זיך עטלעכע מינוט. זיי גייען אַריין מיט פּרעטענזיע: פאַר וואָס האָט מען זיי באַלד ניט געעפנט?

— איר האָט פאַרבאַהאַלטן גאָלד און געלט! אַהער גיט!

און איידער זיי קריגן אַן ענטפער, דערשיסן זיי די מענער.

אין געטאָ ווערט אַ בהלה.

קריקשטשיוקיַיטשיאָ־גאַס איז שוואַרץ פון מענטשן.

דאָס איז מיין ערשטער אַרויסגאַנג, מיין ערשטער באַווייזן זיך אין גאַס. קיינער דערקענט מיך ניט. איך בין אויסגעצערט, מיט לאַנגע, ווי ביי אַ פּאָליאַק אויף אַרויף פאַרדרייטע וואָנצעס, בלאָנד אָפּגעפאַרבטע, מיט אַ גלאַט אָפּגעשאָרענעם קאָפּ ווי ביי אַ פּלעניק, צי אַרעסטאַנט. איך דריי זיך אַרום און דערזע די טאַנטע פון ג.[4] איך גיי צו איר אַריין און געפין דאָרט ג. אויך ער איז אין געטאָ. לויט מיין מיינונג איז ער ניט גערעכט. ער האָט אַ מעגלעכקייט דאָס ניט צו טאָן. ער קווענקלט זיך. ער קאָן זיך ניט אַנטשליסן צו פאַרלאָזן די געטאָ און מאַכט אַלץ מיט אונדז מיט.

די דייטשן דערנענטערן זיך צו קריקשטשיוקיַיטשיאָ־גאַס. פון דער נאָענט דערשיינען זעקס שטורמיסטן. די ייִדן צעלויפן זיך אין די הויפן, פּרווון זיך אַריינכאַפּן אין די דערבייַיִקע שטיבער. די ווייבער פאַרשליסן זיך און לאָזן קיינעם ניט אַריין.

— איר וועט אונדז פּטרן — טענהן זיי — גייט אַוועק פון דאַנען!

אין ערשטן טאָג פון די נייע „קראַטעס" פאַלן אַכט קרבנות. איינער האָט זיך לויט דער מיינונג פון די דייטשן, געוואָלט באַהאַלטן, שיסן זיי אים. ביי אַ צווייטן געפינען זיי געלט אין אַ בוך. ווערט ער דערשאָסן. אַ דריטן דערשיסן זיי מיטן אויסרייד אַז אין גאַנצן הויז, אין אַזאַ גרויסן הויז איז פאַראַן נאָר איין מאַנצביל. דערפאַר מוז ער דערשאָסן ווערן. זיי שטעלן אים אַוועק ביי דער וואַנט. קיינער גלייבט ניט אַז זיי וועלן שיסן. מען האַלט עס פאַר אַ שפּאַס. עס הילכט אָבער אָפּ אַ קנאַל. דער מאַן פאַלט, אַן אָפּגעגאָסענער מיט בלוט.

די דייטשן האַלטן שוין ביים לעצטן קרבן פון טאָג. נאָך איינער מוז היינט דערשאָסן ווערן. דער זייגער איז שוין זעקס. ס'איז שוין „פייער־אַבענד". די מענער וואָס האָבן געהאָלפן די דייטשן טראָגן און שלעפּן די

---

[4] געלפערן, דימע, חיימס יוגנט- און נאָענטסטער קאַמפּס-חבר אין געטאָ.

צוגערויבטע זאַכן, ווערן באַפרייט. איינעם פאַרהאַלטן זיי. זיי ציִען אים אַראָפּ די קליידער, לאָזן אים שטיין אין די אונטערוועש, פאַרוויקלען אים אין אַ ליילעך און הייסן דאַוונען, ווי אין שול.

— דאַוון, דאַוון, פאַרשאָלטענער!

זיי נעמען די עקן פון לאַקן, בינדן צונויף אין אַ קנופּ ביים שטערן און שאָקלען אים, שאָקלען דעם ייִד. דאַן הייסן זיי אים גיין אַהיים מיט פאַרמאַכטע אויגן. ער גייט אָפּ אייניקע טריט. זאַלבעדריט צילן זיי אין אים, אין איין פונקט. עס הילכן אָפּ דריי שאָסן. דער מאַן גיט זיך אַ וואַקל און פאַלט...

ס׳ווערט שטיל אין געטאָ ווי אויף אַ בית־עולם. דער אָוונט לאָזט זיך אַראָפּ מיט אַ רויטער, פאַרגליווערטער זון. אַכט טויטע... ס׳איז נאָר דער אָנהייב. די נאַכט רוקט זיך אויף אָן...

נאָך דריי טעג דויערן די „קראַטעס״ מיט קרבנות. עס פאַלן איבער צוואַנציק מענטשן. אַלץ מיטן זעלבן אויסרייד אַז ייִדן באַהאַלטן זייערע ווערטזאַכן און גיבן ניט אָפּ די דייטשן.

## באַפעלן

אויפן פערטן טאָג פון בלוטיקן רויב קומט אַ באַפעל אַריינצוטראָגן „פריי־וויליק״ אין משך פון אַכט און פערציק שעה דאָס גאַנצע גאָלד, זילבער, אײדלשטיינער, וואַלוטע, ווערטפּאַפּירן, געלט, פעלצן, גוטע שטאָפן, לעדער. אויף אַ פאַמיליע מעג מען זיך איבערלאָזן נאָר צו הונדערט רובל.

ייִדן טרייסטן זיך: איצט וועט מען שוין אפשר ניט שיסן. מען דאַרף אַלץ אַריינטראָגן, וועט ווערן רויִקער אויף אַ ווײַלע.

טאָג־אין־טאָג קומען באַפעלן. באַפעלן פון דער מאַכט דורכן ייִדישן עלטסטן־ראַט. יעדער באַפעל ענדיקט זיך מיטן אויסרעכענען די שטרענג־סטע שטראָפן פאַרן ניט אויספירן דעם באַפעל. פאַר ייִדן באַטייט עס — טויטשטראָף. איינגעשראָקענע פון די צעשיסונגען, טראָגט מען טאָג און נאַכט אַלץ וואָס עס ווערט געפאָדערט.

די דייטשן געפעלט די געהאָרכזאַמקייט. זיי זעען ווי עס וואַקסט די צאָל אַריינגעטראָגענע זאַכן און זיי פאַרלענגערן נאָך אַנאַנד דעם טערמין.

די ייִדן האָבן באַהאַלטן אַ סך פון זייערע בעסערע זאַכן און, דאַכט זיך, גוט באַהאַלטן. איצט נעמען זיי אַרויס פון די לעכער זייער אייגנס. שכנים בעטן איינער דעם אַנדערן, מען זאָל קיין זאַך ניט פאַרשטעקן, ווייל די ייִדישע פּאָליציי האָט דאָך געוואָרנט אַז אויב מען וועט געפינען, וועט מען אויסשיסן גאַנצע הייזער. עס געפינען זיך דרייסטע וואָס באַגראָבן די גע־פּאָדערטע זאַכן אין דער ערד, וואַרפן אַריין טייערע חפצים אין די הויפישע קלאָזעטן, אין ברונעמער...

עס קומט אַ באַפעל צו דער ייִדישער פּאָליציי, זי זאָל קאָנטראָלירן די קלאָזעטן און ברונעמער. מען שלעפּט אַרויס אוצרות. אַלץ ווערט צונויפ־געטראָגן אין קאָמיטעט. דאָ ווערט אַ שפּייכלער פון גאָלד, זילבער, טייערע שטיינער, זייגערס, פּעלצן, לעדער... יעדע ווײַלע פאָרט צו אַ דייטשישער פונקציאָנאַר און קלייבט זיך אויס אויפן אוצרות־סקלאַד וואָס אים געפעלט. די ייִדישע פּאָליציאַנטן רייסן זיך אַרום, יעדערער וויל „באַוואַכן" דעם אוצר, כדי צו נאַשן פון „רייכן פעטער" — פון דעם צעטומלטן און פאַר־לוירענעם ייִד...

ניט אַלע פאַרגינען דאָס גוטס דעם דייטש און דעם ייִדישן אויסוואָרף. הונדערטער טויזנטער רובלס ווערן פאַרברענט אין די אויוונס. הונדערטער ווערטזאַכן ווערן באַהאַלטן דורך דרייסטע ייִדן וואָס האָבן זיך ניט פאַר־לוירן. עס געפינען זיך „בעל־טובה"־ייִדן וואָס שרעקן אַלעמען און דער־קלערן, אַז ס'איז אַ ריזיקע אַפילו אַריינצוטראָגן די זאַכן. מען קאָן נאָכ־שפּיאָנירן, ווער עס האָט אַריינגעטראָגן גרויסע רייכטימער. מען וועט דאַן קומען צו אים אין שטוב און פאָדערן נאָך. אַזאַ „בעל־טובה" וואַרפט אָן אַ שרעק און לייגט פאַר זיין הילף — ער וועט אַוועקטראָגן אין קאָמיטעט... די ייִדן דאַנקען אים, בעטן טאָן די טובה. מאַכנדיק אַ מינע אַז ער האָט אַ שווער האַרץ, טראָגט ער עס צו זיך אין באַהעלטעניש... אַמאָראַלישע עלעמענטן אין דער ייִדישער פּאָליציי טוען דאָס זעלבע. אַ סך פון די געפונענע ווערטזאַכן אין די ברונעמער לאָזן זיי איבער פאַר זיך, פאַר זייערע משפחות, פאַר זייער „צוקונפט"...

אין אייניקע אָפּיציעלע זאַמלפּונקטן נעמט מען צונויף די זאַכן. פון אַלע עקן געטאָ טראָגט מען פּאַק נאָך פּאַק. ביים קאָמיטעט שטייען אָרעמע־לייט וועלכע באַקומען צו הונדערט רובל, וואָס די דייטשן האָבן דערלויבט איבערלאָזן פאַר יעדער משפחה, באַקומען קליידער, שוכוואַרג... די דייטשן

דאַרפן גאָרניט זוכן, מען טראָגט אַריין געהאָרכיק און אין אַ גענוגנדיקער מאָס.

טאָג־אין־טאָג קומען נייע באַפעלן. אַ באַפעל אָפּצוגעבן אַלע עלעק־טרישע מכשירים — אויוועלעך, קאָכערס, פּרעסן... דרייסטערע באַהאַלטן, אומבאַהאָלפענע צענעמען און פאַרניכטן.

עס הייבט זיך אָן אַנטוויקלען אַ געוויסער פּאַסיווער ווידערשטאַנד, אונטערגעזאָגט און אָנגערעגט פון געזונטן פאָלקס־אינסטינקט ניט אָפּצו־געבן קיין זאַך דעם שׂונא...

ס׳קומט אַ באַפעל אָפּצוגעבן אַלע מינים געווער, טואַלעטן־זייף, ראַזיר־זייף און... אַ באַפעל אָפּצוגעבן אַלע הינער, פייגל, טויבן, קי און פערד...

די שוחטים קוילען דורך נאַכט. אין יעדער שטוב געפינען זיך ייִדי־שע „העלדן״, וואָס ציטערן ניט אָפּצוהאַקן די קעפּלעך אָדער איינשניידן מיט אַ ראַזיר־מעסערל די העלדזער פון עופות. מען שטעלט זיך גלייך קאָכן און ס׳זעען זיך רויכן פון קוימענס ביז טיף אין דער נאַכט. מען קאָכט, מען פּרעגלט. מען עסט אָן הנאה, מען אײַלט זיך, מען מוז וואָס גיכער פאַרווישן די שפּורן...

## אַרבעט — באַגינען

די קעפּ הייבן זיך שווער. ס׳איז פינף באַגינען. אַזוינע באַגינענס לאָזן זיך אַראָפּ איינער נאָכן אַנדערן — רעגנדיקע, כמורנע און זוניק־קאַלטע. אין אַזוינע באַגינענס פאַרשווינדן מיט מאַטערניש די נאַכט־שעהען. אַ פוילקייט הויערט אויף אַלץ. אין אַזוינע באַגינענס שטייען אויף די ייִדן אין געטאָ, און אַ טייל פון זיי איילט צו דער אַרבעט. די געבליבענע אין געטאָ דרייען זיך אַרום מיט מורא און ציטער...

פון אַלע עקן סלאָבאָדקע ציִען זיך סילועטן צום טויער, צום איינציקן אַרויסגאַנג פון דער שטעכלדראָט־פּאַסטקע...

אין די באַגינענס ווערט פאַרפולט מיט מענטשן דער ברייטער האַלדז פון דער מתים־גאַס — דער פּלאַץ ביים טויער. די אָנגעקומענע ייִדן ציטערן פון קעלט און נעץ. זיי וואַרטן עס זאָל זיך שוין אָנהייבן דער אָפּקלייב.

שוין פון די ערשטע געטאָ־טעג אַרבעטן אין שטאָט אַ פּאָר טויזנט

מאַן. זיי זענען באַשעפטיקט ביי שוואַרץ־אַרבעט. זיי ראַמען מיסטקאַסטנס, קערן גאַסן, שלעפן קאַסטנס ביר און שנאַפּס, פּוצן שיך, טראָגן איבער מעבל. עס אַרבעטן אין שטאָט פאַכלייט: שניידערס לאַטענען שינעלן, פאַרריכטן הויזן. נייען בשתיקה פון געגנבעטע שטאָפן קאָסטיומען פאַר פאַרשיידענע „הויפּטמענער"... בלעכערס, מויערערס, שלאָסערס, סטאָליערס ווערן באַשעפטיקט ביי בוי־אַרבעטן. די דייטשן בויען גאַראַזשן, האַלעס... יידישע עלעקטריקערס פירן דורך עלעקטריע אין דייטשישע אַנשטאַלטן. אַפילו פריזירערס ראַזירן דייטשישע בערד, און די דייטשן האָבן ניט קיין מורא פאַרן אָפּיציעלן פאַרבאָט. די ייִדן קאָנען זיי דאָך קוילענען...

פרויען אַרבעטן אין דייטשישע קיכן און אין זייערע שלאָפצימערן. יעדער דייטש האָט שוין „זיינע" מענטשן, „זיינע" ייִדן פאַר וועלכע ער האַלט שטאָל און אייזן. ער קומט יעדן פרימאָרגן אָפּנעמען „זיינע". עס פאָרמירן זיך בריגאַדעס וועלכע מען טרייבט אויף אַרבעט אין לאַזאַרעטן, מיליטערישע איינהייטן און פאַרשיידענע בויונגען. מען פאָרמירט אויך די געסטאַפּאָ־ און יאָרדאַן־בריגאַדעס[5], די נאָענטסטע צום כסא־המלכות.

עס קומען אָן פאָסטנס אָפּנעמען די בריגאַדעס און זיי אָפּצופירן אין שטאָט צו די אַרבעטס־פלעצער. ביים טויער ווערט אַ געדראַנג. די דייטשן זוכן די „אייגענע" ייִדן. זיי ווילן האָבן שטענדיקע, איבערהויפּט שטענדיקע פרויען... די ערשטע וועלכע לעבן זיך צונויף מיט די דייטשן, זענען די ייִדישע פראָסטיטוטקעס. אין שטאָט עסן זיי זאַט אָפּ, באַקומען מתנות, ברענגען צום פאַרקויפן אין געטאָ שפייז... ביים טויער רייסן זיך פרויען אין די „גוטע" בריגאַדעס. יאָ, עס זענען שוין דאָ „גוטע" און „שלעכטע" בריגאַדעס. די וואָס אַרבעטן אין די „גוטע", לאָזן ניט צו קיין אַנדערע אויף זייער אָרט. ס'קומט אָפּט צו קריגערייען און אַפילו צו געשלעגן. די דייטשן האָבן דעמאָלט די בעסטע געלעגנהייט מכבד צו זיין די ייִדן מיט „באַנאַנען" — מיט די גומענע פלעקלעך און קאַנטשיקעס.

[5] די געסטאַפּאָ פלעגט נעמען אויף אַרבעט אין איר געביידע פאַרשיידענע יידישע בעלי-מלאכות, שוואַרצאַרבעטערס און אויפראַמערינס. די אַ"ג „יאָרדאַן-בריגאַדע" האָט געסאָרטירט דאָס אָנגערויבטע יידישע האָב און גוטס פאַרן אָפּשיקן קיין דייטשלאַנד.

ס׳פּאַסירט אַז אַ פּאָסטן כאַפּט זיך צום געווער, שיסט אין דער לופט כדי אָפּצושרעקן, און צו מאָל אויך אין עולם. ס׳דערהערט זיך אַ געיאָמער, אַ גוואַלד. מען צעלויפט זיך. די ייִדישע פּאָליציי [6] מישט זיך אַריין און קאָמאַנדעוועט:

— צו פיר, צו פיר, זיך אויסשטעלן!

ס׳געפינט זיך שוין איינער ביי אַ ייִדישן פּאָליציסט אַ פלעקל, צוזאַמען מיט נייטיקער העזה און ווילן צו שלאָגן. אין די „גוטע״ בריגאַדעס האָט ער שוין אַריינגעשטופּט זיינע גוטע באַקאַנטע און איצט לויפט ער נאָך דעם עולם וואָס צעלויפט זיך.

בעיקר קומט אויס צו כאַפּן מענטשן פאַר די בריגאַדעס פון „וואַפן־ס.ס.״ און „ס.אַ.״, ווו מען ווערט מערדערלעך געשלאָגן און פון וועלכע ניט אַלע קומען צוריק פון דער אַרבעט...

די קולות ביים טויער שטילן זיך ביסלעכווייז איין. די געטאָ־וואַך לאָזט אַרויס דורכן טויער די ייִדן, אויסגעשטעלטע צו פיר.

— מיצן העראָב! — שרייט די ייִדישע פּאָליציי.

אַלע ייִדן גייען דורך דעם טויער מיט אַנטבלויזטע קעפּ. די דייטשן זענען אָנגעשפּיצט. פאַרשפּעטיקט עמעצער אַראָפּצונעמען דאָס היטל אָדער טוט עס צו פרי אָן צוריק, כאַפּט ער פון זיי איבערן קאָפּ מיטן קאַנטשיק, כאַפּט בריקעס אין הינטער־חלק. די געטאָ־וואַך שלעפּט אים אַרויס פון דער ריי:

— וואָס, דו האָסט קיין צייט ניט? וואָס, דו גריסט זיך ניט, הונט, דו איינער!

די דייטשן באַרויִקן זיך נאָר דאַן, ווען ס׳גייט דעם „שולדיקן״ בלוט פון די ציינער, אָדער ס׳ווערן געשוואָלן די אויגן, אָדער דער קאָפּ ווערט געשפּאָלטן.

ייִדן סטאַרען זיך אַראָפּצונעמען דאָס היטל צו דער געהעריקער צייט.

די וואַך קאָנטראָלירט די קעשענעס, נעמט צו געלט, נעמט צו טייסטערס, זייגערלעך, פּאַפּיראָסן, שוועבעלעך...

— ס׳איז היינט אַ שלעכטער טאָג — גיט מען איבער די בריגאַדעס, וואָס וואַרטן אויפן זאַמלפּלאַץ.

[6] געמיינט די יידישע געטאָ־פּאָליציי.

יענע זעען וואָס גיכער צו באַהאַלטן זייער געלט.

ביים טויער ווערט שיטערער, שטילער. עס בלייבן איבער עטלעכע פּאָסטנס. די איבעריקע האָבן שוין אָפּגעמאַרשירט מיט זייערע ייִדן. טויזנ־טער האָבן אַוועקגעשפּאַנט דורך די גאַסן, איבערן בריק... פּאַר די עטלעכע געבליבענע פּאָסטנס פעלן מענטשן — ס.ס. און ס.אַ. בלייבן אָן קנעכט. זיי זענען דעריבער אויפגערעגט. שרייען און דראָען, מען זאָל זיי גלייך צו־שטעלן די געהעריקע צאָל ייִדן. צוזאַמען מיט דער ייִדישער פּאָליציי לאָזן זיי זיך איבער די הייזער זוכן מענטשן. דער עולם באַהאַלט זיך ווו איינער קאָן: אין די בעטן, אין די שאַפעס, אויף בוידעמער, אין קעלערס, אין שטאַלן. שלעפּט מען אַרויס פון די שטיבער עלטערע, קראַנקע און מען טרייבט זיי, שמייסנדיק און שלאָגנדיק, צום טויער. דאָרט שטעלן די דייטשן אויס זייער „ייִדישע אַרמיי" און מאַרשירן אָפּ.

אין געטאָ ווערט רויִקער...

## אין בריגאַדע

דורך דער פויסטער, פאַרנעפּלטער שטאָט טרייבט מען די ייִדן צו די אַר־בעטספּונקטן. די פאַרבייגייערס קוקן זיי אָן, זוכן באַקאַנטע פּנימער. איינער — כּדי צו כאַפּן מסחרן, אַ צווייטער — כּדי אויסצוגיסן זיין כּעס, אַ דריי־טער — צו קאָנען העלפן.

די ייִדישע בריגאַדעס קומען אין באַרירונג מיטן כאַאָס וואָס הערשט אין דער דייטשישער ווירטשאַפט און מיט דער דעמאָראַליזאַציע פון די דייטשישע אונטעראָפיצירן און מייסטערס. זיי פאַלן אַריין אין די הענט פון תּלינים, וואָס ווילן נאָר כאַבאַר און בלוט.

שוין ביים טויער דערציילט מען זיך ניסים, ווי און וואָס מען טוט אין די בריגאַדעס. אין דער יאָרדאַן־בריגאַדע למשל, עסקט מען אַרום די ייִדישע זאַכן וואָס זענען בעת די „קראַטעס" אַרויסגעפירט געוואָרן פון געטאָ. אין דער געסטאַפּאָ־בריגאַדע טוט מען ענלעכע אַרבעטן. אין „ס.אַ." האָט מען נעכטן אַ גאַנצן טאָג געטראָגן שטולן. יעדער איינער האָט גע־דאַרפט נעמען צוויי שטולן, אַוועקשטעלן זיי אויפן קאָפּ און לויפן אַזוי איבער דער שטאָט. העכער צוויי טויזנט שטולן האָט מען איבערגעטראָגן

פון איין עק שטאָט אין צווייטן אין אַ געלאָף. דער באַפעל איז געווען: לויפן אָן אָפּהאַלט! אַזוי איז מען אָפּגעלאָפן צוואַנציק קילאָמעטער הין און צוריק. איניקע האָבן געחלשט, געווען איז אויך אַ טויטפאַל. די געחלשטע און דער טויטער זענען געבליבן ליגן אויפן גאַס, און דער אייגנאַרטיקער צוג פון ייִדן מיט שטולן אויף די קעפּ האָט זיך געצויגן ווייטער, באַגלייט פון געלעכטערס און צופרידענע פּנימער פון די וואַכלייט און פאַרבייגייערס.

אין דער ס.ס.־בריגאַדע האָט מען אייניקע ייִדן דורכגעשאָסן די נעזער. פון די פענצטער האָט אַן אונטעראָפיציר געצילט אין אַן אַרבעטנדיקן סטאָליער וואָס איז געשטאַנען מיטן הובל אין האַנט. ער האָט געצילט אין סטאָליערס פּראָפיל און געטראָפן אין שפּיץ נאָז. די וואַך שלאָגט דאָרט מיט פלעשער איבער די קעפּ פון די ייִדן. אויסלאָדנדיק צעמענט האָבן די ייִדן געדאַרפט לויפן אַ גאַנצן טאָג מיט די צענטנערדיקע זעק און איבער די קעפּ האָט געפּאָכעט דער קאַנטשיק. ביי אַלע וואָס האָבן געגראָבן ערד מיט לאָפּעטעס, האָט מען די הענט צוגעבונדן מיט דראָט צום בויך, איבערלאָזנדיק פריי בלויז די עלנבויגנס. ביים רוקן איז געמאַכט געווען אַ האַקן צו וועלכן ס׳איז געווען צוגעפעסטיקט אַ דראָט, ווי אַ לייצע. יעדן אַזאַ דראָט האָט געהאַלטן אַ דייטש און געצויגן הין און צוריק... די ייִדן האָבן אַזוי געדאַרפט אַ גאַנצן טאָג גראָבן ערד. און אַז די לאָפּעטעס פלעגן ניט ווערן אָנגעשעפּט פול, ווייל די הענט זענען געווען צוגעבונדן און ווייל פון הינטן פלעגן די דייטשן נאָך אַנאַנד ציִען דעם צוגעטשעפּעטן דראָט הין און צוריק, פלעגן האָגלען קלעפּ. מיט אַ שטויס פון הינטן פלעגט מען די ייִדן אַריינוואַרפן אין קופּעס שטויביקן צעמענט, אין גלאָזברוך אָדער אין אָפּפאַל און מיסט. די הענט זענען געווען פאַרבונדן, און מען האָט ניט געקאָנט באַשיצן דעם פּנים.

די ייִדן האָבן דאָס אַלץ דערציילט מיט מורא און פאָרזיכטיקייט. זיי האָבן נאָך אַנאַנד אויסגעקוקט, ניט אַריינצופאַלן צו די ס.ס.־טייוולאָנים.

### „גוטע" בריגאַדעס

צענדליקער בריגאַדעס מיט די משונהדיקסטע נעמען — לויט די אַרבעטס־פּלעצער, לויט די גאַסן און הייזער־נומערן, מיליטער־איינהייטן און אַפילו לויט די מייסטערס — טרייבט מען צו דער אַרבעט. יעדע בריגאַדע פירט

אָן אַ בריגאַדיר. און זיי טיילן זיך, פונקט ווי די בריגאַדעס, אויף פאַר־שיידענע מינים — גוטע בריגאַדירן און שלעכטע בריגאַדירן, אַזוינע וואָס קאָנען אונטערקויפן די דייטשן שוין ביי דער ערשטער באַקאַנטשאַפט, און אַזוינע וואָס פאַרציִען דערמיט אויף וואָכן און די געדולד פון די דייטשן פּלאַצט. זיי קאָנען זיך ניט דערוואַרטן אויף די מתּנות: אויף די פּיל־פעדערס, פאָרטפּעלן, רינגען, זייגערס, גאָלד צי ווייסן מעטאַל אויף ציינער. אַלץ דאַרפן די ייִדן באַזאָרגן, כּדי צו האָבן בעסערע אַרבעטס־באַדינגונגען און צו קאָנען זיך איינקויפן שפּייז.

ניט אַלע דייטשן וואַרטן מען זאָל זיי שענקען. זיי נעמען אליין צו ביי די ייִדן וואָס זיי געפעלט. אויך די ליטווישע וואַכלייט טוען זיי נאָך. אין די שאַנצער קאַזאַרמעס אונטערזוכן זיי יעדע אָנגעקומענע בריגאַדע, נעמען צו די זייגערלעך, ציִען אַראָפּ די שטיוול און גיבן דערפאַר אַ פּאָר צעריסענע שיך. ציִען אַראָפּ די הויזן און גיבן פאַר דעם אַ פּאָר טראַנטעס. אַזוינע בריגאַדעס ווערן אַ שרעק־געשפּענסט פון די פאַרשקלאַפטע ייִדן. די בריגאַדירן קויפן אונטער די וואַכלייט און מאַכן דערביי אייגענע אויס־רעכענונגען און געשעפטן. זיי קאַסירן איין פון יעדן אַרבעטנדיקן אין דער בריגאַדע געלט אויף צו „שמירן" די פּאָסטנס. אָפט בלייבט אַ טייל פונעם געלט ביי די בריגאַדירן אין די קעשענעס. דער בריגאַדיר ווערט מיט דער צייט דער האַר פון זיין גרופּע. אויך פאַר אים שטייט מען אָן אַ היטל און מיט הכנעה...

יעדע בריגאַדע האָט זיך אירע „פאַרזאָרגערס". זיי ריזיקירן מיטן לעבן, נעמען אַראָפּ די לאַטעס אָדער פאַרדעקן די לאַטעס און גייען אַרויס אין גאַס איינקויפן פּראָדוקטן. די סמעטענע נעמט אָפט אַראָפּ דער ברי־גאַדיר. ער נעמט, ניט געזשאַלעוועט און ניט געשעמט זיך, ווייל ער דאַרף, לויט זיינע רייד, אַ טייל אָפּגעבן דעם אַרבעטס־אַמט.

גוטע בריגאַדירן — די וואָס קאָנען גוט געבן כאַבאַר. אַזוינע אָבער קאָנען אויך גוט נעמען. און ווער עס גיט ניט, דער פליט אַרויס פון דער בריגאַדע ביי דער ערשטער בעסטער געלעגנהייט.

## אַעראָדראָם

אין דער צווייטער העלפט פון סעפּטעמבער [7] ווערט אַרויסגעהאַנגען אַ באַפעל, אַז אַלע מענער פון אַכצן ביז פינף און פופציק מוזן דערשיינען ביים קאָמיטעט אויפן וואַרניו־פּלאַץ.

— וואָס קאָן דאָס זיין? וואָס קאָן דאָס באַטייטן?

דער באַפעל ענדיקט זיך, פונקט ווי אַלע באַפעלן, אַז פאַרן ניט דערשיינען אין דער אָנגעוויזענער שעה — איז טויט־שטראָף.

דעם אָנגעוויזענעם טאָג, אין דער באַשטימטער שעה באַווייזן זיך מענער אויף די גאַסן און געסלעך. אַלע גייען צום פּלאַץ לעבן קאָמיטעט. מען גייט לויט די פּאַך־גרופּעס. לויט די גאַסן, קרובהשאַפט און באַקאַנט־שאַפט. אָט גייען דאָקטוירים, קראַנקן־שוועסטערס. עס גייען בלעכערס, סטאָליערס, מאַליאַרעס, שלאָסערס און סתם פאַרשיידענע צונויפגעכאַפּטע און אויסגעשטעלטע — געטריבן דורך אַן אונטערבאַוווסטזיניקן כּוח. אויפן פּלאַץ קלייבן זיך צונויף איבער זעקס טויזנט מאַן. עס ווערט קלאָר אַז עס האַנדלט זיך וועגן אַרבעט אויסער די שטאָטישע בריגאַדעס. ס'וועלן ייִדן ווערן באַשעפטיקט אויפן אַעראָדראָם. מען וועט זיך פאָרמירן אין קאָלאָנעס. יעדע קאָלאָנע וועט האָבן איר קאָלאָנען־פירער, איר דאָקטער אלס סאַניטאַר. די צאָל פון די קאָלאָנעס וועט גרייכן עטלעכע צענדליק.

דער שטויב גריזשעט און פאַרלייגט דעם האַלדז. די ייִדישע פּאָליציי און פונקציאָנערן פון אַרבעטס־אַמט לויפן אַרום, שרייען, טומלען, רופן אויס דורך אַ האָרן די קאָלאָנעס, די קאָלאָנען־פירערס, די דאָקטוירים וועלכע פאַרנעמען זייערע פּלעצער. יעדע הונדערט מאַן קריגט אַן אָנפי־רערשאַפט. די קאָלאָנעס רירן זיך פון אָרט. מען וועט אַרבעטן נאַכט־שיכט — פון פיר נאָך מיטאָג ביז צוועלף ביי נאַכט.

שוין אין ערשטן טאָג ווי מען האָט אָנגעהויבן אַרבעטן אויפן אַעראָ־דראָם, האָבן זיך פאַרשפּרייט קלאַנגען, אַז די אַעראָדראָמשטשיקעס וועלן קריגן שיינען, וועלן באַקומען מער שפּייז. אַלע וואָס וועלן סימולירן און ניט גיין צו דער אַרבעט, וועלן דערשאָסן ווערן. יעדער ייִד מוז האָבן אַן אַרבעטס־שיין, אַז ניט קאָן מען אים פּטרן.

---

[7] 1941.

**דעם 26סטן סעפּטעמבער, ווען ס׳איז געגאַנגען אַ הוספה־רעגיסטראַציע פון די אַרבעטס־פליכטיקע, האָב איך זיך רעגיסטרירט און בין מיטגע־גאַנגען צו דער אַרבעט. ווען ס׳האָבן צום ערשטן מאָל אָפּגעמאַרשירט צום אַעראָדראָם די מענער, זענען די גאַסן געווען פול מיט ייִדן — מענער, פרויען, קינדער, זיי האָבן ווי צוגעוווּנטשן — גייט געזונט און קומט געזונט. מען האָט געכליפּעט, געוויינט, געבראָכן מיט די הענט. ווער קאָן וויסן וואָס דער דייטש האָט דאָ פאַרקלערט. ווער ווייסט, צי אַלע וועלן צוריקקומען...**

דאָ האָקן זיך איבער די „רעפּאָרטאַזשן פון קאָוונער געטאָ״, געשרי־בענע מיט טינט. אויפן זעלבן זייטל קומען פאָלגנדיקע נאָטיצן, גע־מאַכטע מיט בליי:

**ריגע, 8טער פעברואַר.**
**פּראַווענישאָק, 22־18 מאַי און 30 מאַי.**
**פּאַלעמאָן — געפירט אין דער נאַכט פון 1טן אויפן 2טן יוני.**
**קליאַמקעס פון טירן און פענצטער — אַפּריל־מאַי [8].**
**אַנטלאָפן פון פּראַווענישאָק — דער משוגענער.**
**קלאַנגען וועגן אַ שלום מיט פינלאַנד 10־2 יוני.**
**די געטאָ אויף רעדלעך...**

**10/6 עס אַנטבלויזן זיך פונעם זאַמד די טויטע קערפּערס פון די געהרגעטע לעבן סלאָבאָדקער בריק ענדע יוני 1941. די ייִדישע פייער־לעשערס גראָבן זיי אויס און טראָגן זיי איבער אויפן בית־עולם.**

חיים האָט, קענטיק, זיך אָנגעמערקט געשעענישן אין לעבן פון געטאָ וועלכע ער האָט געהאַט בדעה צו באַשרייבן. די שטעט און דאַטעס לעבן זיי — באַטייטן די ערטער וווּהין מען האָט פאַרשלעפּט אויף צוואַנגאַרבעט ייִדן פון קאָוונער געטאָ, און ווען דאָס איז געשען. די דאַטעס געהערן צום יאָר 1942.

[8] די אַזוי גערופענע „מעש-אַקציע״.

דער ווייטערדיקער רעפּאָרטאַזש איז געשריבן אויף באַזונדערע העפט־זייטלעך און מיט בליי. ער האָט בלי ספק אַ שייכות צום ציקל "רעפּאָרטאַזשן פון קאָוונער געטאָ".

## 18 אַפּריל — אַעראָדראָם-בריגאַדע — 2 טעג

עס איז שוין מיטן אַפּריל. ווער וואָלט זיך געקאָנט ריכטן אַז מיר וועלן אַזוי לאַנג ציִען. עס ווילט זיך ציִען און אַריבערציִען, שווימען און אַריבערשווימען.

— ס'איז שאמענעסרע [9], — זאָגט אַ ייִד. — איינער ענדיקט פריִער, אַ צווייטער — שפּעטער.

עס ווילט זיך ניט ענדיקן.

אָט קומען פרילינגטעג. דער פרילינג איז אַ פּאַרשפּעקטיקטער. זיינע ווינטן פאַרשיכּורן שוין. פון טאָג צו טאָג פאַרקלענערן זיך די רעשטן שנייען. זיי ציִען זיך איין אַלץ מער און מער.

אין די בלויע הימלען רוישן אָן אויפהער אַעראָפּלאַנען. זיי באַהערשן די תּכלתן. די דייטשן גרייטן אָן אָפענסיווע. זיי רעדן פיל וועגן דעם, אַזוי פיל אַז מען קאָן אָנהייבן צווייפלען, צי זיי וועלן זי טאַקע דורכפירן. פון רעדן ביז טאָן איז דאָך אַ רעכטער מהלך. די סאָוועטן לאָזן זיי ניט רוען. טאָג און נאַכט גייען אָן די שלאַכטן. ענגלאַנד באָמבאַרדירט אָן אויפהער. מען דערוואַרט אַנטשיידנדיקע קריגס־אָפּעראַציעס. איין טאָג איז אין קאָוונע געוואָרן אומרויִק. ס'האָבן גענומען אָנקומען „גוטע" נייעס: היטלער איז קראַנק, האַלט ביים שטאַרבן. די סאָוועטן האָבן צעשלאָגן אַ האַלבן מיליאָן דייטשן ביי לענינגראַד...

נאָך די „גוטע" ידיעות פאַרבייסט מען מיט אַ ביטערן ביסן. אין שטאָט זענען געוואָרן אויסגעקלעפּט אַנטיסעמיטישע פּלאַקאַטן. ביי נאַכט האָט מען זיי אַראָפּגעריסן. די ליטווינער ווערן געהעצט קעגן די ייִדן. זיי האָבן ייִדיש געלט, ייִדישע זאַכן. די דייטשישע באַהעלפערס [10] האָבן אויף זייער געוויסן ייִדישע לעבנס. זיי זענען שוין איבערצייגט אַז די דייטשן

[9] די תּפילה שמונה עשרה.

[10] געמיינט, פון צווישן די ליטווינער.

וועלן דעם קריג פאַרשפּילן, האָבן זיי מורא פאַר לעבעדיקע עדות און ווילן פון זיי פּטור ווערן, פּטור ווערן פון עדות און מאָנערס. צי געשטויסן פון דעם ווילן, צי גאָר אויפן גרונט פון פאַקטן — דערציילן זיי, אַז אויפן 8טן פאָרט בויט מען באַראַקעס. דאָרט וועט מען פאַרשפאַרן די אַרבעטס־פעיִקע ייִדן. און אויפן 9טן פאָרט גראָבט מען גריבער — פאַר די ייִדישע פרויען, קינדער און עלטערע מענטשן. ס'איז שווער די ידיעה צו קאָנטראָ־לירן. בייזע קלאַנגען פאַרשפּרייטן זיך בליץ־שנעל. מען הערט ניט אויף צו רעדן וועגן זיי. די קאָמיטעט־קרייזן [11] לייקענען עס. זיי ווייסן קיין מאָל ניט ווי מיר האַלטן אין דער וועלט. די געציילטע אין געטאָ וואָס ווייסן אפשר עפּעס, באַהאַלטן דאָס ביסעלע וואָס זיי דערגייען אויף פאַרשיידענע אומוועגן. די ייִדענעס וועלכע הערן ניט אויף עקשנותדיק צו פאַרשפּרייטן די קלאַנגען, גיבן אָן סימנים — דער אַעראָדראָם וועט שוין מער קיין ייִדן ניט נעמען, ווייל ער ווערט אַ מיליטערישע באַזע...

און וואָס איז אַן אַעראָדראָם? און וואָס איז ער פריִער געווען? ניט קיין מיליטערישע באַזע?

דערווייל נעמט דער אַעראָדראָם טאָג טעגלעך אַלץ מער און מער אַרבעטער.

אין געטאָ הערן ניט אויף די אָבלאַוועס. דייטשישע פּאָסטנס און די ייִדישע פּאָליציי דאַרפן צושטעלן מענטשן צום אַעראָדראָם. שלעפּט מען צו־נויף די „סימוליאַנטן" — די פאַרהאָרעוועטע אויסגעשעפּטע ייִדן, דער עיקר פון דער אָרעמקייט. די דייטשן פאָדערן איין מאָל מען זאָל פון די "סימו־ליאַנטן" אַרויסנעמען פינף און צוואַנציק אויף צו דערשיסן, דאַן וועלן די ייִדן שוין גיין אַרבעטן. אין דעם זענען די דייטשן איבערצייגט.

דריי טויזנט געטאָ־ייִדן גייען טאָג איין טאָג אויס צו דער אַרבעט. עס גייען אָבער נאָר די וואָס לעבן פון דער "ראַציאָן" [12] און פון דער "פּרע־מיע" וואָס זיי קריגן. זיי קריגן "פּרעמיעס" און ווערן אָפּגעצערטער פון טאָג. וויגן זיך אויף די פיס. צוויי פרויען פאַלן אויף די רעלסן אין מיטן דער אַרבעט. די מענער שלעפּן זיך קוים דעם באַרג־אַרויף. מען האָט אָנגעהויבן אַרבעטן עלף שעה. מיטן גאַנג פון געטאָ און צוריק איז עס

[11] די קרייזן פון דער יידישער געטאָ-אַדמיניסטראַציע.
[12] שפּייז-נאָרמע.

דרייצן שעה — טאָג אין טאָג. און לעבן דאַרף מען מיט אַ פּאָר הונדערט גראַם טרוקן ברויט, וועלכע מען דאַרף אין פיל פאַלן פאַרטיילן דער משפחה.

די אַרבעט אויפן אַעראָדראָם ווערט געטריבן אין פולן טעמפּ. די פּאָסטנס האַלטן אין איין קוקן אויפן זייגער. זיי האָבן קיין געדולד ניט, קאָנען זיך ניט דערוואַרטן אויף דער מיטאָג־פּויזע. די מייסטערס טרייבן אונטער די אַרבעט ווען עס קומען אינספּעקטאָרן. ס׳ווערט דעמאָלט אַ טומל. די מייסטערס קריכן אַרויס פון זייערע באַהעלטענישן ווו זיי זענען פויל געלעגן און געקלערט וועגן זייערע ווייבער, וועגן זייערע הייזער, און פאַלן שלאָגן די ייִדן מיט קאַנטשיקעס און שטעקענער.

פון אַלע עקן הימל באַווייזן זיך אַעראָפּלאַנען. ס׳רוישט איבער די קעפּ. ס׳הייבט זיך אויף אַ ווינט פון די פּראָפּעלערס. די אַעראָפּלאַנען לאָזן זיך אַראָפּ איינער נאָכן צווייטן לעבן די ייִדישע פרויען, וועמענס קווי־טשעריי עס פאַרלירט זיך אין דעם גערודער, אין דעם געטומל. דער אויפגעהויבענער ווינט טראָגט זיי אַוועק פון אָרט. אַ פערד ווערט אומגעוואָרפן. די מייסטערס ציִען זיך אויס אויף דער ערד. אויך די ייִדן טוען זיי נאָך. אייניקע פאַרשפּעטיקן. די פליגלען פון די ריזיקע באָמבאַרדירער און טראַנספּאָרט־אַפּאַראַטן פאַרטשעפּען זיי. צוויי פרויען בלייבן ליגן מיט צעשפּאָלטענע קעפּ און צעקלאַפּטע פּנימער. צוויי בלייבן טויט אויף אַן אָרט. אַזעלכע הונדערט אַפּאַראַטן לאָזן זיך אַראָפּ. די דייטשישע פליִערס ווונדערן זיך:

— אַזוי פיל יודען! — און נעמען אַרויס פּראָקלאַמאַציעס וועלכע זיי וואַרפן צו די רוסישע אַרמייען, זיי זאָלן זיך אונטערגעבן. מיר לייענען דעם טעקסט און לאַכן אין זיך.

פאַראַן צווישן אונדז אַן אַעראָדראָמשטשיק[13], גליק איז זיין פאַמי־ליע־נאָמען. ער דרייט זיך תּמיד אַרום צווישן די מייסטערס, ווי אַן אייגע־נער. ער רוקט אַריין זיינע צוויי גראָבע פינגער אין נאָז און רעדט צום דייטש וועלכער וויַיזט אונדז אַ פּראָקלאַמאַציע.

---

[13] אַזוי האָט מען אין געטאָ גערופן יעדן איינעם פון די געטריבענע צו דער צוואַנגאַרבעט אויפן אַעראָדראָם.

— הייסט עס, אַז איר האָט עס געוואָלט אַראָפּוואַרפן? האָבן אייך די רוסן פֿאַריאָגט. אַזוי פֿיל זענען זיי דאָ. אָ־האָ!

— הערט אויף צו דברן — ווינקען מיר צו גליקן.

— איך האָב זיי אין דרערד — ענטפֿערט ער און רעדט ווידער וועגן זייער אַנטלויפֿן. וועגן זייערע צילן און וועגן קאָוונער אַעראָדראָם, וואָס ייִדן בויען.

— יאָ, — זאָגט דער דייטש — שווײַגע, עס שטימט, איר בויט. ווען ניט, וואָלט דער אַעראָדראָם ניט געווען איין שטיק שייסע...

ער מיינט איין שטיק נאַסע ליים. צוויי אַפּאַראַטן זײַנען דאָך אַריין מיט די פּראָפּעלערס אין דער ערד.

— כּן ירבו! — גיט צו גליק.

— געקאָנט טייטן אונדזערע פּליִער, דומער יודע.

— שאַדע, שאַדע, ניט געטייט... — פֿאַרענדיקט גליק דעם געשפּרעך.

די מענער ווערן פֿאַרהאַלטן אויף אַ צווייטער שיכט[14]. זיי פּאַקן אויס פֿון די אַעראָפּלאַנען געפּעק, סעניקעס, פּאַראַשוטן, אין האַסט צענויפֿגע־וואָרפֿענע שפּייז, אַמוניציע און גאַנצע פּעק פּראָקלאַמאַציעס. איך לייען געניי איבער:

"חברים רויטאַרמייער! ס'איז ניט אמת אַז די דייטשן ברענגען אום און טייטן די געפֿאַנגענע. דאָס איז אַ נידערטרעכטיקער ליגן. די דייטשי־שע סאָלדאַטן באַציִען זיך גוט צו די געפֿאַנגענע. מען נאַרט אײַך אומיסט־נע אָפּ. מען שרעקט אײַך, איר זאָלט מורא האָבן פֿאַר די דייטשן. מיידט אויס די אומזיסטע בלוט־פֿאַרגיסונג און גיט זיך רויִק איבער די דייטשן".

אויף דער צווייטער זייט פֿון דער פּראָקלאַמאַציע גייט אַזאַ טעקסט אין רוסיש און דייטש: „באַשייניקונג. ניט וועלנדיק קיין אומזיסטע בלוט־פֿאַרגיסונג, פֿאַרלאָזט דער צושטעלער פֿון דעם שיין פֿרייוויליק די רויטע אַרמיי און גייט אַריבער צו די דייטשן, זייענדיק פֿעסט איבערצייגט אַז עס דערוואַרט אים אַ גוטע באַהאַנדלונג".

צענדליקער דייטשן היטן אונדז ביים אויסלאָדן די אַעראָפּלאַנען. עס ווילט זיך אַרײַנוואַרפֿן אַ שוועבעלע אין די בענזין־בעקנס, אַוועקלאָזן מיטן רויך די שמוציקע פּאַפּירלעך.

---

[14] געמיינט — אַרבעטשיכט.

פאַרן גיין אַהיים אונטערזוכט מען אונדז. פיר און צוואַנציק שעה האָבן מיר געאַרבעט. אין שוואַרצן, קאַלטן באַגין קערן מיר זיך אום אין געטאָ אויסגעשעפּטע, טויט־מידע. איינס פון די ביידע: זאָל נעמען אַ סוף אָדער פון אונדז אָדער פון זיי! מער קאָן מען דאָס ניט אויסהאַלטן!

איינער אַ ייִד דערגייט ניט אַהיים. מען כאַפּט אים ביים געטאָ־טויער צו דער מאָרגן־שיכט. ס'דאַרף גיין אַ גרעסערער „איינזאַץ" [15]... דער ייִד לאָזט זיך אַראָפּ, און בלייבט ליגן...

[15] די צאָל גענומענע צו דער צוואַנגסאַרבעט.

# דער אַרבעטספּונקט
# „בעטראַונגס־קאָמפּאַני נר' 7"

10טער אַפּריל [1]. ס'איז אַ קאַלטער באַגינען, איך מוז גיין צו דער אַרבעט. ביים געטאָ־טויער שטעל איך זיך אָפּ דאָרט, ווו עס קלייבט זיך אַ שטאָ־טישע בריגאַדע. עס גיט זיך מיר איין צו געפינען אַ באַקאַנטן בריגאַדיר, מיינעם אַ געוועזענעם חבר. ער זאָגט מיר צו מיטצונעמען אויף דער אַרבעט און גיט מיר אָפּ אַ טייל פון זיין פרישטיק. איך שלינג גיריק דאָס טרוקענע, זיך ברעקלענדיקע ברויט מיטן ביטערלעכן מאַרמעלאַד.

דער פּלאַץ ווערט אַלץ פולער. אַ זעקס טויזנט קעפּיקער עולם קלייבט זיך אָן פון אַלע זייטן געטאָ. יונג און אַלט, קליין און גרויס, מענער און פרויען. יעדערער שפּירט זיך זיכערער ווען ער אַרבעט, און איז רו:קער ווען ער געפינט זיך אויסער די גרענעצן פון געטאָ.

אין שטאָט גייט אָן מער ווייניק אַ נאָרמאַל לעבן. דאָ און דאָרט זעט מען יי:דן מיט זייערע קין־צייכנס אויפן ברוסט און רוקן, מיט אַ בקשה אויף די ליפּן: פאַרקויפט עפּעס צו עסן, גיט אַ שטיקל ברויט, אַ שטיקל פעטס פאַר מיין ברעקל קינד.

זיין גאַנצע אויפמערקזאַמקייט שענקט איצט דער יי:ד דעם ביסן. עס דאַכט זיך, אַז ער פאַרגעסט אַלץ וואָס ער האָט דורכגעמאַכט, פאַרגעסט דעם פערטל מיליאָן ליטווישע יי:דן וואָס איז אויסגעקוילעט געוואָרן, פאַר־געסט זיינע עלטערן און קינדער, פריינט און באַקאַנטע... ער איז ניט מסוגל צו טראַכטן. דאָס איינציקע וועגן וואָס ער טראַכט איז — ברויט, קאַרטאָפל...

[1] .1942

דורכן טויער גייט דער „אַעראָדראָם״ [2]. די אַעראָדראָמשטשיקעס לויפן דורך דעם טויער מיט אַנטבלויזטע קעפּ, מיט געבויגענע פּיס. נאָך זיי רופט מען אויס די פירמעס [3], צו זיי רייסן זיך די ייִדן. עס דאַכט זיך אַז דאָ וועט זיין בעסער און דאָרט ערגער, מען האָפט אַז מען וועט אין שטאָט קענען עפּעס איינקויפן, אויסבייטן אַ חפץ אויף שפּייז. עס גייען איינציקווייז אַרויס די שטאָטישע בריגאַדעס — די „העכערע ראַסע״...

איך גנבע זיך דורך דורכן טויערל און פאַרגעס אַראָפּצונעמען דאָס היטל. דער דייטש וואָס שטייט דערנעבן, כאַפּט עס מיר אַראָפּ, שליידערט הויך איבערן צוים און איז מיך מכבד מיטן „באַנאַן״ [4].

— האָסט קיין צייט ניט? שפּאַרסט זיך! דאָס היטל נעמסטו ניט אַראָפּ! איך האָב אָבער צייט...

בעת ער קלאַפּט מיך מיטן „באַנאַן״, הויקער איך זיך איין און מאַר־קיר אויס, די קלעפּ זאָלן פאַלן אויפן רוקן. דאָס שלאָגן פאַרענדיקט ער מיט אַ בריק אין מחילה. איך פאַל אויפן שטעכלדראָט פונעם צוים. כ׳קום צו זיך און לויף צו דער בריגאַדע וואָס שטעלט זיך אויס שוין הינטערן טויער, און מיר מאַרשירן אָפּ.

— בלוט פון זייערע אויגן — זאָגט איינער.

— די גוטע דייטשן, אַ לייכטן טויט! אונטער אַ וואַגאָן פעדערן. די שלעכטע דייטשן, אַ שווערן טויט — שילט אַ ייִד און קוקט אויף מיין אָנגעצונדענעם פּנים פון די קלעפּ.

אַ ייִד טוט זיך אַ וויצל:

— אַ גוטן דייטש, אַ זיסן טויט.

— וואָס הייסט דאָס? — פרעגט אַ צווייטער.

— אונטער אַ וואַגאָן צוקער — ענטפערט דער ערשטער.

— די פלי־ערס — אַ שנעלן טויט: אַראָפּהאַקן די קעפּ מיט אַ פּראָפּע־לער — פאַרענדיקט דער ערשטער דאָס גערייד וועגן טויט.

מיר גייען דורך דער שטאָט. די פאַרבייגייערס באַגלייטן אונדז מיט זייערע בליקן און וווּנדערן זיך: ייִדן גייען נאָך אַרום, זענען ניט שלעכט אָנגעטאָן, האַלטן זיך... אונדזער קאָנטוזשעט דייטשל וואָס איז געקומען

---

[2] די ייִדן, וועלכע מען נעמט צו צוואַנגסאַרבעטן ביים בוי פון קאָוונער אַעראָדראָם.

[3] בוי- און אינדוסטריע-אונטערנעמונגען וועלכע נעמען ייִדן אויף אַרבעט.

[4] אַ גומי-שטעקל, אינעווייניק אָנגעפילט מיט בליי.

פון פראַגנצויזישן פראָנט, זעט אויס ווי אַן איינגעבראָכענער פון אַ שטור־רעם. ער שטעלט קרום זיינע איקס־פיס. דער הינטער־חלק טאַרטשעט אים אַרויס. אין גאַנצן איז ער ווי אויף זאַוויעסעס, וויגט זיך, פון נאָז רינט אים. ער געפינט ניט פאַר נייטיק זיך אָפּצווישן. ער פייפט אַ סאָל־דאַטיש לידל, שטעקט יעדע ווײַלע אַרויס די צונג, שטשירעט מיט די ציין און לאַכט צו זיך. ער פאַרטשעפּעט פאַרבייגייענדיקע פרויען און קוקט ווי עס ווירקט אויף אונדז זיין דערפאָלג.

— הער ריכאַרד, איר פאַרדרייט דאָך דעם קאָפּ אַלע פרויען... — זאָגט עמעצער.

ער פרייט זיך, דער דייטש, און צעזינגט זיך אויפן קול אַ סאָלדאַטישן מאַרש. עס הילכט זיין געזאַנג, ריכטיקער געזאָגט, זיין געקריי, איבער די פוסטע גאַסן.

מיר קומען אָן אויפן אַרבעטס־פּלאַץ. צוויי סאָלדאַטן־קאָמפּאַניען סטאַ־ציאָנירן אין די אַרומיקע געביידעס וועלכע גרענעצן זיך מיט אַ צווינטער. אין פריִען באַגינען שיסן די דייטשן דורך די פענצטער. זיי צילן אין צלמים און מצבות. מיר צעשיטן זיך איבערן פוסטן הויף. די פרויען גייען אַרבעטן אין קיך, ראַמען די צימערן. די סטאָליערס גייען צו זייער וואַר־שטאַט. זיי מאַכן נאַרעס פאַר די פאַרוווּנדעטע דייטשן וועלכע קומען אָן טאָג־טעגלעך אין די הונדערטער. מיר בלייבן דריי „שוואַרץ־אַרבעטערס״: אַ געריטעניר־ער, אַ בוכהאַלטער און איך. מיר זיצן און וואַרטן. ביסלעכווייז הייבט זיך אָן אַ באַוועגונג. די לאַסט־אויטאָס דאַרפן ווערן אויסגעלאָדן. מיר שלעפּן אַראָפּ קאַסטנס ביר, קערב מיט ברויט, צוקערקעס און ציגאַ־רעטן. מיר טראָגן דאָס אַלץ אַרויף אויפן דריטן עטאַזש.

די שאָפערן הייבן אָן צו עסקן אַרום די מאַשינען, פאַרריכטן די מאָטאָרן, פּאָמפּען אָן די רעדער, פאַרבן אויף גרוי די באָרטן.

עס קומען אַראָפּ דריי אונטעראָפיצירן:

— זינד די יודען בעשעפטיקט?

זיי געפינען פאַר אונדז אַרבעט: צונויפקלייבן האָלץ. איינער פון זיי קוקט צו צי מיר פושערן ניט. ער גענעצט ברייט און פויל. די דריי אונטער־אָפיצירן — ברון, סטאַטקאָוויטש און ליפּקע — האָבן זיך אַרויסגעדרייט פון גיין אויפן פראָנט. געוויס איז זיי בעסער דאָ. ס׳איז רויִק, פאַראַן וואָס צו עסן. היינט פאָרט אָפּ צום פראָנט אַ טייל פון דער „קאָמפּאַני״. עס

דאַרפן בלייבן נאָר געציילטע. פון צען אַזייגער ווערן מיר באַשעפטיקט מיטן פּאַקן פּעק, שלעפּן סעניקעס, בעטן, קאַסטנס. ווען ס׳דערגייט די ריי פון דער שפּייזקאַמער נעמען די דייטשן זיך קריגן — יעדערער וויל טראָגן צום לאַסט־אויטאָ די זייטלעך געררייכערט חזיר־פלייש, די פלעשער ווײַן, שנאַפּס, די ציגאַרעטן...

דער פלינקער שאָפער, מאַקס, נעמט אַרויס פון יעדן קאַסטן צו עט־לעכע פלעשער ווײַן און באַהאַלט פאַר זיך, לעבן מאָטאָר. ער שטאָפּט זיך אָן פולע קעשענעס מיט ציגאַרעטן און צוקערקעס. ער מאַכט עס פלינק. זײַנע קאַמעראַדן טוען אים נאָך. דער אונטעראָפיציר ליפּקע זעט וואָס זיי טוען און שווייגט. אַז עס רעדט זיך וועגן גנבענען, טאָ פרעג אים. און אויב עס רעדט זיך וועגן אויסזאָגן, איז בעסער זאָלן זיי שווייגן. פון זיי איז ער געוויס מער שולדיק.

די אייגהייט פאָרט היינט אַרויס און נעמט אַלץ מיט, אַפילו בעטן און שרייבטישן. פּונקט ווי זיי וואָלטן דאָרט געדאַרפט פירן אַ נײַ לעבן אין נײַעם לאַנד. קיינער טראַכט ניט וועגן צוריקקערן זיך.

— זיי וועלן שוין צוריק ניט קומען. אַ מצבה נאָך זיי! — בורטשעט אונדזער אַלטער טויבער סטאָליער.

ביז מיטאָג ווערן מיר פאַרטיק. די פּאָסטנס און די שאָפערן, ליידיק גייענדיקע אונטעראָפיצירן און לייטענאַנטן צעגייען זיך איבער די צימערן. לכּבוד דעם אָפּפאָר גיט מען זיי אַרויס צום מיטאָג ביר און שנאַפּס אין אַ פאַרגרעסערטער נאָרמע.

מיר זעצן זיך אויס אויף די טרעפּ לעבן דער קיך און קוקן נאָך דעם קוכער. ער באַמערקט אונדזערע בליקן, אַרויפגעלאָזטע אויף די קעסלען וואָס פון זיי טראָגט זיך אַ פאַרע און אַ ריח פון פרישן שטשאַוו, פון שוועמלעך, פון מאַקאַראָנעס און געבראָטנס. ס׳איז אַ יום־טובדיק עסן היינט, און פאַר ייִדן וועט שוין, ווייזט אויס, ניט קלעקן.

דער גוטמוטיקער קוכער לאָזט איבער אויפן דעק פון קעסל אַ ביסל געדיכטע קאַשע, גיסט אויף דעם אַרויף אַן עמער זודיק וואַסער און שטעלט אַרויס אין קאָרידאָר. מיר וואַרפן זיך צום עסן אָבער האָבן ניט קיין געשיר. מיר מישן אויס מיטן קאָכלעפל און פאַרזוכן. ס׳איז אַ שיטערע פּוילע, אין גאַנצן אָן זאַלץ. דער שאָפער מאַקס שיט אַרײַן צוויי הויפנס זאַלץ און באַזאָרגט אונדז מיט שיסעלעך און לעפל. מיר כליאָבען די אײ־

בערגעזאַלצענע זופּ און וואַרעמען אָן אונדזערע אויסגעהונגערטע גע־דערעם.

דער שאָפער מאַקס מיט די רויטע בעקעלעך איז שיכּורער פון אַלע־מען. ער איז גוט געשטימט, ווייל דער אונטעראָפיציר ליפּקע האָט אים צוגעזאָגט, אַז ער וועט דערווייל ניט דאַרפן פאָרן קיין סטאַראַיאַ רוסאַ. מאַקס איז אַזוי צופרידן פון דער בשׂורה, אַז ער האָט אייסגעטרונקען מיט איין מאָל דעם גאַנצן געגנבעטן שנאַפּס. ערשט נעכטן איז ער געקומען פון וועג. געווען איז ער אין וואַרשע, דערציילט ער אונדז וועגן וואַרשע־ווער ייִדן, וועגן זייער לעבן אין געטאָ.

— אין וואַרשע זענען פאַראַן ייִדן מיט פאַרשטאַנד. אין איין טאָג האָב איך געמאַכט מיט זיי אַ געשעפט אויף פיר טויזנט מאַרק. און דאָ האָט איר אַפילו קיין שׂכל ניט צו פרעגן, צי איך האָב עפּעס מיטגעבראַכט, צי איך האָב עפּעס צו פאַרקויפן, צי ס׳דריקט מיך עפּעס...

— ייִדן, ער האָט אַ „פּגר", מען דאַרף אים אַ נעם טאָן — זאָגט איינער פון אונדז.

— לאָזט אים אַליין דברן, הערט אויף, — רייסט עמעצער אים איבער.

— איך זאָג אייך אויס, ברידער מיינע, אַ געהיימניש. — מאַקס שאַרט זיך צו אונדז און שושקעט אַריין איינעם אין אויער: — פאָרנדיק פון בערלין דורך וואַרשע איז געשען אַ וווּנדער. כ׳האָב געקראָגן שפּאָט ביליק צוואַנציק צענטנערס זאַלץ, צען ליטער שנאַפּס, פינף פלעשער עסיק, צוויי טויזנט פּראָשקעס אַבריקאָסן־זאַפּט, צען טויזנט סאַכאַרינקעס. איך גיב אייך אַ וואָך צייט דאָס אַלץ אָפּצוקויפן. אויב איר וועט דאָס ניט מאַכן וועט אייך פאַרדריסן. איך וועל אייך קיין זאַך ניט פאַרקויפן, קיין זאַך ניט פאָרלייגן און קיין געפעליקייט ניט טאָן. און וואָס אַ שאָפער קאָן, דאַרפט איר וויסן, קאָן ניט קיין אַנדערער.

ער גייט אָפּ ביזן טרעפּ, דרייט זיך אום און רופט צו איינעם פון אונדז:

— פאַרשטייסט, איך האָב נאָך אַ פּאָר שותּפים. איבערהויפּט, דעם אונטעראָפיציר ליפּקע. איך מוז אים געבן שוין היינט דריי הונדערט מאַרק. האָסטו מיר צו געבן אַ־קאָנטאָ?

איידער מיר האָבן איינגעשטימט אויפן געשעפט, איז ער שוין זיכער

אין זיין דערפאָלג און בעט אַן אַוואַנס. מיר קלייבן צונויף דאָס געלט און ווערן שותּפים פון אַ געשעפט וועלכן מען וואַרפט אונדז אָן...

פון קיך טראָגט מען אַרויס קערב פאַרפוילטע און צוגעפראָרענע קאַרטאָפל. עס צעטראָגט זיך אַן עיפּוש וואָס ווערט שטאַרקער פון מינוט. די קאַרטאָפל, צוזאַמען מיט די רעשטן פון פּאַפּיראָסן וואַרפן זיי אַרויף אויפן איבערפולן מיסטקאַסטן. מיר פאַלן צו צום געווינס און הייבן זיך אָן אין אים ריִען. מיר האָבן צוויי שטאַרקע קאָנקורענטן. דאָס זענען די גרויסע חזירים וואָס זענען אָקערשט אַרויסגעלאָזט געוואָרן פון שטאַל. זייער היטער, דער קאָסאָקער דייטש מיט דער וויטשע אין האַנט וועלכער עסקט אַ גאַנצן טאָג מיט די חזירים און יאָגט זיי נאָך צווישן די מצבות פונעם דערבייִיקן צווינטער, איז דאַכט זיך ברוגז וואָס די ייִדן צעשלעפּן די קאַרטאָפל. ער קוקט אונדז אָן מיט זיין לינקער גלייכער אויג, ווי ער וואָלט זאָגן: לאָזט איבער אַ ביסל פאַר די חזירים. מיר קלייבן אָפּ די געזינטערע קאַרטאָפל, די שטייפערע פון וועלכע עס שפּריצט ניט קיין עיפּושדיקע פליסיקייט, און פאַקן צונויף אין אונדזערע טאָרבעס. מיר מאַלן זיך אויס די צופרידנקייט פון די שטוביקע, ווען מירן ברענגען די מתנה.

נאָך מיטאָג האָבן מיר ניט וואָס צו טאָן. די דייטשן שיכּורן אָן אַ סוף. עס אַרט זיי ניט, ווו מיר זענען און וואָס מיר טוען. עס דאַרף נאָר גילטן אַז ביי זיי אין „קאָמפּאַני״ אַרבעטן ייִדן. ווען עס אַרבעטן ייִדן, דאַרפן זיין פּאָסטנס. צו די פּאָסטנס דאַרפן זיין אונטעראָפיצירן, און אַזוי אַרום באַרעכטיקן פּופּצן ייִדן די עקסיסטענץ פון אַן אַפּאַראַט וואָס מיידט אויס דעם פראָנט...

דער מייסטער, דער אונטעראָפיציר, דער פּאָסטן — אַלע זענען שטאַרק באַשעפטיקט מיט די ייִדן.

— האַבען שאָן די יודען געגעסן?

— האַבען שאָן די יודען געענדיקט?

— הער בלאַנק, די יודען גייען אום דריי נאָך האַוזע.

— זאָלן די יודען זיך אימער באַוועגן, בלאַנק, הערסט! — דאָס שרייט דער אונטעראָפיציר יעדע ווײַלע צום פּאָסטן.

— וואָ איסט דען דער פּאָסטן? — רעגט ער זיך אויף, ווען ער באַמערקט אים ניט לעבן אונדז.

— אַוסגעטרעטן, — פֿאַרענטפֿערן מיר אים, כאַטש דער גוטמוטיקער בלאַנק שנאָרכט געשמאַק אַ שיכּורער אין אַ הויפֿן סטרוזשקעס און שפּענער.
מיר וועקן אים אויף.
— הער בלאַנק, דער אונטעראָפֿיציר פֿרעגט, וואָ זינד זי.
— באַוועגונג, באַוועגונג! אַרבעטן מוז מען! איך מעכטע זי אַרבעטן זעהען!
ער ווינקט צו אונדז מיט אַן אויג, אַז ער מיינט עס ניט ערנסט און וויל, מיר זאָלן זיין רויִק, נאָר צוליבן אונטעראָפֿיציר שרייט ער.
דער שיכּורער אונטעראָפֿיציר סטאַטקאָוויטש דערהערט בלאַנקס קולות, וועלכע צילן טאַקע צו זיינע אויערן. ער שטעקט אַרויס דעם קאָפּ דורכן פֿענצטער פֿון דריטן עטאַזש, שפּאַרט אָן זיינע נאַקעטע מוסקולירטע הענט אויפֿן גלאַט־פּאָלירטן ברעטל און וויגט זיך אויף רעכטס און לינקס:
— זאָ איסט גוט, בלאַנק. אויף די שוויינע מוס מאַן אימער שרייען. אימער באַוועגונג!
ער בייגט זיך איבער, גיט אַ ברום און פֿאַלט מיטן פּנים צו צום ברעט, אויף וועלכן ער האָט געהאַט אָנגעשפּאַרט זיינע הענט. די אייבערשטע העלפֿט פֿון זיין אַטלעטישן קערפּער ליגט איבערגעבויגן אויף דרויסן, די הענט הענגען אַראָפּ. אונדז דאַכט זיך אַז ער פֿאַלט באַלד אַראָפּ, און טראַכטן אַפֿילו ניט אים אונטערצוכאַפּן. ער ליגט אַזוי אַ פּאָר מינוט. דאַן פֿאַרוואַרפֿט ער דעם קאָפּ אויף הינטן און הייבט אָן ברעכן. ער ברעכט מיט מאַטערניש און מיט אַ געברום. עס גיסט פֿון אים... עמעצער גיט אים אַ צי פֿון הינטן.
אויך פֿון די איבעריקע פֿענצטער ברעכט מען. דער פֿאַרוואַלטער פֿון דער שפּייזקאַמער שטעלט זיך אַריין אין פֿענצטער. דער דיקער דייטש פֿאַרנעמט די גאַנצע עפֿענונג, ער רעדט צו אונדז, נאָר מיר הערן ניט זיין שטים. ער איז ווי אַ פֿאַרשטיקטער, ער שלוקעכצט מער ווי ער רעדט. ער דראָעט אונדז מיטן פֿינגער, נאָר מיר פֿאַרשטייען ניט וואָס ער וויל. מיר שטייען זאַלבע פֿערט, זענען גרייט אויסצופֿילן זיין ביטע, נאָר ווערן ניט קלוג, אין וואָס זי באַשטייט.
ער כאַפּט אַרויס זיין רעוואָלווער און שטעלט אים אויס קעגן אונדז. צעטומלטע, נעמען מיר זיך אָן אַלע פֿאַר די הענט, שטעלן אַ פּאָר טריט

פּאָרויס, אַ פּאָר טריט צוריק און זענען באַלד גרייט צו אַנטלויפן. סוף־כּל־סוף דערהערן מיר זיין ריטשען, וואָס רייסט זיך מיט גוואַלד פון זיין דיקן האַלדז:

— אייז, אייז מעכטע איך האַבען!

מיר לויפן אַראָפּ אין אייז־קעלער און שלעפּן יעדערער אַרויף צו שטיק אייז, אַרומגעקלעפּט מיט פּאַלאָווינעס. מיר טראָגן דאָס אַריין צו אים אין צימער. ער גלייכט זיך אויס און זאָגט מוטערלעך ווייך:

— יעצט גייט אַהיים, מאָרגן דאַרפט איר קומען פרי׳ער און אַוועקגיין וועט איר שפּעטער, ווייל מאָרגן פייערן מיר דעם געבורטסטאָג פון אונזער פירער. אוי, פירער, פירער, — קרעכצט ער, — האָט ער אונדז אַוועקגעפירט! נו, ראַוס פאַן היר! — טרייבט ער אונדז אַרויס, ווי ער וואָלט זיך איבערגעשראָקן פאַר די אייגענע רייד און פאַר זיין געטרויען יידן, וועלכע קוקן אים ניט גלייך אין די אויגן אויס מורא, ער זאָל אין זייערע אויגן ניט דערזען דעם האַס.

פינף אַ זייגער גייען מיר אַהיים. מיר פּאַקן אָן רוקזעק מיט האָלצ־שפּענער און קאָרע. צווישן דעם האָלץ פאַרבאַהאַלט מען אַ פּאָר קילאָ קאַרטאָפל, דער קאָנטראָל ביים געטאָ־טויער זאָל ניט קאָנען דערטאַפּן. דער קאָנטראָל ווערט פון טאָג שטרענגער. די דייטשן קאָנפיסקירן די פּראָדוקטן, וועלכע יידן קויפן זיך איין אָדער בייטן אויס אויף זאַכן אין שטאָט די דייטשן ווילן נעמען די געטאָ מיט הונגער.

מיר שטעלן זיך אויס צו פיר און מאַרשירן אַוועק דורך די גאַסן, באַגלייט פון אַ וואַך. מיר קומען צום געטאָ־טויער. פאַר אַ צענדליק אייער לאָזט דער פּאָסטן דורך די בריגאַדע אָן אַ קאָנטראָל. שווער צו פאַרשטיין זיין פּלוצעמדיקע גוטסקייט. נו יאָ, ווען ער איז שטרענג און שלעכט, וואָלט ער דאָך קיין צענדליק אייער ניט געקראָגן...



20סטער אַפּריל. ...די האָרעוואַניע האָט זיך געלוינט. איך באַקום אַ שטענדיקע אַרבעטס־קאַרטע אויף דער שטאָטישער בריגאַדע „בעטראַונגס־קאָמפּאַני נר׳ 7״. דורך דעם ענדערט זיך מיין אָנגעהעריקייט צום סאָציאַלן שטאַנד פון די האָרעפּאַשניקעס אין געטאָ... כ׳האָב איצט מער האָפענונג אָפּצועסן, איינצושאַפן זיך אַ שטיקל ברויט, און קאָן אויך ווערן אַ ספּע־

קולאַנט... לעבן זאָלן די ספּעקולאַנטן! ווען ניט זיי, וואָלט די געטאָ אויסגעגאַנגען פון הונגער.

פינף וועקט מיך אויף דער קלונג פון זייגער. עס איז שווער אויפצו־שטיין. שווער איז דער קאָפּ, שווער — די גלידער. מיט גוואַלד רייס איך זיך אַרויס פון אונטער דער דעקע. אויך מיין ברודער הייבט זיך מיד און פאַרדאַגהט. דער שכן, דער אַעראָדראָמשטשיק, איז שוין אַוועק. פינף אַזייגער איז ער שוין אויפן פּלאַץ ביים טויער. אין אָוונט קומט ער צוגיין מיט האָפנונגספולע נייעס, אַז מאָרגן, איבערמאָרגן ווערן מיר אויסגע־לייזט. די פּלוידערייען, אין וועלכע ער גלייבט, גיבן אים מוט צו „שווימען" ווייטער, ווי ער דריקט זיך אויס. ער גייט צום אַעראָדראָם ווי צו דערפּילן אַ פליכט. און אויב מען דאַרף געשעפטן, מאַכט ער זיי דאָרט.

איך טרינק אויס אַ גלאָז ביטערע קאַווע, בייס צו אַ שטיקל קאַרטאָפל־באָנדע, געבאַקן פון די האַלב צעפוילטע קאַרטאָפל, וואָס איך האָב נעכטן געבראַכט. קיין ברויט האָבן מיר ניט.

דער זייגער רוקט זיך, איך לויף אַרויס. ס'איז א פרעסטלדיקער באַ־גינען. אויף די דעכער און אויף דער ערד ליגט אַ ווייסער, שטייפער גע־פריר. איבער די גאַסן ציִען זיך מענטשן צו דער אַרבעט. איך פאַרשפּעטיק אַ ביסל און בין דער לעצטער, וואָס שטעלט זיך צו צו די פּופּצן פון דער „בעטראַונגס־קאָמפּאַני"־בריגאַדע. דער פּאָסטן איז שוין דאָ. עס פירט אונדז בלאַנק, דער אָפּגעלאָזענער, הויקערדיקער דייטש, וואָס בעט יעדערן אַן אַנדער אַרטיקל צום געבורטס־טאָג פון זיין פרוי. דאָ בעט ער זייף, דאָ — אַ פּאָר זיידענע זאָקן. ער בראַקירט אָבער ניט מיט אַ פּאָרטמאָנע, מיט שרייבפּאַפּיר און קאָנווערטן. ער זאָגט אונדז אַפילו צו צו פירן אויפן מאַרק, מיר זאָלן אויך פאַר אים קויפן אייער.

— מיר — זאָגט ער — פאַרקויפן ניט די פויערים. ייִדן וועלן באַ־קומען שנעלער...

— דער מיט דעם שנורבאַרט [5] קאָמט מיט? — פרעגט ער דעם ברי־גאַדיר, אָנווייזנדיק אויף מיר. איך געפעל אים עפּעס ניט. כ'מייד אויס צו קוקן אים אין די אויגן. ער טרויט מיר עפּעס ניט, כאָטש מיר האָבן וועגן קיין זאַך ניט גערעדט, און כ'האָב אים קיין זאַך ניט צוגעזאָגט.

[5] וואָנצעס (דייטש).

איינציקווייז לאָזט מען אונדז אַרויס דורכן טויערל.

— איינס, צוויי, דריי... פּופּצן...

מיר זענען שוין אויף דער אַנדערער זייט צוים און שטעלן זיך אויס צו פיר. צו אונדז גייט צו לאָרענס [6], דער לאַכנדיקער אַכזר. ער האָט מיט אַ ווײַלע פריִער געשאָסן אין עולם, וואָס האָט זיך, לויט זײַן מיינונג, ניט פאַרהאַלטן רויִק. ער גייט צו און זאָגט מיט אַ שייַנענדיק פּנים, וואָס דאַרף אויסדריקן קלוגשאַפט:

—איר זאָלט מיר ברענגען אייער. איר קומט פיר אַזייגער צוריק, און איך מוז האָבן אייער צו מיטאָג. — ער גייט פון איינעם צום אַנדערן און טאַפּט די קעשענעס. — פיל געלט האָסטו? — פרעגט ער איינעם, אַ צווייטן. ער פאַרלאָזט זיך אָבער ניט אויף דעם, וואָס מען זאָגט, און קריכט פון קעשענע צו קעשענע, באַטאַפּט די קאַנטן פון רעקל. קריכט אין די אַרבל און געפינט שיינע סומעס. ער נעמט זיי צו און באַדאַנקט...

— איך וועל דאָך ניט האָבן קיין געלט צו קויפן פאַר אייך אייער, — זאָגט אים אַ פּיפּיק ייִדל, ביי וועלכן ער נעמט צו פיר הונדערט רובל.

לאָרענס גיט אים אַ רעשט אַ הונדערטער און זאָגט אָן:

— אַז דו וועסט מיר ברענגען צען אייער, וועלן מיר זיין קוויט.

ענדלעך מאַרשירן מיר אָפּ. איך גיי מיד און שלעפּעריק... ווידער — די שטאָט. מען האָט זיך אָפּגעוווינט פון שטאָטישע גאַסן און הייזער, פון שטאָטישן לעבן. די גאַסן זענען פּוסט, זיי זעען אויס פרעמד און אומעטיק. די שטאָט איז טויט.

אָט זענען מיר ווידער אויפן אַרבעטספּלאַץ. שוין אין ערשטן טאָג האָב איך זיך איבערצייגט, אַז ביי די דייטשן הערשט אַ כאַאָס און כ׳באַ־שטים ניט צו אַרבעטן. איך הייב זיך אַרויף אויפן צווייטן עטאַזש, גיי אַריין אין אַ זייטיק צימערל, וואָס איז באַשטימט פאַר די ייִדן. איך צי זיך אויס אויף אַ באַנק און בלייב ליגן. עס קומען נאָך אייניקע און קוקן זיך איין אויפן נייעם פּנים. דאָס צימערל האָבן פריִער אָקופּירט פינף ייִדן, וועלכע אַרבעטן דאָ אויפן הויף. זיי מאַכן אַן אומצופרידענע מינע. דאָס צימער, ווילן זיי, זאָל געהערן נאָר זיי. שוין גאַנצע פינף חדשים אַרבעטן זיי דאָ, האַלטן זיי זיך פאַר די בעלי־בתּים און מיוחסים.

---

[6] דער הויפּט פון דער דייטשישער טויערוואַך.

— אַז מען וועט אַריין און זען, ווי איר ליגט, וועלן קיין צרות ניט פעלן — זאָגט דער שניידער פון פוילן און קוקט מיך אָן מיט זיינע רויטע אויגן.

איך ענטפער אים גראָבלעך.

— וואָס האָב איך אייך געטאָן? — פרעגט ער שוין רויִקער.

— וואָס פאַרגינט איר מיר ניט צו ליגן?

איך פאַרשטיי פאַר וואָס זיי ווילן ניט, אַז נייע ייִדן זאָלן זיך איינגעוווינען צו אָט דעם צימערל. טאָג אין טאָג קומען אַהער קריסטלעכע הענדלערקעס. מען פאַרקויפט דאָ קליידער און וועש, מען קויפט פראָדוקטן פאַר געלט און מען בייט אויס אויף זאַכן. דאַרפן די „אַלטע" ניט האָבן קיין נייע שותּפים צום מסחר.

איך שטעל זיך אויף און קוק אַרויס אויפן הויף. ס'איז נאָך אַלץ קיינער פון די אונטעראָפּיצירן און פּאָסטנס אַהין ניט אַראָפּ. די ייִדן דרייִען זיך אַרום אָן אַרבעט, שטייען ביים טויער, קויפן אַ צייטונג, פּאַפּיראָסן, שוועבעלעך און... צוקערקעס. דאָס פאַרקויפט זיי דער קיאָסקאייגנטימער ביים טויער. פאַר דייטשן אָדער ליטווינער האָט ער ניט, פאַר ייִדן האָט ער אָבער יאָ, ווייל ער נעמט צען מאָל טייערער...



עס פייפט. די דייטשן פון אונדזער „קאָמפּאַני" האָבן אַראָפּגעוואָרפן די וואָכעדיקע פּילאָטקעס און די פאַרשמאָלצענע קורטקעס, זיך יום־טובדיק אָנגעטאָן אין פאַרריסענע היטלען, אין גלאַנציקע און שטייפע שטיוול, די רעוואָלווערן ביי דער זייט. זיי האָבן זיך אַלע צונויפגעקליבן אויפן הויף. דער שטאַבס־פעלדפעבל האָט זיי אויסגעמושטירט. זייער הויכער „הייל" האָט אונדז אַלעמען דורכגענומען. מיר קוקן אויפן צערעמאָניאַל דורך אַ שפּאַלט פון הינטער אַ פּאַרקן.

ס'איז היטלערס געבורטסטאָג. צוליב דעם אַרבעטן זיי היינט ניט. זיי זענען אויסגעפּוצט און שוין פון פרימאָרגן האָבן זיי אויסגעטרונקען זייער וועכנטלעכע נאָרמע שנאַפּס — דריי פערטל ליטער... אויף איינעם ווירקט דער שנאַפּס מערער, אויף אַנדערע ווייניקער. זיי וויגן זיך, טשעפּען זיך איינער מיטן אַנדערן, קיצלען די קראַנקן־שוועסטערס, וואָס זענען געקו־

מען בייצוזיין דעם צערעמאָניאַל און דעם פייערלעכן מיטאָג. די קראַנקן־שוועסטערס שטייען אין אַ רעדל ביים צוים אין דער גרויער, שינעל־אַרטי־קער קליידונג מיט די עקיקע היטלען אויף די קעפּ און ווייסע מאַנישקעס און מאַנזשעטן, מיט רויטע קרייצן אויף די אַרבל. זיי לאַכן און שטשירען זייערע ווייסע ציין און בלישטשעדיקע גאָלד־קאָראָנקעס, ווינקען מיט זייערע גלאַנציקע מייזישע אויגן און פלוידערן אָן אַ סוף. זייערע חכמות זענען אַזוי טיף, אַז זיי קלינגען ווי נאַרישקייטן. ווער קאָן זיך עס פאָר־שטעלן, אַז מען קאָן לאַכן פון אַזוינע וויצן. די שאָפערן טרעטן אָפּ די פריילינס פאַר די אָנגעקומענע אונטעראָפיצירן. זיי שפּאַרן צו די מיידלעך אַלץ נעענטער צום צוים, קיצלען זיי אונטער די פאַכוועס.

— מיט פרויען טוט איר זיך אַרום גיכער און פלייסיקער ווי מיט די רוסן — זאָגט צו זיי צווינקנדיק דער פאַרבייגייענדיקער אָבערלייטענאַנט און אָנפירער פון דער „קאָמפּאַני״, וואָס שטייט איין אויפן ערשטן שטאָק.

— שטימט! צום באַפעל! — ענטפערט דער אונטעראָפיציר סטאַטקאָ־וויטש, וויגנדיק זיך אויף די פיס. ער בלייבט שטיין, נאָענט צוגעשפּאַרט צו אָלגאַן, די פירערקע פון די קראַנקן־שוועסטערס, און הייבט אָן אַרטיס־טיש צו דעקלאַמירן: — ווען דער לעצטער מאַסט אַוך בריכט, וויר פירכטען אונס ניכט! [7].

— הלוואי, רבונו של עולם, זאָל ער שוין ברעכן האלדז און נאַקן. ער וועט זיך שוין יאָ פירכטען... — זאָגט דער אַלטער סטאָליער, גריזשענדיק אַ געגנבעטן מער.

סטאַטקאָוויטש דעקלאַמירט ווייטער לידער פון באַוווסטע דיכטערס, און אויך אַזוינע, וואָס ער אַליין האָט פאַרפאַסט. ער זשעסטיקולירט מיט די הענט, הייבט אַרויף און לאָזט אַראָפּ זיין שטים. ער צעטומלט זיך. חזרט איבער די זעלבע פראַזן. די צוהערערס רופן אים אַרויס אויף „ביס״ מיט אַ האַנט־פּאַטשעריי. ער דעקלאַמירט וועגן ליבע צום אונטעראָפיציר, וועגן שלאָפלאָזע נעכט, וועגן אַמאָליקע צייטן, וועגן דער קינדהייט און יוגנט...

— אַ פראָנט־הימען, הער סטאַטקאָוויטש! — בעט זיך די שיכּורלעכע אָלגאַ.

---

[7] מעג אויך דער לעצטער מאַסטבוים זיך איינברעכן, מיר האָבן ניט קיין מורא.

סטאַטקאָוויטש שטייט אַ ווײַלע אין פאַרלעגנהייט.

— איך בין ניט קיין פּאַרטיי־מאַן! — ענטפערט ער, ווי ער וואָלט זיך דורך דעם געוואָלט פאַרענטפערן, וואָס ער באַזינגט ניט דעם פראָנט, דעם פירער און אַנדערע נייטיקע זאַכן...

דער שטאַבס־פעלדפעבל רופט אַלעמען אויסשטעלן זיך. ער מושטירט זיי אַ פּאָר מינוט און לייענט פון אַ ביכל אַרויס זיין רעדע לכּבוד יום־טוב — דעם פירערס געבורטסטאָג.

די רעדע האָבן מיר ניט געהערט, ווייל די בליקן וואָס ער האָט אויף אונדז געוואָרפן, האָבן אונדז געצווונגען זיך אָפּצוציִען...

עס האָט געדויערט אַ פערטל שעה, ביז ס׳האָבן אָפּגעהילכט אַ פּאָר „הייל״־אויסרופן. די אויסגעמושטירטע דייטשן האָבן זיך מיט פרייד און צופרידנקייט פונאַנדערגעשאָטן איבערן הויף. ס׳איז געווען קענטיק, אַז זיי האָבן זיך קוים דערוואַרט דעם סוף. צו אונדז האָט צוגעוואַקלט האַנס און דערציילט זיין פרייד:

— כ׳האָב היינט געקראָגן אַן אייזערנעם קרייץ [8] פון פּ־פּ־פּי־רער־ר!

דאָס וואָרט ״פירער״ רעדט ער אויס מיט אַזאַ ביטול, אַז מיר וווּנדערן זיך.

— מיין טאַפּפערקייט איז אַלעמען באַקאַנט. ווו בין איך שוין ניט אויסגעווען? אין פראַנקרייך, אויפן באַלקאַן, אין פינלאַנד, און אומעטום פאַרזאַם איך אויף אַ פּאָר וואָכן. כ׳קום אין באַשטימונגס־פּונקט, ווען ס׳איז שוין רויִק...

ער קוועלט פון זיין חכמה און נאָך מער פון אונדזער צופרידנקייט.

— טאָ ווי אַזוי ווייסט פון אייער טאַפּפערקייט דער פירער?

— דאָס דאַרף איך דאַנקען דעם אונטעראָפיציר. ער האָט זיך פאַר־ליבט אין מיין ווייב און איך האָב זיך געמאַכט ניט ווויסנדיק, ווייל איך האָב סיי ווי אַן אַנדערע, אַ געליבטע...

פון אויבן דערטראָגט זיך אַ קוויטשעריי פון דער ליטווישער באַדינער־רין סטאַסיע. די שאָפערן האָבן זי נעכטן פאַרהאַלטן אויף איבער נאַכט און זי איז ערשט איצט אויפגעשטאַנען. זי קריגט זיך מיט די איבעריקע דריי ליטווישע פרויען, וועלכע אַרבעטן דאָ. מען פאַרגינט איר ניט וואָס

---

[8] אַ דייטשישע מיליטערישע אויסצייכענונג.

זי האָט מער דערפאָלג ביי די דייטשן, און מען פאַלט איר אַריין אין די האָר. די דייטשן קומען אַריין, לאַכן און זאָגן צו אויף שטום־לשון גוט צו זיין צו זיי אַלעמען...

צו האַנסן לויפט צו מאַקס און שושקעט אים עפּעס אַריין. האַנס ווערט אויפגעבראַכט. שלעפּט אַראָפּ סטאַסקען, ציט זי אַריין אין צווייטן פליגל, צו זיך אין צימער און הייבט זי אָן שלאָגן.

— הער, דו אויסוואָרף, דו הור! ביסט קראַנק געזונט צו זיין?

אין אַ פּאָר מינוט אַרום קומט האַנס אַראָפּ צו אונדז:

— איר קאָנט מיר גראַטולירן נאָך אַ מאָל.

— מיט וואָס? — פרעגן מיר פאַרוואונדערט.

— מיט אַ טריפּער! — ענטפערט ער, קוועלנדיק פון זיין וויץ. — געדענקט, צום פּירערס געבורטסטאָג האָב איך באַקומען פון פּירער אַ קרייץ און פון סטאַסקען אַ טריפּער...

ער פאַרשווינדט. מיר בלייבן אויפן הויף און פאַרקריכן אין אַ ווינקל, מיר זאָלן זיך ניט וואַרפן אין די אויגן. דער ראַדיאָ שפּילט. עס קלינגען מאַנאָטאָן פראָנט־באַריכטן. קיינער הערט זיי ניט. קיינער גלייבט זיי ניט. די „קאָמפּאַני נר׳ 7” האָט שוין וויפל מאָל גערעכנט, אַז זי גייט פאָרויס, האָט דערפאָלגן, אין דער צייט, ווען זי האַלט אין איין אַרויסדרייען זיך פון פראָנט און זיצט אויף אַן אָרט.

ס׳ווערט אַ רגע שטיל. די דייטשן עסן זייער פּייערלעכן מיטאָג. דער קוכער, מיט אויף פאָרנט איבערגעבויגענע פּלייצעס און לאַנגע בייטשן־הענט, קומט צו אונדז אַ צעפּאַרעטער אַרויסצוזאָגן זיין פאַרדראָס. ס׳איז היינט פאַר די ייִדן ניט געבליבן קיין מיטאָג. ווען ער האָט קאַרטאָפל, וואָלט ער זיי פאַר אונדז אָפּגעקאָכט. ער וועט נאָך זען צו באַקומען אַ ביסל ברויט. ער פילט זיך שולדיק...

ביסלעכווייז ווערט שטיל אין די צימערן. עס טראָגט זיך פון דאָרט אַ שנאָרכן. ס׳האָט אַפילו אויפגעהערט דאָס כאָכאָטשען פון די קראַנקן־שוועס־טערס. זיי זענען אַרויס שפּאַצירן אין דער פּוסטער און טויטער שטאָט, וווּ מען זעט דאָ און דאָרט פאַרפּוצטע פענצטער מיטן בילד פון „פּירער און באַפרייער”.

אונטעראָפּיציר ליפּקע איז אַרויפגעקראָכן אויפן דאַך פון אַ שטעלכל און זיך אויסגעצויגן דירעקט אויפן טאָל. ליגנדיק זאָגט ער אונדז אָן, מיר

זאָלן זיך באַוועגן. ניט זיצן ווי טויטע. מיר דאַרפן מאָרגן אָנהייבן אויסראַמען די מיסטקאַסטנס, די קופּעס אָנגעוואָרפענע שמוץ, דעם חזירים־שטאַל און די הויפישע קלאָזעטן. דאָס מוז ווערן, לויטן באַפעל, דורכגעפירט אין איין טאָג. נאָר אַזוי ווי דאָס איז אוממעגלעך, וועלן מיר זיך מיט דעם באַשעפטיקן אַ גאַנצע וואָך. ער הייסט אונדז באַקוקן דאָס אַלץ, כּדי מיר זאָלן מאָרגן פרי גלייך צוטרעטן צו דער אַרבעט.

ער רופט צו איינעם פון אונדז און רוימט אים אַריין עפּעס אין אויער. יענער שאָקלט מיטן קאָפּ, ווי אַ צוזאָג צו דערפילן זיין ווונטש. דעמאָלט דרייט זיך ליפּקע אויס מיטן פּנים צום צווינטער און דרעמלט איין אין דער אַפּריל־קעלט.

ליפּקע וויל אַ פּאָר סאַפיאַן־לעדערנע הענטשקעס און בעט עס באַזאָרגן. אָן דעם קאָן ער ניט געווינען דעם קריג. אַזוינע הענטשקעס מוזן ליגן אין טאַש פון אַ זעקס און צוואַנציק יאָריקן אונטעראָפיצירל. בלויז זיינע פינגער זענען ראוי פלינק אַריינצושלייכן אין ווייכע, גלאַנציקע און נייע הענטש־קעס...

ער האָט געקראָגן אַ צוזאָג. ס׳איז שוין געוואָרן אַ מינהג צו „שמירן" די דייטשן. אַ דייטש, מען זאָל אים ניט „שמירן", מען זאָל ניט האַנדלען מיט אים, און ער זאָל ניט אָפּנאַרן, איז גאָר קיין דייטש ניט...



האָפמאַן און שעלענבערג האָבן זיך שוין גוט אויסגעשלאָפן, נאָכן פאַר־ברענגען מיט די קראַנקן־שוועסטערס. ערשט פאָריקע נאַכט זענען זיי גע־קומען פון סמאָלענסק, ריגע, קעניגסבערג. זיי, צוזאַמען מיטן קוכער, האָבן אויפגעקליבן פאַר אונדז ברויט און נעמען וואַרפן דורך די פענצטער צו אונדז. עס פאַלן שטיקלעך ברויט, האַרטע סוכאַרעס, פאַרשימלטע קרייטשי־קעס. מיר קלייבן אַלץ צונויף און פאַרטיילן זיך.

אין אַ פענצטער פון ערשטן שטאָק באַווייזט זיך אַ דייטש. ער קוקט זיך אַרום און נעמט אונדז צווואַרפן קיכעלעך. איינעם נאָך אַ צווייטן. מיר כאַפּן און שלינגען די זיסע קיכעלעך, וועלכע מיר עסן צום ערשטן מאָל אין קריגס־צייט. דער דייטש באַווייזט אונדז דעם פּוסטן טוטעלע, אַ סימן, ער האָט אַלץ אויסגעשאָטן און ער פאַרשווינדט.

די דריי שאָפערן פון דער „קאָמפּאַני״ דרייען זיך אַרום לעבן אונדז. אויגוסט, דער בלאָנדער, שטראַמער נעמט אַרויס פון שיידל זיין פאָטאָ־אַפּאַראַט און פאָטאָגראַפירט דעם שלאָפנדיקן אונטעראָפיציר אויפן דאַך. דאַן דרייט ער אויס דעם אַפּאַראַט צו אונדז און פאָדערט רויִק בלייבן...

האָפמאַן און שעלענבערג כאַפּן אָן די צוויי ייִדישע פרויען, וואָס געפינען זיך מיט אונדז, פאַר די העלדזער... נעמען זיי אַרום...

— ניט גענוג, וואָס איר וועט זיין אויף אַ בילד מיט ייִדן, דאַרפט איר נאָך אַרומנעמען ייִדישע פרויען? דאָס איז דאָך ראַסן־שאַנדע, — וואָרנט זיי אויגוסט.

— שייסע איסט דאַס, קוואַטש איסט ראַסן־שאַנדע, — זאָגט האָפמאַן און דריקט צו צו זיך אַ מיידל.

שעלענבערג נעמט אָבער פאָרזיכטיק אַראָפּ די האַנט פונעם מיידל. אין דעם מאָמענט פאָטאָגראַפירט אויגוסט.

— שעלענבערג, ביסט קאַפּוט! ס׳איז אַרויסגעקומען, ווי דו כאַפּסט אַראָפּ די האַנט! איך שיק דאָס אָפּ אין „שטירמער״...

אויפן דאַך זעצט זיך אויף ליפּקע נאָכן דורכשלאָפן זיך. ער קוקט אויף אונדז און שאָקלט מיטן יונגן שיינעם קאָפּ:

— דייטשישע סאָלדאַטן, מאַרגן פאָרט איר אַלע אָפּ אויף אַכט טעג אין פאַרשיידענע ריכטונגען. ערשט נעכטן געקומען, און שוין ווידער אין וועג. נו, וואָס האָסטו געזען אין קעניגסבערג?

האָפמאַן הייבט נאָך מער אויף זיין הויקערדיקע פּלייצע. ער טוט אַ שמיר די נאָז, די מאָרדע און שפּרינגט אויף זיין קירצערן פוס:

— גאָרנישט האָב איך געזען. אַ טויטע און לײדיקע שטאָט. אין קעניגסבערג איז קיין זאַך נישטאָ, מיט וואָס מען זאָל קאָנען האַנדלען, אַ שאַכער טאָן. ניטאָ וואָס צו עסן, ניטאָ ווו צו רוען. ביי נאַכט — לופט־אַלאַרמען, ביי טאָג — אָבלאַוועס. קוים דערלעבט אַנטלויפן צוריק אַהער.

— און וואָס האָסטו געזען אין סמאָלענסק? — פרעגט ליפּקע אויגוסטן.

— אַ צווייט מאָל, הער אונטעראָפיציר, פאָר איך ניט, גענוג געשמעקט מיטן טויט. די שטאָט — רויִנען, קיינע ציווילע איינוווינער, די קאַנאָנאַדע הערט ניט אויף. ס׳איז ניט פאַר מיינע נערוון... די איינציקע זאַך וואָס איך האָב געקראָגן, איז אַ ביסל קאַקאַאָ. וויפל קאָסט דאָ קאַקאַאָ?

מיט דער פראַגע ווענדט ער זיך צו אונדז.

שעלענבערג רופט אונדז אָפּ אין אַ זייט:

— כ׳האָב פון ריגע געבראַכט זעכציק בריוו. אַלע פון קאָוונער ייִדן [9] צו זייערע פריינט דאָ. כ׳וועל זיי אייך איבערגעבן. גיט אַוועק די אַדרע־סאַטן...

דאַן גייט ער צו צום דעכל ווו ליפקע ליגט, און זאָגט:

— כ׳בין געווען אין ריגע, הער אונטעראָפיציר, אין רעזשיצע, דווינסק. פון דאָרט האָב איך אייך איבערצוגעבן אַ באַריכט. מיר גייען איצט אַוועק. אַז מירן קומען צוריק, וועלן מיר אַלץ אויסדערציילן...

— זאָלסט האַלטן דיין סאָלדאַטיש וואָרט — וואָרנט ליפקע און פרעגט: — אין וווהין גייט איר אַלע דריי?

— צו הורן, הער אונטעראָפיציר!

— אַ ווערדיקער ענטפער פון אַ דייטשישן סאָלדאַט, — שאָקלט ליפקע מיטן קאָפּ און לייגט זיך שלאָפן אויף דער צווייטער זייט...



מיר הייבן זיך אויף פון אונדזערע ערטער און גייען אַריין אין קאַזאַרמע. מיר גייען דורך לאַנגע קאָרידאָרן, אָנגעפילטע מיט אַ געמיש פון ריחות, וואָס טראָגן זיך פון קיך און פון קלאָזעט. אַ פּאָסטן שטייט ביי דער אַריינ־גאַנגס־טיר. מיר זעצן זיך אויס אין אַ ווינקל און קוקן אין דער פוסטקייט פון קאָרידאָר. זעלטן שלייכט פאַרביי אַ סאָלדאַט. כמעט אַלע זענען זיך פונאַנדערגעגאַנגען. אַנדערע שלאָפן נאָכן עסן און נאָך דעם שנאַפּס.

מיר זיצן, וויצלען זיך אויפן חשבון פון אונדזערע „קאַמעראַדן". עס גייט צו אונדז צו דער געלער, באַשפּרענקלטער און אויסגעצערטער געווע־זענער בלעכער פון ראָסטאָק. ער איז אויך נאָך אַ שנאַפּס און איז טרויערי־קער ווי שטענדיק. מיט אַ פּאָר טעג צוריק האָט ער אַריינגעכאַפּט אַ קראַנ־קייט, און טאַקע פון דער זעלבער סטאַסיען. ער האָט קיינעם ניט אויסגע־זאָגט. וואָס אַרט אים, אַז נאָך אַ פּאָר קאַמעראַדן זאָלן אָפּברענען...

---

[9] אין פעברואַר 1942 האָט מען פון קאָוונער געטאָ אַרויסגעפירט אין ריגער געטאָ ביי 500 יידן.

דער דייטשישער קוכער איז נאָך אַלץ באַזאָרגט, וואָס מיר זענען געבליבן אָן מיטאָג. ער גייט אַוועק אין קאַנטינע און ברענגט פאַר יעדן איינעם ביר. ער זעצט זיך אַוועק לעבן אונדז און הייבט אָן פילאָזאָפירן:

— מיין מיינונג איז ניט ווי היטלערס. איך האַלט אַז יידן דאַרפן ניט אַלע צוליב איינעם. יעדערער דאַרף ליידן פאַר זיך, און יידן דאַרפן נאָר די שולדיקע. אָבער שולדיקע אַנטלויפן, ווי נאָר זיי באַגייען דאָס פאַר־ברעכן, און עס ליידט דער אומשולדיקער... אָט אַזוי איז מיט די ייִדן. די ייִדן, וואָס זענען שולדיק אין קריג, זענען שוין לאַנג אין אַמעריקע, אין ענגלאַנד. די ייִדישע קאָמוניסטן זענען שוין לאַנג ביי סטאַלינען, און איר ליידט דאָ אין גאַנצן אומשולדיק... יאָ, עס שטימט — באַשטעטיקט ער אַליין זיין אַרויסגעזאָגטע מיינונג און זינקט איין אין שווייגן, דערוואַרטנ־דיק פון אונדז אַ צושטימונג.

פון זייטיקן אָפיצירן־צימערל שאַרט זיך איינער אַרויס אין שטעקשיך. אין טיר שטעלט זיך אַריין דער פליִער, דער גאַסט פונעם אונטעראָפיציר סטאַטקאָוויטש. שוין דעם ווייפלטן טאָג ווי זיי שיכורן אָן אויפהער. אויך היינט שמייכלט ער צו אונדז און ווינקט מיט זיין בלאָנדן לעמפּערט־קאָפּ. שוין ביי דער ערשטער באַקאַנטשאַפט האָט ער פאַר אונדז אויסגעפּלאַפּלט, ווער ער איז, וואָס האָט מיט אים פּאַסירט, און וואָס ער וועט איצט מאַכן.

אַליין שטאַמט ער פון האַמבורג, געווען אַן אינסטרוקטאָר אין אַן אַוויאַציע־שול, אינסטרוקטירט פּאַראַשוטיסטן. מיט צוויי וואָכן צוריק האָט ער באַקומען אורלויב. איז ער געפאָרן קיין האַמבורג און האָט פון זיין גאַנצער משפחה קיינעם ניט געפונען. אַ באָמבע האָט געטראָפן אין זייער הויז און ס׳זענען אומגעקומען זיין פרוי און קינדער, זיין שוועסטער. ער האָט איצט קיינעם מער ניט אויף דער וועלט און האָט אַלץ פאַרלוירן. דעם זעלבן אָוונט, וואָס ער איז געקומען קיין האַמבורג און זיך דערוווּסט וועגן גורל פון זיין פאַמיליע, האָט ער זיך פרייוויליק געמאָלדן צום פראָנט, כאָטש ער איז געווען באַפרייט. איצט וואַרט ער אויף זיין באַשטימונג.

ווי מיר זעען אים, דערמאָנען מיר זיך אין זיין ווידוי און אין די טרערן, וואָס ער האָט פאַרגאָסן.

— איר קאָנט מיר גראַטולירן, — זאָגט ער צו אונדז. — איך האָב שוין די באַשטימונג צום פראָנט. נאָר וואָס מיינט איר, איך וועל באָמבאַר־דירן? איך וועל אַוועקפליִען אין די רוסישע פליינען און זיך אַראָפּלאָזן מיט

אַ פּאַלשירעם. עפּענען אָדער גאָרנישט עפּענען אים, בלייבן לעבן אָדער שוין ליגן טויט. אַ קאַטאַסטראָפע אָדער אַ קויל, עס אַרט מיך ניט. איך געדענקט דאָך וואָס איך האָב אייך דערציילט. דאָס מאַכט אַ פּירער פון אַ מענטש, פון אַ פאָלק...

ער זעצט זיך צו אונדז צו און פאַרציט אַ שיכּור געזאַנג.

ליפּקע, וואָס איז נאָך אַלץ פאַרשלאָפן, שלעפּט זיך טרעפּ־אַרויף. פון גרויסן שאָפערן־צימער פויזעט אַרויס מיט רויטע פאַרטרערטע אויגן מענקע.

— סאָלדאַט מענקע! — שרייט דער אונטעראָפיציר ליפּקע.

— איך הער, הער אונטעראָפיציר! — ענטפערט מענקע און ציט זיך אויס.

ליפּקע גייט צו אים צו און באַקוקט זיין העלד און קרבן.

— מענקע, ווי אַלט ביסטו, סאָלדאַט?

— צוויי טעג, הער אונטעראָפיציר, — ענטפערט וויציק מענקע.

— לינקס אום! — מושטירט אים ליפּקע.

מענקע דרייט זיך אום אויף רעכטס.

— רעכטס אום!

מענקע דרייט זיך אום אויף לינקס.

— קערט אום!

מענקע גייט פאָרויס גלייך צו אונדז און כאַפּט אַרום איינע פון די יידישע פרויען.

— ווי לאַנג ביסטו סאָלדאַט? — חזרט ליפּקע איבער די פראַגע. — צוויי טעג? אויב אַזוי איז דיר דערלויבט אַרומצונעמען יידישע ווייבער. וואָלסטו געווען אַ סאָלדאַט פיר יאָר אונטער דער ביקס, ווי איך, וואָלסטו געוווּסט, אַז אין דער אָנוועזנהייט פון אונדזער אונטעראָפיציר שולץ נעם איך ניט אַרום קיין יידישע פרויען. פאַרגעס ניט, אַז שולץ איז אַ פאַרטיימאַן און דאַרף היטן די מאָראַל פון דעם נאַציאָנאַל־סאָציאַליזם. פאַר־שטאַנען?!

— פאַרשטאַנען! — ענטפערט מענקע און דרייט זיך אום צום אָנקו־מענדיקן שולץ.

שולץ איז געווען אַרויס פון זיין צימער, פאַרזונקען אין מחשבות. ער עסקט מיט דער שפּייזקאַמער, מיטן שוך־ און קליידער־לאַגער. ער איז גאַנצע טעג פאַרטאָן, די חשבונות זאָלן אים שטימען. ער האָט פאָריקע וואָך

אָפּגעשיקט אַ וואַגאָן שנאַפּס פֿאַרן טייל פֿון זיין „קאָמפּאַני”, וואָס איז אַוועקגעפֿאָרן נענטער צום פֿראָנט. נעכטן האָט ער באַקומען אַ פֿאַרשטעלטע מיטטיילונג, אַז דער וואַגאָן איז אָנגעקומען צוריק קיין קאָוונע. ער איז צופֿרידן פֿון זיין טריק און גניבה, וועלכע מען וועט פֿאַר קיין פֿאַל ניט קאָנען אויפֿדעקן, ווייל דער נומער פֿון וואַגאָן איז געוואָרן איבערגעמאַכט. איצט האָט ער איין זאָרג, ווהין אַהינטאָן דעם שנאַפּס און ווי אַזוי קויפֿן פֿאַרן געלט וואַלוטע, גאָלדענע רינגען, בראַסלעטן, זייגערלעך... ער איז רויט און שיכּור. זיין גראָבער קאַרק קריכט אים אַרויס פֿון שטייף צוגע־שפּיליעטן אוניפֿאָרם־רעקל און לייגט זיך אַריבער איבערן קראַגן אין אַ פֿאַלד. זיינע פֿליישיקע ליפּן באַוועגן זיך אָן אויפֿהער. ער פֿאַרלאַנגט פֿון זיך פֿלינקייט פֿון געדאַנק און טאַט. ער איז שוין אַפֿילו באַלד אין כּעס אויף זיך, וואָס ער האָט זיך אָנגעטרונקען איידער ער האָט איינגעאָרדנט דעם ענין שנאַפּס. איצט קאָן זיך דאָס פֿאַרציִען ביז מאָרגן... דאָס טויג ניט. גייט ער אַרום און זוכט עפּעס...

— מענקע! — שרייט ווידער אויס ליפּקע. — איך רעד צו דיר! זאָג מיר, ווער רעדט צו דיר?

— מיין פֿירער רעדט צו מיר! — ענטפֿערט מענקע.

— ביסט אַ ליגנער! צו דיר רעדט אַ קאַמעראַד. ווער איז דער פֿירער?

— אַדאָלף היטלער! — ענטפֿערט מענקע און טוט זיך אַ קרים, ווי ער וואָלט אַ זשליאָקע געטאָן עפּעס ביטערס.

— איך באַפֿעל דיר, סאָלדאַט מענקע, דער פֿירער באַפֿעלט, מיר באַ־פֿעלן דיר, זאָלסט שיכּורן איין מאָל אַ טאָג, ניט מער — פֿון צען אין דער פֿרי ביז ביי נאַכט, ווייל דו דאַרפֿסט זיך קלייבן אין וועג. מיר קלייבן זיך אַלע אין וועג אויף יענער וועלט, פֿאַרשטאַנען?

— צום באַפֿעל! — ענטפֿערט מענקע און נעמט אַרויס פֿון די קעשענעס שטיקער וייצן ברויט און פֿאַרטיילט אונדז.

עס קומט אָן שעלענבערג.

— שוין, אַזוי גיך? — פֿרעגט אים ליפּקע.

— איך בין געווען דער ערשטער, — ענטפֿערט שעלענבערג און זעצט זיך צו לעבן אונדז.

עס טראָגט פֿון אים אַ שווייסיקע היץ. ער ווישט זיך דעם שטערן

מיטן אַרבל און באַקלאָגט זיך אויף זיין גורל, וואָס איז, לויט זיינע רייד, ניט בעסער פון ייִדישן.

— אַז איר וועט איבערגעבן די בריוו פון אייערע ריגער ברידער, זאָלט איר דערפאַר פאַרלאַנגען אַ פּאָר ציידענע זאָקן און אַ שטיקל טואַלעטן־זייף — בעט ער אונדז — אין ריגע האָט מען יענע וואָך אויפגעהאָנגען אַ ייִד אין מיטן געטאָ. ער איז געהאָנגען צען טעג, כּדי אָפּצושרעקן אַלעמען. אין דווינסק האָט מען דערשאָסן דריי הונדערט יידן, וואָס האָבן זיך אַרויס־געדרייט פון אַרבעט. איינע אַ ייִדישקע האָבן מיר געוואָלט ראַטעווען, זי האָט זיך אַזוי געבעטן. מיר האָבן זי אַריינגענומען צו זיך אין מאַשין און אָפּגעפירט צו אירן אַ באַקאַנטן, צו וועמען זי האָט געהאַט צוטרוי. צומאָרגנס בין איך געפאָרן זען, וואָס זי מאַכט. האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז איר „גוטער" באַקאַנטער האָט זי די זעלבע נאַכט איבערגעגעבן דער געסטאַפּאָ, און זי איז אויפגעהאָנגען געוואָרן. איך בין געווען אין געטאָ...

שעלענבערג וויינט זיך פונאַנדער. אונדזערע פרויען וויינען מיט אים. ער שלוקעכצט, ווי אַ קינד. דער פּלי׳ער און ליפּקע גייען אין שטילשווייגן אַוועק. אויך שולץ פאַרשליסט זיך אין זיין צימער.

— דאָס מאַכן ניט קיין דייטשישע סאָלדאַטן, — פאַרענטפערט זיך מענקע. — דאָס מאַכן די שטורמיסטן און געסטאַפּאָ...



דער גאַנצער הויף ווו ס׳איז סטאַציאָנירט די „בעטראַונגס־קאָמפּאַני נר׳ 7" איז פול מיט שמוץ און בלאָטע. די שווערע מאַשינען זינקען ביזן אַקס אין דער ווייכער ערד. דאָס אייז פון די העכערע בערגלעך, דער שניי וואָס ליגט אונטער שיכטן סטרוזשקעס און שפּענער, הייבן אָן ערשט איצט צו צעגיין, און לאָזן ניט אויסטריקענען די זאַמדיקע ערד. גאַנצע טעג גראָבן מיר רינוועס אויף אָפּצי׳ען דאָס וואַסער צום טויער. יעדער אָנקומענדיקער לאַסט־אויטאָ צעשטערט אָבער אונדזערע „דרענאַזש־קאָמבינאַציעס". מוז מען אָנהייבן די אַרבעט פון דאָס ניי. אַ פּאָר שיינענדיקע זוניקע טעג טוען דאָס אָפּ גיכער און בעסער פון אונדז. דער הויף ווערט אויסגעטריקנט.

מיר מוזן זיך נעמען צו די קופּעס מיסט. די צוויי מיסטקאַסטנס זענען איבערפול. די קיך־אַרבעטער פוילן זיך אַפילו צוגיין צו די מיסטקאַסטנס.

זיי שיטן דעם אָפּפאַל ווו עס מאַכט זיך. צו די קופּעס מיסט קומען צו די קלאָזעטן, וועלכע זענען אַזוי פאַרשמוצט, אַז מען קאָן דאָרט קיין פוס ניט שטעלן. אויך דער שטאַל, ווו די דייטשן פון דער „אונטערשטער" איינהייט האָדעווען צוויי חזירים, גיט זייןביישטייער צום עיפּוש.

מען באַפעלט אַרויסשאַרן פון די הינטערשטע ווינקלען דעם מיסט, עס זאָל זיין באַקוועמער אָנצולאָדן אין לאַסט־אויטאָס. דער יינגסטער צווישן אונדז, דאָס פּיפּיקע יאַטל מיטן צונאָמען שפּאַץ, געפינט אין מיסטקאַסטן אַ סלוי פון מאַרמעלאַדע. ער כאַפּט און לויפט מיט זיין געפינס. מיר לויפן אים נאָך. ער וואַשט אַרום דעם סלוי. אין אים געפינט זיך אַ ביסל שמירעכץ אויף די ווענטלעך, אויפן דעק. מיט סקאָרינקעס, אָפּגעשפּאָרטע פון אין דער פרי, סקראָבען מיר אַרויס פון סלוי די קלעפּיקע שמירעכץ. דער לעצטער רייניקט אויס דעם סלוי מיט אַ שטיקל פּאַפּיר און לעקט עס אַרום.

— געגנוג, שנעלער צו דער אַרבעט! — באַפעלט אונטעראָפיציר ברון און כאַפּט זיך אַליין צו דער לאָפּעטע. ער שיט מיט כּוח איין לאָפּעטע נאָך דער צווייטער. ווערט פאַרשוויצט, וואַרפט אַראָפּ דאָס רעקל מיטן היטל און שרייט צו אונדז:

— זאָ מוז אַרבעט געשאַפן ווערדען!

מיר נעמען זיך צו די לאָפּעטעס, ווידלעס און קירקעס, צעגראָבן דעם איינגעפרעסטן מיסט און לאָדן אין מאַשין.

— אימער ווייטער, אימער ווייטער, — רופט פון פענצטער אַרויס ליפּקע.

צוויי אונטעראָפיצירן עסקן שוין אַרום דעם מיסט און קאָמאַנדעווען מיט צוויי יידן — מיסטראָמערס...

— מער ווי איין מיסטקאַסטן דאַרפן מיר ניט אויסראָמען — טענהט דער אונטעראָפיציר ברון. — מיר האָבן אַ קליינע קיך, און די „אונטערשטע" איינהייט איז גרויס אין צאָל. ביי אונדז זענען פאַראַן פינף שאָפערן און פופצן יידן, און שוין איבער אַ וואָך ווי מיר נעמען מיטאָג פון דער באַן־קיך, אַזוי אַז מיר ניצן ניט אין גאַנצן די מיסטקאַסטנס.

— שטימט! — גיט צו ליפּקע, — איך מוז דאָס אויפקלערן.

ער שלעפּט אַרויס אויפן הויף אַ לייטענאַנט פון דער „אונטערשטער" איינהייט און גיט אים צו פאַרשטיין דעם טיפן זין פון מיסטראָמען. ער דערקלערט אַז ס'איז ניט זיין מיסט, נאָר זייער מיסט, ס'הייסט פון דער „אונ־

טערשטער" איינהייט, און ער האָפט אַז זיי וועלן העלפן אויפראַמען און אויסרייניקן דעם הויף. ביידע דינגען זיך לאַנג. לסוף קומען זיי דורך אַז די "אונטערשטע" וועלן העלפן ראַמען און לאָדן, און „אונדזערע" מאַשינען וועלן עס אַרויספירן. ביידע צדדים זענען צופרידן וואָס מען איז דורכגע־קומען אָן אַ געריכט.

עס פאָרט צו אויף הינטערוויילעכץ אַ גרויסע לאַסט־מאַשין. אונטער־געטריבן פון די אונטעראָפיצירן, הייבן מיר אָן אָנלאָדן. עס דויערט איבער אַ שעה. די גאַנצע צייט וואָס מיר לאָדן, טראַכט איך אַלץ, מען זאָל נאָר ניט דאַרפן מיטפאָרן אויסלאָדן. פון מיסט טראָגט אַ שרעקלעכער גערוך. עס טריקנט פון דעם אין האַלדז, ס׳פאַרנעמט דעם גומען. איך האַלט אין איין שפייען שוואַרצע שטיקער לייכעץ. אין מיסט געפין איך אַ פאַטקעווע און מעסט זי צו דעם קנאַפל פון מיינע צעריסענע שיך. עס פאַסט! אָ, ווען איך געפין נאָך איינע!

מיר פאַרמאַכן דעם באָרט פון דער מאַשין און דערשיטן נאָך אַ ביסל מיסט.

דער אונטעראָפיציר ברון קאָמאַנדעוועט:

— איינשטייגן צום אָפלאָדן!

מיר קאָנען זיך פון דעם ניט אַרויסדרייען. איך פרווו פאָרזיכטיק אַרויפקריכן. נאָר וואָס ווייטער זע איך, אַז ס׳איז זינלאָז זיך צו היטן. פריִער אָדער שפּעטער וועלן מיר זיך איינשמירן פון קאָפּ ביז די פיס.

מיר פאָרן איבער דער שטאָט און צעטראָגן איבער די גאַסן אַ שטאַרקן עיפוש. ס׳איז אייזיק־קאַלט, דער ווינט דרינגט אַריין אין אַלע גלידער. מיר פאָרן אַוועק צו אַ נאָענט ליגנדיקן דאָרף אויסצושיטן דעם מיסט. די פאַר־בייגייענדיקע פויערים קוקן אונדז אָן, קוקן אויף די געלע לאַטעס. זיי זעען זעלטן ייִדן. ביי אַ זייטיקן וועג דרייען מיר זיך אַראָפּ פון שאָסיי. אין אַ טאָל האָבן שוין אַנדערע געהאַט אויסגעשאָטן מיסט. מיר שטעלן זיך אָפּ. אַ פויער פון דער דערבייִקער כאַטע בעט, מיר זאָלן אויסשיטן דאָס מיסט ביי אים אויפן פעלד. ער זאָגט אונדז צו קאַרטאָפל. מיר גיבן דאָס איבער מאַקסן, דעם שאָפער. אונדזער פאָסטן ברון דרייט זיך אַוועק צום שאָסיי און מאַכט זיך קוקנדיק אויף די אַרומיקע דערפער. מאַקס שטימט איין צו פאַרקערע־ווען די מאַשין אויפן פויערס פעלדער, אויב ער וועט באַקומען אַ פאָר אייער. דער פויער איז תּיכּף מסכּים און מיר נעמען שיטן דאָס מיסט אויפן

פויערס פעלד. פון אויסלאָדן הייבט אָן ברעכן דער רוקן. מען מוז די גאַנצע צייט אַרבעטן איינגעבויגענערהייט. דער פאַרצויגענער ברעזענט־געשטעל פון אויטאָ לאָזט זיך ניט אויסגלייכן. ברון דערנענטערט זיך צו אונדז, קוקט אַריין אין דער מאַשין:

— איסט נאָך די שייסע ניט וועג?

ער כאַפּט זיך צו אַ ליגנדיקן שופל און הייבט אָן אַרבעטן אָן אַ הפסקה. ער פאָדערט אויך פון אונדז ענערגישער צו אַרבעטן.

— היער האָסטו נאָך איינס, — וואַרפט ער מיר צו אַ פּאָטקעווע. ער האָט געהאַט באַמערקט ווי איך האָב פריִער אויפגעהויבן אַ פּאָטקעווע און אַריינגעלייגט אין קעשענע. איך באַדאַנק אים און מעסט זי צום קנאַפּל. עס וועט פּאַסן.

אויפן שאָסיי טראָגט אַ קריסטין איינִיקע לעבלעך ברויט. מיר בעטן אַ דערלויבעניש גיין פרעגן, צי זי פאַרקויפט.

— לויף, אָבער קום גלייך! — גיט ברון אַזאַ געשריי, אַז די פויערים און די דאָרפס־קינדער וואָס האָבן אַרומגערינגלט אונדזער מאַשין, דער־שרעקן זיך.

איך לויף צום שאָסיי, וויל אויסמיידן דעם פאַרקאָן. ברון שרייט צו מיר:

— איבערן צוים זאָלסטו שפּרינגען, און אָן הענט!

איך שפּרינג אַריבער, אָבער מיט די הענט. ברון דראָעט מיר מיטן פינ־גער און ווייזט, אַז ער וועט מיך דערשיסן פאַרן ניט אויספילן אַ באַפעל.

די קריסטין אויפן שאָסיי דערזעט ווי איך לויף צו איר, פאַרשנעלערט זי איר גאַנג. איך אָבער דעריאָג זי און בעט פאַרקויפן מיר אַ ברויטל.

— איך פאַרקויף ניט — זאָגט זי — איך קאָן דיר נאָר איבערגעבן מיין נאָרמע — און דערלאַנגט מיר אַ ברויטל.

איך גיב איר פופציק רובל. זי נעמט ניט. איך גיב איר דרייסיק. נעמט זי אויך ניט. זי זאָגט אַ פּאָר האַרציקע ווערטער אין איילעניש. איך באַדאַנק איר און קער זיך אום ווי אַ זיגער. נאָר באַלד באַהערשט מיך אַ נידערגע־שלאָגנקייט. ווען זי וואָלט געבעטן הונדערט רובל, ווען ס׳וואָלט אויסגע־קומען זיך צו דינגען, ווען זי וואָלט געווען אַ סוחרטע — איז מען צו דעם שוין געוווינט. דאָס ברויט וואָס איך טראָג, איז בעטל־ברויט. איך צעטייל עס צווישן אונדז דרייען. ברון איז דערפון צופרידן.

— פיל האָסטו געצאָלט? — פרעגט ער שטרענג.

— אומזיסט באַקומען, הער אונטעראָפּיציר! — ראַפּאָרטיר איך.

ער איז צופרידן און ניט צופרידן צוגלייך. ער קוקט זיך אַרום. באַטראַכט די דאָרפישע קינדער און נעמט זיי פּאַרטיילן צוקערקעס. ער ציט די צוקערקעס איינציקווייז פון קעשענע, שפּילט זיך מיט זיי, וויגט יעדע איינע פאַרן שפּיץ פּאַפּירל און וואַרפט צו די קינדער. זיי כאַפּן די צוקערקעס און אַנטלויפן. אין אַ ווײַלע אַרום קערן זיי זיך אום און איינער פון זיי ווייזט אונדז אַ שטיקל ברויט, באַהאַלטן אונטער דער בלוזקע. ער וויל פאַר דעם אַ מאַרק. מיר זוכן ביי זיך און געפינען ניט. מיר האָבן נאָר רובלס, בעטן מיר לייען ביים שאָפער. ער שלינגט אַראָפּ די לעצטע האַרטע איי, וואָס ער האָט באַקומען ביים פּויער, און גיט אונדז דעם מאַרק. די קינדער אַנטלויפן אָבער. מיר רופן זיי צוריק, נאָר ס׳העלפט ניט. ברון פרעגט, וואָס דאָ טוט זיך. מיר דערציילן אים. ער רופט אָפּ מאַקסן אין אַ זייט, און ביידע גייען אַוועק צום שאָסיי, כדי די קינדער זאָלן ניט מורא האָבן צוצוגיין צו אונדז. אין אייניקע מינוט אַרום שרייט ברון פון שאָסיי:

— האָט איר שוין דאָס געשעפט געמאַכט?

—ניין, די קינדער האָבן דאָס ברויט אויפגעפרעסן — ענטפערן מיר.

— שאַדע, שאַדע — רופט ער זיך אָפּ און קומט צו אונדז צו. ער באַמערקט, ווי מיר שיטן דעם רעשט מיסט דורך דעם צעלעכערטן דיל פון אויטאָ. דאָס מיסט פאַלט אויף דעם אַקס פון די רעדער.

— הער, דו — שרייט צו מיר דער שאָפער — דו טרייבסט סאַבאָטאַזש! דו פירסט איבער די רעדער, די אַקס. איך שיס דיך טאָט!

— מיר טרייבן ניט קיין סאַבאָטאַזש, מיר פרייען זיך אַז מען לאָזט אונדז לעבן — ענטפערט איינער פון אונדז.

— יאַוואָל! אין מיין אָנוועזנהייט וועט דיר זאָוויזאָ ניט געלינגען סאַבאָטירן!

דער אויטאָ איז שוין אויסגעליידיקט. מיר פאָרן צוריק. ביז מיטאָג מוזן מיר מאַכן נאָך איין נסיעה, ברון איז זיכער אַז מיר וועלן באַוויזן. דער אויטאָ איילט איבער די קאָוונער גאַסן.

מיר נעמען זיך ווידער צום אָנלאָדן. עס קומט דער שיכּורער אונטעראָפּיציר שולץ. אים געפעלט ניט אונדזער אַרבעט. מיר מוזן זיך פּאַרטיילן און ניט שטערן איינער דעם אַנדערן.

— דריי מושקעטערן ! — שרייט ער צו אונדז, טייטלענדיק מיטן פינגער אויף איינעם, אויפן צווייטן און דריטן — שייס־מייסטער, שייס־אינספעק־טאָר, פאַרוואַלטער פון שייס־הויז...

אויך ביים ראַמען מיסט האָט ער זיך דערמאָנט אין די פרינציפן פון דער אָרגאַניזאַציע, פאַרוואַלטעריי און אַרבעטס־פאַרטיילונג. ער האָט געמוזט זאָגן, כדי שפּעטער פון דעם אייגענעם שפּאָס צו לאַכן. ער כאַפּט אַ לאָפּעטע, מאַכט זיך ווי ער וואָלט וועלן אַרויפשיטן אויפן אויטאָ און באַשיט מיט קלעפּיקן, נאַסן מיסט אונדזערע קעפּ, שולטערן און פּיס.

דאַן וואַרפט ער די לאָפּעטע צו אונדזערע פּיס און גייט אַוועק.

מיר לאָדן ווידער אָן פאַוואָליע, ניט געאיילט. מאַקס רוימט אונדז אַריין אין אויער :

— מיר וועלן שוין פאַר מיטאָג ניט פאָרן. אַרבעט לאַנגזאַמער. נאָך מיטאָג וועלן מיר מיטנעמען זאַלץ, סאַכאַרין און מיר פאָרן אין דאָרף אויס־בייטן אויף פּוטער, שפּעק און אייער...

מיר ווינקען אים צו אויף שטום־לשון אונדזער הסכמה און זאָגן צו אָנצווייזן „גוטע ערטער" אין דערביייִקע דערפער.

צוועלף אַזייגער שיקט ליפּקע אַראָפּ אַנדערע דריי פון אונדזער ברי־גאַדע, זיי זאָלן אונדז אָפּבייטן. מיר גייען אַרויף אויפן דריטן עטאַזש און וואַרטן אויף מיטאָג.

דער קוכער איז היינט מיד און אויפגערעגט. ער האָט ניט קיין עסן פאַר די ייִדן. פון נעכטן איז געבליבן אַ ביסל אַרבעס־קאַשע. ער גיסט אויף דעם אַרויף אַן עמער וואַסער און שטעלט אַוועק אויף דער פּליטע. ער האָט קיין געדולד ניט, ס׳זאָל אויפקאָכן ; וואַרעמט דעם קעסל נאָר אָן און טראָגט אים אַרויס. מיר באַפאַלן אים. פון אויבן שטייט אַ ווייסער געדיכטער שוים. מיר צעמישן די זופּ, גיסן זיך אָן קעסעלעך. דאָס וואַסער איז ניט מער ווי וואַסער. די געדיכטע קאַשע — זויער. מיר זופּן די זויערע קאַשע, צעמישט מיט ניט־געקאָכט וואַסער. אַלע ריידן וועגן בויכווייטיק, וואָס מען קאָן פון דעם באַקומען. אַלע זופּן אָבער אויס זייערע פּאָרציעס, אַנדערע גיסן זיך אַפילו אָן נאָך.

ס׳איז שוין איינס. מיר גייען ווידער אַראָפּ צום מיסט. דער לאַסט־אויטאָ איז פול. מיר קריכן אַרויף און פאָרן אָפּ. עס הייבט מיר אָן קראַמפן דער בויך. אויך די אַנדערע זאָגן אַז עס בורטשעט זיי אין די געדערעם. מיר

פאָרן ווידער צום זעלבן אָרט און לאָדן פלינק אויס די מאַשין. מיר קריגן פון פויער אַ ביסל קאַרטאָפל. מען דאַרף נאָך פאָרן אין דאָרף, מאַכן דעם טויש־געשעפט פאַרן שאָפער. די קראַמפּן אין בויך ווערן אַזוי שטאַרק, אַז מיר בלייבן ליגן מיט צונויפגעדרייטע פיס און פאַרקרימטע פנימער.

די רייזע אין דאָרף געלינגט אונדז ניט. דערזעענדיק די דייטשן, האָבן די פויערים מורא צו מיסחרן. מיר שמעקן זיך אָן מיט די מחיהדיקע ריחות פון די גרינע נאָדל־וועלדלעך. מיר ליגן אַ האַלבע שעה אין שאָטן פון די סאָסנעס, אין אַ שטילן פאַרנאַכט פון סוף־אַפּריל מיט קראַמפּן פון רויער זופּ און מיט דער שטענדיקער האָפענונג, אַז דער מאָרגן וועט זיין בעסער ווי דער היינט, און אַז אַ „נס״ קאָן געשען יעדע מינוט. מיר קוקן זיך איבער, די דריי ייִדישע מיסטפירערס — דער גערטענירער, דאָס פּופּצנ־יאָריקע יאַטל און איך. מיר קוקן זיך איבער. דערביי ליגן די דייטשן. זיי קוקן יעדע ווײַלע אויפן זייגער און פרעגן, ווען מיר ווילן שוין גיין אַהיים...



אַ וואָך פאַרנעמען מיר זיך מיטן ראַמען דאָס מיסט. איין אונטעראָפּי־ציר איילט, דער צווייטער גיט ניט קיין מאַשין, דער דריטער פאַרקלענערט די נאָרמע בענזין. אַ געדונגענער אויטאָ איז ניט מסכּים צו פאָרן. מיר ווילן שוין מיט דעם ענדיקן, און וואָס שנעלער. פון מיסט איז מיר אויסגעשלאָגן געוואָרן דאָס געזיכט, די הענט. די פליי הערן ניט אויף צו בייסן און צו רייצן אונדזערע נערוון. די לעצטע טעג פירן מיר שוין דאָס מיסט ניט אין די דערפער, נאָר הינטער דער שטאָט, אויפן „גיי״, ווו ס׳גיסט זיך צונויף די וויליע מיטן ניעמאַן. עס פאָרט איצט מיט דער אונטעראָפּיציר ליפּקע. די חשיבות פון מיסטפירן איז אַזוי גרויס, אַז דער מיליטערישער שאָפער אַליין איז צו ווייניק, און עס מוז אָנגעפירט ווערן לכל־הפּחות פון אַן אונ־טעראָפּיציר...

דער אַלטער היטער פון פּלאַץ צווישן די ביידע טייכן דערלויבט אונדז אויסצושיטן דאָס מיסט. ער רעדט אַ געבראָכענעם דייטש, וואָס ער גע־דענקט נאָך פון דער דייטשישער אָקופּאַציע אין פאַרגאַנגענעם וועלט־קריג. ער גיט אונדז צו פאַרשטיין דעם טיפן זין פון מיסטשיטן. מען מוז פּלאַ־נירן, ווו אויסצושיטן די אויטאָס. עס טאָרן ניט בלייבן קיין קופּעס, מען

דאַרף אויסגלייכן דעם פּלאַץ, כּדי די ערד זאָל ווערן פּרוכטבאַר. מיר באַקוקן דעם פּלאַץ. מיט עטלעכע יאָר צוריק איז דאָ שטענדיק געשטאַנען פאַר־דומפּעצט וואַסער, וואָס פלעגט אין פריִען פרילינג, בעת די טייכן פלעגן אַרויס פון די ברעגעס, פאַרשווענקט ווערן. איצט איז דער פּלאַץ כּמעט טרוקן. אין דער נאָענט ווייסן זיך די טורעמס פונעם יעזויִטן־קלויסטער און דעם גלחים־סעמינאַר. די קלויסטער־שפּיצן טרינקען ברודערשאַפט... דערביי בלייבט פאַראייניזאַמט די אַלטע קאָוונער שלאָס־חורבה וואָס מען האַלט אין איין פאַרריכטן, זי זאָל אין גאַנצן ניט פאַרשווינדן פון דער אויבערפלאַך.

ווי מיר הייבן נאָר אָן אויסשיטן דאָס מיסט, לויפן אָן פון אַלע עקן פּלאַץ אָרעמעלייט — אַלטע, געהויקערטע פרויען, פון וועלכע עס טראָגט זיך דער ריח פון פּוילעניש, מענער מיטן ריח פון זשאַווער. מיר האָבן זיי גאָר פריִער ניט באַמערקט. זיי זענען געווען צעשאָטן אין אַלע עקן, פאַרשטעלטע פון די מיסט־הויפנס. איינגעהויקערטע ווי קליינע בערג־לעך, פאַלן זיי צו צו די מיסט־הויפנס. מיט בלאַטיקע, צעווונדיקטע און צעקראַצטע הענט, שלעפן זיי אַרויס ברעטלעך, שפּענער, שטיקלעך האָלץ, רייסן זיך צוליב אַ שטרויזאַק. שטאָפּן זיך אָן פולע טאָרבעס מיט בלעכענע פּושקעס, טיילן פון קינדערשע שליטלעך און פאַרפּעכטע טיכער.

מיר קוקן נאָך יעדע באַוועגונג זייערע און באַוווּנדערן זייער פלינקייט ביים אויפקלייבן און איינפּאַקן דאָס געפינס. ליפּקע פאַרבאָט אונדז ריידן מיט זיי און שטיין לעבן זיי. דער היטער פון פּלאַץ פאַרענטפערט זיך פאַרן אונטעראָפיציר, אַז ער, דער היטער, וואָלט זיי געדאַרפט פאַרטרייבן פון דאַנען, נאָר מילא, זאָלן זיי קלייבן, וואָס קאָנען זיי שוין דאָ געפינען...

ס'איז דאָס לעצטע מאָל וואָס מיר פאָרן מיטן מיסט. מיר בעטן דעם אונטעראָפיציר, ער זאָל אונדז אַראָפּפירן אויפן מאַרק. מיר וועלן פאַר אים קויפן אייער און פאַר זיך אַ ביסל גרינס. זיינע אויגן לויכטן אויף. ער איז מסכּים אָן שום ישוב־הדעת. דורך זייטיקע געסלעך פאָרן מיר אַרויף אויפן מאַרק. דער אויטאָ בלייבט שטיין. מיר שפּרינגען אַראָפּ. לויפן אַריין אינעם געדראַנג. איך טו אויס דאָס רעקל, כּדי צו בלייבן אָן די געלע צייכנס. לויט מיין אויסזען וועט קיינער ניט מיינען, אַז איך בין אַ ייִד. איך אייל פון איין טישל צום צווייטן. אַ געדראַנג, אַ געשריי. מען

איז שוין אָפּגעוווינט פון אַזאַ מענטשן־געזעמל, פון דער פרייהייט זיך צו באַוועגן. איך זע אָבער, אַז אַלס קריסט וועל איך קיין סך ניט אויפטאָן. מיינע מיטפּאַרערס האָבן שוין אָנגעשטאָפּטע זעק מיט פּראָדוקטן. איך כאַפּ אויף זיך צוריק אַרויף דעם רעקל און הייב אָן דרייסטער איינהאַנדלען. די פויערטעס און שמוגלערס וואָס דרייען זיך דאָ אַרום, לייגן גלייך פּאַר טאָפּלטע פּרייזן פאַר פּוטער, אייער, שפּעק, קעז, לינדזן, גרויפּן און גריַנס. איך האָב געקויפט פינף אייער — אונדזער צוזאָג דעם שאָפער — און פאַר דעם איבעריקן געלט אַ ביסל גרינוואַרג.

אין מיטן דרינען שפּרינגט צו אונדז צו ליפּקע און הייבט אָן שלעפּן פאַר די אַרבל:

— שנעלער, שנעלער, אַ ברוינער!

מיר קוקן זיך אַרום. עס שפּאַנט טאַקע איבערן מאַרק אַ שטורמיסט. מסתּמא איינער פון די געהילפן פונעם שטאָט־טאַטן. מיר וואַרפן שנעל אַרויף די זעק אויף דער מאַשין און כאַפּן זיך אַליין אַרויף. ווען ער פּאַקט אונדז, שניידן מיר ביטער אָפּ און ער קלאָגט נאָך אָן דעם אונטעראָפיציר פאַר פירן ייִדן אויפן מאַרק איינקויפן פּראָדוקטן. אַזאַ מוראדיקע עבירה...

מיר פאָרן אַרויף ווי זיגער אויף אונדזער אַרבעטס־פּונקט. ס׳איז שוין באַלד פיר. די איבעריקע ייִדן פון דער בריגאַדע האָבן שוין געענדיקט די אַרבעט. מיר דערציילן זיי וועגן דער קניה און נעמען פאַרטיילן צווישן זיך די פּראָדוקטן. יעדערער קריגט צו צוויי קילאָ קאַרטאָפל, אַ קילאָ מערן, עטלעכע ציבעלעס, צוויי שטענגלעך כריין און אַ קעפּל קנאָבל... אַלע פרייען זיך מיט דער „מציאה״, וואָס מאַכט אויס פאַר יעדן איינעם אַכציק רובל...

מיר וואַרטן אַ פּאָר שעה אויף אַ פּאָסטן, וואָס זאָל אונדז פירן אין געטאָ. מיר זענען אַזוי צופרידן מיט אונדזער איינקויף, אַז מיר פילן ניט די צייט פון וואַרטן. ווען מען קאָן נאָך קויפן אַ שטיקל ברויט, וואָלט אונדזער צופרידנקייט איבערגעוואַקסן אַלע גרענעצן...

הינטערן דערבייַיִקן צווינטער, לעבן טאַטערישן מעטשעט, האַנדלט אַ טאָטערקע מיט אַלץ וואָס עס מאַכט זיך. איינער פון אונדז שפּרינגט אַריבער דעם נידעריקן צוים, וואָס טיילט אָפּ אונדזער הויף פונעם צווינטער, קריכט אַריבער דעם הויכן שטעכלדראָטענעם צוים צווישן צווינטער און דער טאָטערקעס כאַטע. די טאָטערקע פאַרקויפט אים פיר

לעבלעך ברויט און צוויי קילאָ שפּעק. האַסטיק לויפט ער צוריק. דורכן פענצטער פון דריטן עטאַזש באַמערקט עס ברון און לויפט צו אים אַראָפּ:

— ווּ ביסטו געווען? דו ווייסט וואָס עס קומט דיר און מיר פאַר אַזאַ זאַך? האָט דיך קאָטש קיינער ניט באַמערקט?

ער פירט אים, ווי אַרעסטירט, דעם גאַנצן וועג דורכן צווינטער. ברון גייט געבויגן און קוקט אויף אַלע זייטן, ביז ער איבערצייגט זיך אַז קיינער האָט ניט געקאָנט באַמערקן דעם ייִד. הייבט ער אויף דעם טאָן און נעמט שרייען:

— זאָלסט זיך דאָ מער ניט ווייזן פאַר מיינע אויגן! ליידן דאַרף איך צוליב דיר? ווייז וואָס דו האָסט געקויפט?

— איך האָב דאָס געקויפט פאַר אַלעמען — פאַרענטפערט מיט דער־שלאָגנקייט דער יאַט, זעענדיק ווי דער דייטש באַוווּנדערט דאָס ברויט און דעם שפּעק.

ברון נעמט צו דעם שפּעק, וויקלט איין אין פּאַפּיר און טראָגט אַרויף צו זיך. אין עטלעכע מינוט אַרום קומט ער אַראָפּ צו אונדז און ציילט אונדז אויס. ער פאַרשווינדט אויף אַ ווײַלע און קומט ווידער אַראָפּ מיט פופצן פענעצן שפּעק. ער גיט יעדן פון אונדז אַ שטיקל און זאָגט אָן, מיר זאָלן מער קיין שפּעק ניט קויפן, ווייל עסן פעטס איז ייִדן פאַרבאָטן. אויך זיי, דייטשן, באַקומען ניט אַזוינע פאַרציעס פעטס צו מיטאָג. און אויב מען וועט נאָך איין מאָל גיין קויפן אָן זיין דערלויבעניש, וועט ער ליקווי־דירן די בריגאַדע. מער זאָל עס ניט געשען!

זעקס אַזייגער פירט מען אונדז צוריק אין געטאָ. דורך ייִדן פון דער נאַכט־שיכט פון דער „ענטלאַזונג־בריגאַדע" [10], וואָס קומען פון געטאָ און מאַרשירן דאָ פאַרביי, דערוויסן מיר זיך אַז ביים טויער איז אַ שטרענגער קאָנטראָל. מיר שטעלן זיך אויס און יעדער איינער נעמט אַ שייט האָלץ אויף דער פּלייצע.

מען שרייט פון אויבן:

— דאָס גאַנצע האָלץ, אונדזער גאַנצע האָלץ צעשלעפּן די ייִדן! אויב זיי וועלן אַרבעטן דורכן זומער, בלייבן מיר אויף ווינטער אָן אַ שפּענדל!

---

[10] זי האָט געאַרבעט אין סאַניטאַר-פּונקט פאַר דייטשישע סאָלדאַטן לעבן דער אייזנבאַן-סטאַנציע.

— ער וויל דאָ נאָך ווינטערן? — חידושט זיך עמעצער פון אונדז.
— אַזוי לאַנג קרענקט ער... — זאָגט אַ צווייטער.
— ניט דערלעבן זאָל ער דאָ צו פרירן...

און ס'נעמען זיך שיטן אויפן אַדרעס פונעם דייטש אונדזערע קללות. אַלע מיינען מיר, אַז אָט־אָט און מען וועט דאַרפן אַרונטעררייסן די עפּאָ־לעטן ביי די אַנטלויפנדיקע דייטשישע סאָלדאַטן, און דאָ רעדט ער איצט, סוף אַפּריל, וועגן בלייבן דאָ קומענדיקן ווינטער...

ס'איז קיל און ווינטיק. דער הימל איז שטרענג און פאַרכמאַרעט. ס'ווערט טונקל, ניט ווי פאַר דער שעה פון טאָג. וואָלקנס שטרעקן זייערע צינגער אין אַלע זייטן. מיר זענען מיד, שווייגן פאַרעקשנט. אין מיטן וועג בלייבן מיר שטיין, אָפּרוען אַ ביסל. פון אַנטקעגן קומט אָן אַ לייכטע מאַשין. ווען זי דערנענטערט זיך, גיט דער שאָפער בכּוונה אַ קערעווע אין אונדזער זייט און שניידט זיך אַריין אין דעם הייפל ייִדן, וואָס גייט אויפן ברוק. מיט דער זעלבער שנעלקייט פאַרשווינדט ער. עס בלייבט הענגען אין דער לופט אַ יללה פון פרויען. פיר פרויען ליגן אויפן ברוק אָן באַוווסטזיין. ביי איינער איז צעשפּאָלטן דער קאָפּ, ביי די איבעריקע — צעבראָכן הענט און פיס, צעבלוטיקט די פּנימער. ביי צוויי מענער זענען אַראָפּגעריסן די הויזן און אַרבלען, די הויט אָפּגעשונדן, אויסגעקערט די קעסעלעך געקעכטס, וואָס מען האָט זיך ניט פאַרגונען אויפצועסן ביי דער אַרבעט און געטראָגן פאַר די שטוביקע.

מיר הייבן אויף די אומגעשליידערטע און פאַרווונדיקטע. צווישן די געבליבענע ליגן אויפן אַספאַלט איז אויך דער פּאָסטן. ער צופּט מיט אַן אויג, מיט דער הויט פון שטערן, מיט אַ האַנט און אַ פוס. ער האָט פאַר־לוירן דעם באַוווסטזיין. מיר האַלטן אָפּ אַ לאַסט־אויטאָ, בעטן אָפּפירן די קראַנקע אין קאַזאַרמע. דער שאָפער שטימט איין. צוויי פון אונדז פירן זיי אָפּ, די אַנדערע בלייבן וואַרטן אויף אַן אַנדער פּאָסטן, ווייל אָן אַ שמירה טאָרן מיר זיך ניט באַוועגן. אין אַ שעה אַרום קומט ער און פירט צום ערשטן מאָל ייִדן אין געטאָ. ער גייט פאַרזיכטיק, קוקט אויף אונדז מיט חשד.

מיר קומען צום טויער. ס'איז שוין האַלב עלף ביי נאַכט. די קאָנטראָ־לערן זענען נאָך ניט אַוועק. אין דער רשימה איז נאָך ניט געווען אָפּגעצייכנט, אַז מיר זענען צוריקגעקומען. וואַרטן זיי אויף אונדז, צינדן אָן

די לאָמפּן. זיי האַלטן לאַנגע קאַנטשיקעס אין די הענט. אויף זייערע שוואַרצע פּילאָטקעס בלישטשען זילבערנע שאַרבנס. די פּאָסטנס זענען אומרויִק און קריצן מיט די ציין. זיי האָבן אויף די מונדירן אָנגעטאָן שטאָפּענע אַרבל, אונטן פאַרצויגן מיט גומי, און גרייטן זיך צו פאַרקריכן מיט די הענט אויך אין אונדזערע פּעקלעך.ביים טויער לאָדט מען אָן אויף אַ פור די צוגענומענע פּעקלעך פּראָדוקטן אין משך פון טאָג. עס האָט זיך אָנגעקליבן אַ רעכט ביסל מעל, גרינוואַרג, פעטס, ברויט... די וואַכ־לייט ווענדן אָפּ זייער אויפמערקזאַמקייט פון דער פור און נעמען זיך צו אונדז. זיי קוקן פריִער דורך די פרויען.

— וויפל פּאָר רייטוזן טראָגסטו ? — פרעגט אַ וואַכמאַן.

— איין פּאָר, — ענטפערט דאָס מיידל פאַרשעמט.

— זאָגסט ליגן ! — שרייט דער דייטש און פאַררייסט איר דאָס קליידל מיט איין האַנט און מיט דער צווייטער כאַפּט ער אָן פּאַר די רייטוזן.

דאָס מיידל גיט אים אַ כאַפּ פּאַר דער האַנט.

— שמוציקע צויג !!! — שרייט דער דייטש און לאָזט איר אַראָפּ מיטן קאַנטשיק איין מאָל און נאָך אַ מאָל : — דו לאָזט זיך ניט אונטערזוכן ? — ער גיט זי אַ שטופּ : — דורכלאָזן ! נעכסטע !

דאָס מיידל גייט אַוועק אַ וויינענדיקע. ביי דער צווייטער פרוי שלעפּט ער אַרויס פון אונטערן קלייד אַ שטיקל געראויכערט חזיר־פעטס. ער שלאָגט זי אָן אויפהער מיטן קאַנטשיק איבערן הינטער־חלק.

— גיב אַהער דעם הינטן ! — שרייט ער, שלאָגט און ציילט ביז צען. דאַן גיט ער איר אָפּ דאָס שטיקל פעטס : — קיין רייטוזן־שפּעק עס איך ניט...

ער נעמט גיין פון איינעם צום צווייטן פון די מענער, שרייענדיק :

— אויב איר וועט זיך שטופּן, וועל איך אַלעמען אויסטאָן נאַקעט !

ער כאַפּט ווידער אָן אַ פרוי און קריכט אַריין מיט די הענט אין בוזעם. זיין צווייטער געהילף האָט אָנגענומען פּאַר דער פּאָלע מיין שכן, פירט אים צו צום אייזערנעם בעט, וואָס שטייט ביים טויער, און הייסט אים זיך אויסטאָן. ער שלאָגט אים יעדעס מאָל ביים אַראָפּציִען אַן אַרבל, ביים אַראָפּלאָזן די הויזן, ביים אויסטאָן דאָס העמד. ער באַפעלט אים אַראָפּציִען די שיך און זאָקן. דער מאַן בלייבט אין די אונטערוועש.

— ייִדן גייען נאָך אין אונטערוועש ! — ריטשעט דער דייטש הייזע־

ריק. — האָסט געוואָלט פאַרקויפן, וואָס? רעשטלאַז אָפּנעמען אַלע פּראָ־דוקטן! און דו, — ווענדט ער זיך צו זיין קרבן, — דו, טו אויס די וועש און טו זיך אָן אין צוויי מינוט. — ער שטעלט זיך אַוועק און קוקט אויפן זייגער, קלאַפּנדיק מיטן פוס, ווי ציילנדיק די סעקונדן.

דער קאָנטראָל איז שטרענג. מען נעמט אַלץ צו. וואָס טוט מען מיטן ביסל גרינס? אונדזער פּאָסטן שטייט פון ווייטן און קוקט מיט באַדויערן און שטוינונג. מיר הייבן אָן פּאַמעלעך זיך צורוקן צו אים, און זיך דערווייטערן פון טויער. באַלד געפינען מיר זיך אין דער שטילער, אויס־געליידיקטער און פינצטערער גאַס. דער פּאָסטן פאַרשטייט ניט וואָס מיר ווילן און גייט אונדז נאָך אַ שווייגנדיקער און דערשטוינטער. די וואַכלייט ביים טויער באַמערקן ניט אונדזער מאַנעווער. מיר דערפילן זיך זיכערער און פאַרגיכערן די טריט. אַ פּופּציק מעטער פון טויער לויפן מיר צו צום צוים און וואַרפן אַריבער אין געטאָ אונדזערע פּעקלעך. דער דאָזיקער געדאַנק איז געבוירן געוואָרן ביי אונדז אַלעמען, ניט צונויפגערעדטער־הייט. אַנדערע האַלטן צו דעם דראָט, די איבעריקע קריכן אַריין אין געטאָ. איך קריך דער לעצטער. אונדזער פּאָסטן אַליין העלפט מיר.

— דאַנקע שען, — נעם איך אַראָפּ דאָס היטל און וויל שוין אַנטלויפן.

— פערטיק, יאַ? — טוט ער אַ קרעכץ, — איך האָב זיך גאָרניט פאָר־געשטעלט, אַז איר האָט אַזאַ שווער לעבן...

ביים טויער פעלן פינף פערזאָן צום חשבון. די שיכורע דייטשן מיינען, אַז זיי האָבן זיך צעטומלט און מאַכן ניט קיין וועזן דערפון...

אין דער עסעריק־קאַלטער נאַכט שלעפּן מיר זיך מיט די פּעקלעך גרינס. איך גיי גאַס־איין, גאַס־אויס. עס הילכן אין דער לופט קורצע, דומפּע שאָסן. די לבנה שווימט אַרויס אַ באַליידיקטע און פאַרשעמטע...

פּלוצעם טראָגט זיך אָן אַ גוואַלד:

— גזלן, גזלן!

אַ פרויען־געשריי שניידט זיך אַריין אין דער פינצטערניש...



באַגינען שטעלן מיר זיך אויס רעכטס פון טויער און וואַרטן, מען זאָל אונדז קומען נעמען. אין עטלעכע מינוט אַרום באַווייזט זיך שעלענ־בערג.

ער קומט צו פאָרן אויף אַ מאָטאָציקל. דער רעקל, די הויזן זענען אויס־געשמירט אין בלוט. ער באַגריסט זיך פריינדלעך. אויף דער ברוסט איז ביי אים אָנגעהאָנגען אַ מעדאַל פאַר פאַרמעסטונגען אין לייכט־אַטלעטיק און באָקס־קאַמף. ער דערציילט אַז פון דער ביינאַכטיקער באָמבאַרדירונג האָבן שטאַרק געליטן דער וואָקזאַל און אַנדערע וויכטיקע אָביעקטן.

די באָמבאַרדירונגען האָבן מיר אין געטאָ נאָכגעשפּירט מיט גרויס פרייד. די באָמבעס פון די סאָוועטישע אַעראָפּלאַנען האָבן אַריינגעבראַכט אַ שטראָם פרייד און האָפענונג ביי די ייִדן. יענע נאַכט איז מען ניט גע־שלאָפן און געוואַרט אויף נייע קלעפּ.

אַ ביסל צעטראָגן, דערציילט שעלענבערג ווי אַזוי ער האָט יענע נאַכט געאַרבעט, געשלעפּט ביי דער באַן די פאַרוווּנדיקטע. ער איז אין גאַנצן אויסגעשמירט געוואָרן מיט בלוט. ס'איז אומגעקומען אונדזער אינ־ספּעקטאָר וואָלף, די שעפין פון דער קראַנקן־שוועסטער־בריגאַדע אָלגאַ און אַנדערע. ער דערציילט עס באַרימעריש, ווי ס'וואָלטן געווען אַ סך מער קרבנות, ווען ער זאָל ניט האָבן דאָרט געהאָלפן.

אַלע קוקן מיר אויף שעלענבערגן. ער איז שטענדיק באַריידעוודיק און מיר וויסן פון פריִער זיין ביִאָגראַפיע. אַליין אַ מאַטראָס פון האַמבורג, האָט ער זיך געוואַלגערט אויף שיפן, אויף ימען און אָקעאַנען. שוין פיר יאָר ווי ער איז אונטערן ביקס. זיין טאַטע, אַ הייצער פון פראַכט־שיפן, איז דערטרונקען געוואָרן, ווען ער, שעלענבערג, איז נאָך געווען אַ קינד. האָט ער זיך געהאָדעוועט צווישן שוימיקע כוואַליעס אין האַפנס פון פאַר־שיידענע לענדער, צווישן טונען און קאַסטנס סוכאַרעס, פעק צעמענט, זעק תּבואה און צוקער. צוליב אַ פרוי האָט ער, צו זיבעצן יאָר, דערהרגעט זיינעם אַ חבר. ווי אַ מינדעריאָריקן, האָט מען אים די שטראָף פאַרקלע־נערט ביז אַ מינימום. ער איז אָפּגעזעסן אַ קורצע צייט און פאַר גוטער אויפפירונג אַרויס אויף דער פריי פריצייטיק. ער איז מאָביליזירט געוואָרן, געקראָגן דעם ראַנג פון אַן אָבער־יעפרייטער. ס'מאַכט ניט, אַז ער שטייגט ניט אין מיליטערישן ראַנג. סיי ווי ציטערן פאַר אים אַלע אונטעראָפיצירן. מיט צוויי חדשים צוריק האָט ער, אַ שיכורער, אין קאָנראַדס קאַפע,

צעשלאָגן אַן אָבערלייטענאַנט. נאָכן געשלעג האָט ער אַרויסגערופן די גיכע הילף פאַר זיין קרבן, אויסגעטרונקען פאַר דרייסיק מאַרק שנאַפּס און ליקערן, זיך אַליין געמאָלדן אין דער מיליטערישער פּאָליציי און דערציילט וואָס עס האָט פּאַסירט. מען האָט אים גלייך פאַרהאַלטן, פאַר־משפּט אויף אייביקער תּפיסה. איבערקוקנדיק זיין ענין, האָט מען אים אין עטלעכע וואָכן אַרום פאַרביטן די שטראָף אויף זעקס יאָר תּפיסה. לכּבוד היטלערס געבורטסטאָג האָט מען אים אַמנעסטירט און אַרויס־געלאָזן.

— איך מאַך עס שנעל — האָט ער דעמאָלט געזאָגט זיינע קאַמעראַדן וואָס האָבן זיך געפרייט ווי קליינע קינדער.

נאָך זיין צוריקקומען איז ער געוואָרן דער „קאָמאַנדיר" איבער פופצן ייִדן וואָס אַרבעטן אין זיין מיליטערישער איינהייט. אַ סך פון אונדז קענען אים פון פריִער און דערציילן ניסים וועגן זיין גוטסקייט און זיין כּעס.

מיר מאַרשירן אָפּ. ער זאָגט אונדז אָן, אַז היינט וועלן מיר מוזן אַ ביסל אַרבעטן, ווייל דער האַופּטמאַן קומט צו פאָרן אויף אַ רעוויזיע. מיר וועלן זיך דאַרפן באַוועגן מיט אַן ערנסטער מינע בעת דער אַרבעט. טאָמער פרעגט דער גאַסט וואָס מיר טוען און וויפל מיר זענען דאָ, זאָלן מיר וויסן וואָס צו ענטפערן.

שעלענבערג גייט די גאַנצע צייט ביי אונדזער זייט און הערט ניט אויף צו רעדן. מיטן מאָטאָציקל איז אַוועקגעפאָרן קעמפּין, אַ שטיל, שוואַרץ־האָריק דייטשל, וואָס איז געקומען אַ קוק טאָן ווי עס זעט דאָרט אויס ביי אונדז אין געטאָ.

מיר גייען דורך דער שלאָפנדיקער קעסטוטשיאַ־גאַס. געציילטע פענצטער זענען אָפן, עס הענגט אין זיי וועש, עס ליגט בעטגעוואַנט. לעבן דער געלער טורמע פאַרהאַלט זיך שעלענבערג און פאַררייסט די אויגן. ווינקענדיק האַלב צו אונדז, האַלב צום וועכטער וואָס שטייט אויפן ווינקל, הייבט ער אָן זינגען אַן אַלט־דייטשיש מאַטראָסן־לידל וועגן ליבע, וועגן מאָרד און וועגן תּפיסה. ער פאַרקאָשערט די אַרבל פון רעקל, פאַרלייגט די הענט אין אַ קרייץ אויף דער ברוסט און ציט די שטילע אומעטיקע מעלאָדיע.

מיר בלייבן שטיין און קוקן אָן דעם געזונטן, ברייטפּלייציקן שעלענ־בערג, דעם קרעפטיקן מאַטראָס וואָס איז שוין פיר יאָר אין מיליטער־

דינסט און בענקט נאָך די ברוויזנדיקע ימען און שטורעמס... אין שפּאַנישן קריג איז ער אויפן ים געטראָפן געוואָרן פון אַ שראַפּנעל. זיינע פיס זענען פּאַרווונדיקט, און ער געפינט זיך איצט הינטערן פראָנט און ניט אין די ערשטע ליניעס. אויף זיינע מוסקולירטע הענט זענען אויסטאַטויִרט אַנקערס, ים־פרויען. אויך אויף זיין באַוואַקסענער ברוסט איז אויסגעקריצט אַ גרויסער אַנקער. אויף דער לינקער באַק איז איינגעקאַרבט אַ טיפער שניט פון אַ שווערדן־געפעכט. ער זינגט ווי אין אַ סענטימענטאַלער אָפּערעטע. ער זינגט, ביז ער דערזעט אַן אָפיציר.

— אַפּ! — זאָגט ער צו אונדז און פאַרשנעלערט דעם טראָט.

פון דער תפיסה פירט מען אַרויס אַ גרופּע יונגע פאַרברעכערס. זיי באַגריסן אים און קוקן נאָך מיט קינאה.

— דאָס איז מיין באַנדע, מיין פאָלגעוודיקע באַנדע! — זאָגט ער צו אונדז און ווינקט צו זיי גוטברודעריש.



אויפן הויף פון אונדזער אַרבעטס־פּלאַץ איז שטיל, נאָך ניטאָ קיין שום באַוועגונג. מיר דערוויסן זיך אַז דער האַופּטמאַן וועט ערשט קומען מאָרגן. היינט קומען צו פאָרן אַלע טיילן פון דער „קאָמפּאַני" — פון ווילנע, קיבאַרט, ריגע און רעזשיצע. דאָ וועט זיי באַגעגענען דער האַופּט־מאַן וואָס זיצט שטענדיק אין רעזשיצע, און פון דאַנען וועלן אַלע צוזאַמען אָפּפאָרן קיין נאָרוועגיע. שוין דאָס ווייפלטע מאָל ווי די „קאָמפּאַני" האַלט אין אָפּפאָרן. עס זענען שוין באַשטימט געווען פינלאַנד, אילמען־אָזערע (רוסלאַנד) און איצט — נאָרוועגיע. זיי פרייען זיך, די סאָלדאַטן, ווען עס לאָזט זיך פון דער באַשטימונג קיין זאַך ניט אויס. צוזאַמען מיט די סאָלדאַטן פרייען מיר זיך אויך, ווייל ס׳ווערט פאַרלענגערט אונדזער אַרבעטס־טערמין דאָ. דער ייִדישער אַרבעטס־אַמט האָט אונדז שוין וויפל מאָל געוואָלט בייטן אויף אַנדערע בעלנים צו אַרבעטן אין אַ גוטער בריגאַדע, נאָר דער אונטעראָפיציר בראַון דערלאָזט ניט: ער מוז האָבן די זעלביקע ייִדן, וועלכע ווייסן ווו ס׳ליגט דאָס אייז, דאָס האָלץ, ווו ס׳איז די קאַנטינע און ווו — דער מיסטקאַסטן... עס ליגט אין דעם אָבער אַ טיפערער מיין. „אונדזערע" דייטשן, די שאָפערן, וועלכע האַנדלען,

שמוגלען, גגבענען און סאַבאָטירן, ווילן ניט האָבן קיין גייע פּנימער. וואָס וועלן זיי טאָן, אויב מען וועט אַריינשיקן ייִדן־מוסרים, ייִדן וואָס וועלן אויסזאָגן, דערציילן ווו מען דאַרף ?.. אויף אַלע ווענט הענגען פּלאַקאַטן, די „קראַפטפּאָרער", ס'הייסט די שאָפערן, זאָלן שפּאָרן ברענשטאָף און שינעס, זיי זאָלן קיין זאַך ניט פאַרקויפן די איינוווינער פון די פאַרנומענע געביטן, ווייל זיי וועלן ווי פאַר סאַבאָטאַזש פאַראורטיילט ווערן צום טויט. די פּלאַקאַטן העלפן אָבער ניט. די שאָפערן האַנדלען מיט זאַלץ, כשר־פאַרדינטן אָדער געגנבעטן שנאַפּס און בענזין, זיי פאַרקויפן געלקחנטן שויבן־גלאָז, זעגן און העק, עלעקטרישע לעמפּלעך, געווער. האַנדלען מיט אַלץ וואָס עס מאַכט זיך אונטער דער האַנט און וואָס עס גיט זיך איין אַרויסצושלעפּן פון די סקלאַדן.

מיר גייען זיך פונאַנדער איבערן הויף. פון דריטן עטאַזש קוקט אַרויס דער אונטעראָפיציר ליפּקע. ער איז אין איין העמד, פונאַנדערגעשפּיליעט ביי דער ברוסט און פאַרקאַשערט די אַרבל.

— דעם גאַנצן שנאַפּס וואָס איז געווען אָנגעגרייט פאַרן האַופּטמאַן, האָב איך געדאַרפט אויסטרינקען ! פאַרשטאַנען ?! — שרייט ער צו אונדז.

— יאַוואָל ! — ענטפערן מיר אַלע.

— וויפל זענט איר ? — פרעגט ער.

— היער, דריי !

ער נעמט דריי פלעשער ביר און וואַרפט אונדז אַראָפּ. מיר כאַפּן זיי אין אַ פונאַנדערגעשפּריטן זאַק. איידער מיר ענדיקן טרינקען דעם קילן, דערקוויקנדיקן ביר, וואַקלט ליפּקע צו אונדז צו, לאָזט זיך אַראָפּ אויפן שאַרפן קאַנט פון דער קאָזלע און הייבט אָן שרייען בקולי־קולות :

— אַרבעטן מוזט איר ! שייס־עגאַל, וואָס איר זאָלט ניט טאָן ! איך וועל אייך אַלעמען נידערקנאַלן ! ווו זענען די זעגן, ווו זענען די העק ? גלייך זיך געגומען צו דער אַרבעט !

— די זעגן זענען אין דער ווערקשטוב, — זאָג איך.

— לויף זיי גלייך ברענגען ! — שרייט ער צו מיר. — ביז איך וועל אויסציילן דריי, זאָלסטו זיין צוריק !

ער כאַפּט אַ לאַנגן דראָנג, שפּאַרט אים איין אין מיין רוקן. איך לויף און ער לויפט מיר נאָך, האַלטנדיק דעם שטעקן איינגעשפּאַרט אין מיין רוקן, ווי אַ קאָנטאַקט, אַן עלעקטרישן. מיר לויפן אַזוי ביידע איבערן

הויף, ביז דעם ווערקשטאַט. דאָרט נעם איך אַ זעג און מיר לויפן צוריק אין דער זעלביקער „פּאָזע". ער שרייט אָן אויפהער. אויב איך פאַרהאַלט זיך אַ ביסל, שטופּט ער מיך מיטן דראָנג אין רוקן.

אַנדערע האָבן שוין געבראַכט העק און מאַכן זיך, עלעהיי זיי זענען באַשעפטיקט מיטן האָלץ־האַקן.

דער דייטש הייבט אָן מיט מיר זעגן אַ קלאָץ. ער זעגט אומגעלומ־פּערט און ווילד. בייגט די זעג אין אַלע זייטן, ווי ער וואָלט וועלן זי איבערברעכן. פּלוצעם רייסט ער אַרויס די זעג פון מיינע הענט, כאַפּט ביי אַ צווייטן די האַק און שרייט צו מיר:

— בייג איין דעם קאָפּ! איך וועל דיך טייטן!

דערווייל בייגט ער זיך צו צו מיר און רוימט מיר אַריין:

— האָב ניט קיין אַנגסט. איך מאַך שפּאַס.

איך האָב מורא פאַרן שפּאַס פון אַ שיכּורן דייטש. עס וואַקסט דער עקל צו דעם „גוטן" ליפּקע. פון אַלע פענצטער קוקט מען אויף אים און מען פרייט זיך מיטן ספּעקטאַקל, וואָס ער שפּילט דאָ אָפּ. די סאָלדאַטן פון דער „אונטערשטער" איינהייט ווינקען זיך איבער און דרייען מיט די דיקע פינגער ביי די שלייפן, ווי אָנדייטנדיק, אַז ער איז משוגע. זיינע קאָמפּאַניאָנען אין טרינקען — שולץ און לאָרקע — קוקן אויף אים פון דריטן עטאַזש, שטרעקן יעדע ווילע אַרויס אַ כּוסה, שרייענדיק:

— פּראָזיט!

ווען עס ווערט זיי נימאס צו טרינקען, נעמען זיי און גיסן אָפּ מיט ליקער דעם דולנדיקן ליפּקע. ס'געפעלט אים זייער די חכמה. ער טשוכעט זיך אויס און זאָגט צו מיר:

— פאַר דיר איז שוין היינט גענוג. קאָנסט גיין רוען. איך וועל דיר נאָר אַריינרוקן אַ קלין אין הינטן, דו זאָלסט ניט קאָנען שייסן...

ער כאַפּט אַ פאַרשפּיצטן שפּאָן און וויל ניט אַנדערש אים אַריינ־האַקן מיר אין... דעם ספּעקטאַקל רייסט איבער מענקע וואָס איז אָנגע־פאָרן מיט זיין לאַסט־אויטאָ.

— בראַווע יונגען זענט איר — צעשרייט ער זיך — איר וועט מיר העלפן אָנלאָדן די קיך־קעסלען. די קעסלען וועגן צו פופצן צענטנער. מען קאָן זיי קוים רירן פון אָרט.

ליפּקע פאַרנעמט זיך מיטן געבן די קאָמאַנדע. ער קלייבט אויס אַ

לאַנגן און שמאָלן לייסט, פול אָנגעזעצט מיט פאַרזשאַווערטע טשוועקעס און דראָעט:

— ווער עס וועט ניט הייבן מיט אַלע קרעפטן, וועט כאַפּן איבערן הינטן...

ווי נאָר ליפּקע דרייט זיך אָפּ אין אַ זייט, הערט מענקע ניט אויף אים צו זידלען:

— פאַרריקט וועט ער שוין ניט ווערן... ער דולט אַזוי דורך נאַכט. איר זאָלט אים הערן ווי דעם קאָטער...

ער דאַרף זיך לאַנג ביי אונדז ניט בעטן. מיר וואַרפן אַראָפּ די קעסלען אויף די שטיינער...

מענקע איז אויפגערעגט. שוין היינט מוז די מערהייט שאָפערן אַוועקפאָרן. ער וויל כאָטש אָפּציִען אַ פּאָר טעג. עס שווידערט אים ביים געדאַנק, אַז ער דאַרף זיך לאָזן אין וועג. דער אויטאָ איז נאָך ניט אָפּגערעמאָנטירט.

— איך וועל אָפּפאָרן ניט מער ווי פינף קילאָמעטער, — זאָגט ער צו אונדז.

אונטער אַ האָגל פון געשרייען און דראָונגען לאָדן מיר אויף די דריי קעסלען. מענקע לאָזט זיך מיט זיי אין וועג. מיר בלייבן דערווייל אויפראַמען דעם הויף.

אין אַ צוואַנציק מינוט אַרום קומט אַ ידיעה פון מענקען, אַז ס׳האָבן אים געפּלאַצט אַ פּאָר רייפן, מען זאָל שיקן אַן אויטאָ איבערצולאָדן די קעסלען. עס פאָרט אַוגוסט, זאַלבעזעקסט פאָרן מיר מיט אים. מיר לאָדן איבער די קעסלען. מענקע פלייסט זיך:

— איך האָב אייך געזאָגט, אַז ס׳וועט אַזוי זיין. איין מאָל וועלן ביי מיר פּלאַצן די רעדער, אַ צווייט מאָל וועל איך ברעכן אַן אַקס. זאָל איך הייסן סאַבאָטער, אַז איך וויל פאָרט ניט דעם קריג. זאָלן זיי מיר עפּעס טאָן...

— הער אויף! — ווינקט צו אים אַוגוסט.

— און דו וואָלסט עס ניט געטאָן? — פרעגט אים מענקע.

די קעסלען זענען צעהאַקט, די קראַנען, די הייצטירלעך און קוימענס — צעבויגן, די אויסגעמויערטע לוכטעס — צעשאָטן. מענקע באַקוקט די קעסלען, די שאַרבנס, און שאָקלט מיטן קאָפּ:

— אַזוי זעען מיר אויס. אבי מיר וועלן בלייבן נאָך אַ פּאָר טעג אויף אַן אָרט.

מיר פאָרן צוריק מיט די צעבראָכענע קעסלען. אויפן הויף לאָדן מיר אַן דריי לאַסט־אויטאָס מיט שטעכלדראָט, מיט באַנדאייזן און פאַרשיידענע מכשירים. אויפן הויף דרייען זיך גנביש אַרום אייניקע ליטווישע הענד־לערס, וועלכע ווילן קויפן ביי די דייטשן פאַרשיידענע מציאות. איינער פון אונדז איבערזעצט. זיי קומען דורך מיט מאַקסן און האַנסן. ביידע ריזיקירן צו פאַרקויפן אַרטיקלען, וועלכע דאַרפן לויט דער פאַראָרדענונג אַרויסגעפירט ווערן קיין נאָרוועגיע.

— פאַרשטייסט — קלאַפּט מיר מאַקס איבער דער פּלייצע — אַז מיר וועלן פאַרקויפן, וועט איר פאַרשפּאָרן לאָדן און מיר וועלן פאַרשפּאָרן פירן.

— אויב אַזוי, לוינט צו פאַרקויפן — בין איך מסכים מיט אים.

ער איז צופרידן און לייגט פאָר צו קויפן ביי אים אַ צוועלף פּאָר שיך. מען דאַרף עס נאָר מאַכן שאַ־שטיל. איך גיב דאָס איבער די איבעריקע פון דער בריגאַדע. מיר דינגען זיך וועגן פּרייז און קויפן אָפּ זיבן פּאָר.

— הייסט עס, אַז מיט די איבעריקע וועל איך זיך נאָך דאַרפן שלעפּן...

— באַדויערט דער דייטש.

אין אַ זאַק טראָגט ער אונדז אַרויס די שיך און אַ מאַגעריטש — פיר לעבלעך ברויט, וועלכע ער הייסט צעטיילן פאַר אַלעמען.

— צוליב אייך האָב איך געגנבעט, ניט די שיך, נאָר די ברויטן... — ווינקט ער אונדז צו.

מיר באַדאַנקען מיט שטומע בליקן.

דאָס ברויט ווערט פאַרטיילט, און מיר שלינגען אים גיריק.

מיר גייען טרעפּ־אַרויף, טרעפּ־אַראָפּ. פון בוידעם דאַרף מען אַראָפּ־שלעפּן שווערע קאַסטנס מיט קוילן, שטילעטן, גאַז־מאַסקעס, טשוועקעס, זאַוויעסעס, שרויפן, שלאָסערײַ־, סטאָלערײַ־ און בעלעכערײַ־מכשירים. מען וואָרנט אונדז, מיר זאָלן אויפן בוידעם, לינקס, ניט קריכן און נעמען נאָר קעסטלעך פון די אַנטקעגנדיקע קאַמערן. ווער ס׳וועט קריכן אויף לינקס, וועט מען אים אַזוי צעברעכן די ביינער, אַז אַהיים וועט מען אים טראָגן אויף אַ טראָגבעטל.

דאָס אַלץ זאָגט מען אָן דעם אַלטן וואָיאַזשאַר גאָרדאָן וואָס איז אויסגעוועזן אין אַלע לענדער פון אייראָפּע, און מיט אַ סמיטשיק — פּאַלעסטינע, דרום־אַפריקע, די פאַראייניקטע שטאַטן פון אַמעריקע.

— פאַרשטאַנען? — פרעגט אים דער דייטש.

— יאַוואָל! — ענטפערט גאָרדאָן, ניט אויסדרייענדיק זיך צו אים. ער קוקט, דער אַלטער, דורכגעטריבענער וואָיאַזשאָר, צו דער גאַס, וואַרט אויף אַ פאַרבייגייענדיקער פויערטע וואָס דאַרף אים עפּעס פאַרקויפן.

— גאָרדאָן, זאָלסט היטן דיינע ברידער!

— יאַוואָל!

— זאָלסט נעמען דעם בעזעם און אָפּקערן די טרעפּ!

— יאַוואָל!

— וועסט דאַן אויסראַמען דעם קלאָזעט!

— יאַוואָל!

גאָרדאָנען ווערט נישט נימאס צו ענטפערן „יאַוואָל". ער האָט געכאַפּט געגנוג קלעפּ פאַר זיינע פריערדיקע ענטפערס „גוט" אָדער „יאַ", ביז ער האָט זיך איינגעוווינט צום דייטשיש־מיליטערישן „יאַוואָל". ער הערט אַפילו ניט וואָס מען וויל פון אים. אין אַ סך פאַלן פאַרשטייט ער גאָרניט וואָס מען רעדט צו אים. ער ווייסט אָבער נאָר איין ענטפער: „יאַוואָל" און „יאַוואָל", און ער רירט זיך ניט פון אָרט. „יאַוואָל", און ער טוט פונקט קאַפּויער, ווי מען פאָדערט פון אים. אַלע נאָכמיטאָג איז ער שטאַרק באַשעפטיקט. ער זעצט זיך ביי דער טיר פון דער „אונטערשטער" איינהייט, און די סאָלדאַטן טראָגן אים אַרויס זייערע קעסעלעך. ער סקראָבעט זיי אויס, און גייט אין קיך זיי אויסוואַשן, די זיבן, אַכט קעסעלעך. גאָרדאָן איז שוין דריי מיט אַ האַלבן חודש ניט געווען אין געטאָ. ער נעכטיקט אין אַ צימערל אויפן בוידעם, אָדער אין דעם שטעלכל. איצט האָט ער זיך איינגעשטעלט צו קומען אַלע שבת ביי נאַכט אין געטאָ. די איינגעקויפטע שפּייז־פּראָדוקטן פאַר דער גאַנצער וואָך — עטלעכע קילאָ ברויט, אַ צען קילאָ קאַרטאָפל, אַ בינטל ציבעלעס, אַ זעקל שטשאַוו, ברענגט ער דאַן זיין ווייב.

— איר זאָלט ניט קריכן אויפן לינקן בוידעם, — זאָגט אונדז אָן גאָרדאָן.

דער קליינער שפּאַץ, דאָס ווילדע, נייגעריקע יאַטל, שפּרינגט אַרויף אויפן בוידעם און פאַרנעמט זיך דווקא אויף לינקס. פון צווישן די סטרוזש־קעס רוקט אַרויס זיין קאָפּ שעלענבערג. עס זעצט זיך אויף אויך דער אידיאָטישער יודקע, וועלכער נעכטיקט מער ביי די דייטשן ווי אין געטאָ...

שפּאַץ דערשרעקט זיך, לויפט אַראָפּ אין איין אָטעם און דערציילט אונדז, אַז ער האָט אויפן בוידעם געכאַפּט שעלענבערגן מיט יודקען אין די סטרוזשקעס...

איבער די טרעפּ הערט זיך שוין שעלענבערגס שווערער טראָט. שפּאַץ באַהאַלט זיך אין קעסל פון דער פעלד־קיך. שעלענבערג גייט אַראָפּ און לאַכט.

— וואו איז דער שפּאַץ ? — פרעגט ער, ניט אויפהערנדיק לאַכן.

— ער האָט זיך פאַרשטעקט — זאָגן מיר אים אויס דעם אמת.

ער לאַכט נאָך שטאַרקער :

— וואו איסט ער ?

מיר זענען זיכער, אַז ער וועט אים קיין שלעכטס ניט טאָן און פירן שעלענבערגן צו דער פעלד־קיך. ער עפנט דעם דעק און דערזעט דעם קליינעם שפּאַץ, ווי ער ליגט צונויפגעדרייט, דעם קאָפּ פאַרניורעט.

— ראַוס פאָן היער, איך שלאַגע דיך טאָט ! — שרייט שעלענבערג.

שפּאַץ שטעלט זיך אויף בלייך און ציטעריק. מיר לאַכן אַלע, אויך דער דייטש לאַכט. שפּאַץ שפּרינגט אַרויס פון קעסל און לויפט צו אונדז צו.

— אַלזאָ — זאָגט שעלענבערג — יעצט קאָמט איר אַלע נאָך אָבען.

ס'העלפט ניט. מיר גייען אים נאָך. ער שטעלט אונדז אויס לעבן דאָקטאָר־צימער און הייסט זיך אויסטאָן אין העלפט, ווייל מיר מוזן דורכ־מאַכן „אימפּפונגען” קעגן טיף, פּאָקן און כאָלערע. מיר וועלן דאָ נאָך בלייבן אַרבעטן אייניקע וואָכן, ביז אַלע דייטשן וועלן אַוועקפאָרן.

— ווער ווייסט, קעגן וואָס זיי שפּריצן אונדז ? — צווייפלט גאָרדאָן.

— זיי וועלן נאָך שפּריצן קעגן האָבן קינדער — זאָגט עמעצער.

דערהערט עס שפּאַץ, לויפט ער צו נענטער צום רעדל :

— אַזוי לאַנג קרענקען זיי, ווי איך וועל זיך לאָזן שפּריצן קעגן האָבן קינדער. איר האָט שוין געהאַט קינדער, איר האָט שוין אָפּגעלעבט אייערע פּאָר יאָר... איך וויל נאָך אויך פאַרזוכן...

ער שטעלט אונדז אויס אַ נאָז און אַנטלויפט.

נאָך די שפּריצן גייען מיר אַראָפּ אין הויף, שפּאַץ איז ניטאָ. מיר געפינען אים ווידער באַהאַלטן אין קעסל פון דער פעלד־קיך...

— אַ כאָלערע — זאָגט ער אויפשטייענדיק, — ס׳איז דאָ שוין מער ניט קיין באַהעלטעניש...

במשך פון טאָג לאָדן מיר אָן די לאַסט־אויטאָס, וואָס פאָרן אָפּ.

— שלים, שלים, מיר פאָרן קיין נאָרוועגן! — זיפצן די שאָפערן.

זיי איז אַ שאָד צו פאַרלאָזן ליטע מיט די שטילע דערפער, וווּ זיי פלעגן אויסבייטן זייער זאַלץ און סאַכאַרין אויף שפּעק און אייער. זיי ווילן ניט קעמפן פאַר די „ברוינע מיט די בענדער", ווי זיי זאָגן עס אָפן און אָן מורא.

— ס׳איז אַ שלעכטער צייכן, וואָס מען הייבט אונדז פון אָרט, עס פעלן מענטשן — רעדט זיך פאַר אונדז אַראָפּ פון האַרץ קעמפין — אויב מען שיקט שוין אונדזער „קאָמפּאַני" נענטער צום פראָנט, אויב מען שלעפּט אַרויס פאַכלייט פון זייערע וואַרשטאַטן און מען גיט זיי די ביקס אין האַנט — דאָס איז שוין פאַרן ענדע...

מיר געזעגענען זיך מיט די שאָפערן פריינדלעך, האַנס און אַוגוסט זענען צעטומלט. קעמפּין וויינט אַזש מיט ביטערע טרערן.

פון צוויי אַזייגער הייבן אָן אָנצופאָרן די איבעריקע אָפּטיילן פון דער איינהייט. עס קומען די ווילנער, די קיבאַרטער. מאָרגן דאַרפן אָנקו־מען די איבעריקע. מיר האָבן איינגעאָרדנט פאַר זיי נאַרעס, אָנגעשאָטן מיט סטרוזשקעס. מען האָט פאַר זיי אָנגעפירט ברויט, קעז, פּאַפּיראָסן, פעסלעך ביר, קעסטלעך ליקער און שנאַפּס און זעק מיט קאַרטאָפל. אויף מיין חלק קומט אויס אַרויפצוטראָגן אויפן דריטן עטאַזש אַ זאַק מיט קאַרטאָפל. דעם הויף און דעם קאָרידאָר גיי איך דורך בשלום. ווי איך הייב נאָר אויף אַ פוס אויפן טרעפּ, גיב איך זיך אַ וויג און מוז אַראָפּ־וואַרפן דעם זאַק. עס גיבן זיך אַ שאָט די קאַרטאָפל... דער פעלדפעבל פון דער "אונטערשטער" איינהייט גיט מיר אַ פּראַסק איבער דער באַק:

— אַ ייִד וואָס האָט ניט קיין קרעפטן אַרויפצוטראָגן הונדערט קילאָ אויפן דריטן שטאָק, טאָר ניט לעבן!

געזאָגט, און ער כאַפּט זיך צום געווער.

איך קוק אים אָן. אונדזערע בליקן טרעפן זיך. עס הערשט אַ שטיל־שווייגן. די פאַרבייגייענדיקע סאָלדאַטן בלייבן שטיין און פאַרהאַלטן דעם אָטעם. דער פעלדפעבל פאַרשפּיליעט מיט אַ שאַרפן זשעסט דעם שיידל פון פּיסאָטלעט, גיט אַ שפּיי אין מיין זייט און גייט אַוועק. עס קומען אָן אייניקע פון אונדזער בריגאַדע. מיר העלפן איינער דעם אַנדערן אַרויפשלעפן די זעק. ס׳פאַלט שווער ניט נאָר מיר. אַ גאַנצן נאָכמיטאָג טראָגן מיר אַרויף דאָס געפעק פון די צונויפגעפאָרענע סאָלדאַטן. זיי פּאַקן גלייך אויס די טשעמאָדאַנעס און די קעסטל׳עך און גרייטן זיך צום קאָנטראָל, וואָס דאַרף פאָרקומען נאָך היינט פאַר נאַכט, ווייל דער האַופּטמאַן האָט טעלעפאָנירט, אַז ער וועט זיין אין עטלעכע שעה אַרום.

די אונטעראָפיצירן ווערן נערוועז און אויפגערעגט. דעם כּעס לאָזן זיי אויס צו אונדז. זיי שרייען און טומלען. אויפן הויף באַווייזט זיך דער לייטענאַנט:

— פאַר וואָס אַרבעטן די ייִדן אַזוי לאַנגזאַם? ווי קומט עס אַז די ייִדן באַקומען דאָ עסן? וויפל פּאָסטנס היטן די ייִדן? צי קאָנטראָלירט מען זיי פאַרן גיין אין געטאָ? צי האָבן זיי גאָרניט געגנבעט?

ברון ענטפערט אויף אַלץ „יאַוואָל”. נאָר „יאַוואָל” אַליין איז ווייניק. ער קלאַפּט צו מיט די שטיוול און ראַפּאָרטירט וועגן אַלץ. ליפּקע באַגלייט דעם לייטענאַנט צו די סקלאַדן.

ברון פאַלט צו צו אונדז:

— אַלץ צוליב אייך. אַלע זאָרגן זענען צוליב אייך. אַ שריפטלעכן ראַפּאָרט דאַרף איך איצט אָנשרייבן וועגן די ייִדן. מער וועט איר שוין דאָ ניט אַרבעטן.

ער וואַרפט אויף אונדז אַ גיפטיקן בליק און גייט אַוועק.

מיט אַ גערויש קומט צו פאָרן אין אַ גלאַנציקער מאַשין דער האַופּטמאַן. די העכערע קאָמפּאַני־לייטונג באַגעגנט אים אויסגעמושטירט. ער ענטפערט אויפן ראַפּאָרט פון לייטענאַנט און נעמט זיך באַוועגן צו די טרעפּ. אַלע גייען אים נאָך.

די סאָלדאַטן לאָזן זיך איינציקווייז אַראָפּ פון די טרעפּ. אין דעם גרינעם פּאַלאַטקע־ברעזענט, וואָס דינט זיי אויך אלס רעגן־פּעלערינע, האַלטן זיי איינגעוויקלט זייערע נייטיקע זאַכן צום קאָנטראָל־צערעמאָניאַל. זיי גייען מיטן פּאַס אַריבערגעוואָרפן איבער דער פּלייצע און שטעלן זיך

אויס אין הויף לויט די צימערן און לויט די ראַנגען — יעפרייטערס, אָבער־יעפרייטערס און אַזוי ווייטער.

דעם קאָנטראָל פירן אַדורך ברון און סטאַטקאָוויטש. די איבעריקע קוקן זיך צו. דער קאָנטראָל איז ניט געלונגען. יעדע ווײַלע לויפט אַ סאָל־דאַט ברענגען עפּעס אַ געפאַדערטע זאַך וואָס דאַרף אַרויסגענומען ווערן פון פּאַק און געוויזן ווערן אין דער הייך, לויט דער פאָדערונג פון אונטער־אָפיציר. איינעם פעלט דער שטילעט, ניט מער און ניט ווייניקער!.. אַ צווייטער האָט פאַרגעסן די דעקע, אַ דריטער — דאָס קעסעלע, אַ פערטער — זיין ברויטזעקל. די דייטשן באַוועגן זיך הין און צוריק. בכלל זענען זיי אָפּגעוווינט פון אַזוינע קאָנטראָלן, זענען אָפּגעלאָזן און גלייכגילטיק צו דעם וואָס עס קומט מיט זיי פאָר.

ביז זיבן אין אָוונט פאַרציט זיך דער קאָנטראָל. מידע צעלייגן זיך די דייטשן אויף די נאַרעס, אויפן דיל, אויף די בענק — ווו זיי כאַפּן נאָר אַ ליידיק ווינקעלע.

איבערן קאָרידאָר צעטראָגט זיך אַ גרילציקער פייף. סטאַטקאָוויטש פייפט, מען זאָל זיין אויפמערקזאַם. דאַן דונערט ער אַריין אין דער שטיל־קייט, מען זאָל גיין אָפּנעמען שנאַפּס, ציגאַרעטן, ברויט און ביר.

אין קאָרידאָר ווערט הייס פון די סאָלדאַטישע אָטעמס. עס קלימפּערן פלעשער. עס קלאַפּן די טירן — אַריין און אַרויס. עס הילכן געשרייען.

אין אָפיצירן־צימער טראָגט מען אַריין געפּעקלטע צונג, וווּרשט, באַשלאָגן מיט אייער, געבראָטענע לעבערלעך און געווירצטע פּופּיקעס צום פאַרבייסן דעם שנאַפּס. די סאָלדאַטן באַקומען ברויט, שטיקלעך קעז און אַ ביסל האָניק. שיכּורע קולות צעטראָגן זיך באַלד. דאָס געזאַנג דערמאָנט אַ הייזעריק כריפּען. אַלע ניגונים גיסן זיך צונויף אין איין הפקר־דיקן און ניט־געצוימטן שיגעון, פון וועלן זיך פאַרגעסן און פאַרטומלען. די שיכּורע סאָלדאַטן זענען צופרידן און שלאָפן איין. די, וואָס דער אַלקאָ־האָל און ניקאָטין האָבן אויף זיי ניט געווירקט, דולן נאָך אומצופרידן און גייען אַוועק אויף ניעמונאָ־גאַס, צום עפנטלעכן באָרדעל פאַר דער „דייטשישער ווערמאַכט".

שעלענבערג טראָגט אונדז צו אַ האַלבן פלעשל שנאַפּס און רופט אויס:

— דאָס איז פיר די שייס־קאָמאַנדאָ!

ער מיינט עס די דריי וואָס פירן מיסט. מיר גייען אַרויס פון רעדל ייִדן און גיבן יעדערער אַ זשליאָקע בראָנפן. דער דייטש ציט אַרויס פון די קעשענעס דריי פּענעצן ברויט און גיט אונדז צו פאַרבייסן.

— שעלענבערג, זאָלסט אויפהערן מיט די ייִדן! ס'איז זיי דאָ צו גוט. ברודערשאַפט האָבן זיי געשלאָסן מיט די דייטשישע סאָלדאַטן! וואָס טוט זיך דאָ? — שרייט לאַרקע.

— יודען, ראַוס פאָן היר! — טוט ער אַ ריטשע און פאַרקלאַפּט די טיר הינטער זיך.

שעלענבערג גיט אונדז אַ צייכן, מיר זאָלן אַראָפּ אויפן הויף. דאָרט טיילט ער אונדז מיט, אַז פון איצט אָן בלייבן דאָ נאָר עלף דייטשן. און ייִדן וועלן אַרבעטן צען מענער און צוויי פרויען, ד.ה. צוועלף. אָפּנעמען וועט ער אונדז האַלב זיבן אין דער פרי. אויב ער וועט ניט קומען, וועט ער בעטן דעם פּאָסטן פון דער „קראַנקן־זאַממעלשטעללע", ער זאָל אונדז ברענגען און אויך פירן אַהיים.

עס וואָרט שוין אויף אונדז אַ דולער יעפרייטער. ער שטעלט אונדז אויס צו דריי און זאָגט אָן אַז אַלע טאָג זאָלן מיר קומען אין דער זעלבער אָרדענונג.

— איר הערט, יודען־ווייבער — פאַלט ער צו צו די דריי פרויען און קנייפּט זיי די הענט, אַז זיי צעשרייען זיך פאַר ווייטיק — צו דריי! צו דריי!

ער כאַפּט אַ שייט האָלץ און יאָגט זיי אַוועק אין דער הינטערשטער ריי:

— פראַוּען קאָמען צו לעצט!

„מיר האָבן איצט שוין אַ גוטן „שלאַק" — איז אונדזער אַלעמענס מיינונג.

דעם גאַנצן וועג דורך דער שטאָט האַלט ער אין איין מושטירן און שרייען, ווי מיר וואָלטן ביי יעדן טראָט באַגאַנגען דעם גרעסטן פאַרברעכן. די פאַרבייגייער דרייען זיך אום און קוקן אונדז אָן, קוקן אויף זיינע ווילדע תנועות. גייענדיק שטויסט ער זיך אָן אין אַן עלעקטרישן סלופּ.

— ליטאַוּישע שווינע! — שרייט ער אַן אויפגערעגטער, כאַפּט אָן אַ פאַרבייגייענדיקן ליטווינער, און ווי יענער וואָלט געווען שולדיק אין

זיין באַקומענעם קלאַפּ, גיט ער אים אַ שליידער צום מויער: — לויף, פּאַרפלוכטער!

דער דייטש גייט ניט אָפּ קיין טראָט אָן אַ סקאַנדאַל. ווען מיר דער־גייען שוין צו דער געטאָ, באַרויִקט ער זיך אויך ניט און פּאָדערט ביי די ייִדן וואָס שטייען שוין פון פריִער ביים טויער, זיי זאָלן אונדז דורכלאָזן. ער פּאָדערט דאָס מיט ווילדקייט, מיט אימפּעט. ער שפּאַרט פונאַנדער די רייען מיט די עלנבויגנס און צווינגט אונדז גיין פאָרויס, אַלץ נעענטער צום טויער.

ווען מיר זענען שוין פון דער אַנדערער זייט קאָנטראָל, שרייט ער אונדז צו:

— איר זאָלט ניט פאַרגעסן מאָרגן פּינקטלעך צו זיין; ווען ניט, קריגט איר איבערן הינטן!

ער גיט אַ שמייכל. דאָס איז במשך פון היינטיקן טאָג זיין איינציקער שמייכל, וועלכן ער ווידמעט אַזוי ליבנסווירדיק זיינע פּופּצן ייִדן...

*

די „אונטערשטע" איינהייט פאַרנעמט די הילצערנע צוויי־עטאַזשיקע שטוב אין הויף און די ערשטע צוויי עטאַזשן פון גרויסן בלאָק. אירע אָפּטיילן געפינען זיך אויך אויפן פּרײַנט און מען דערוואַרט זיי זאָלן אָנ־קומען פון דאָרט. ביים אַריינגאַנג פון גאַס שטייט אַ פּאָסטן. יעדע פיר שעה — אַ נייער. שטייט מיט שלאָף אין די אויגן, מיט מידקייט אין די הענט. די ביקס אַראָפּגעלאָזן, די הענט אַראָפּגעהאָנגען. דער פּאָסטן מיט זיין הילוך, מיט זיין האַלטונג, זעט ניט אויס ווי קיין סאָלדאַט. ער איז גיכער עפּעס אַ פאַרזעעניש מיט אַן אָנגעהאָנגענער ביקס.

אין הילצערנעם הויז וווינט דער „שפּיס" פון דער איינהייט. דאָרט איז די שניידעריי, סטאָליעריי, און אַ גרויסער, פרישׁ רעמאָנטירטער צי־מער, אין וועלכן ס'האָבן ביז ניט לאַנג געוווינט די דייטשישע מייסטערס וואָס האָבן אָנגעפירט מיט בוי־אַרבעטן. זיי האָבן געענדיקט בויען דעם „ענטלאַוזונגס־אַנשטאַלט", די באַראַקן און קיכן לעבן דער אייזנבאַן, און זענען אַוועקגעפאָרן. דעם צימער האָבן פאַרנומען אַ פּאָר צענדליק ניי־געבאַקענע יעפרייטערס, אַלע אין די פופציקער. זיי שטאַמען פון בייערן,

רעדן מיט אַ דיאַלעקט וואָס אַפילו ייִדן פאַרשטייען ניט וואָס זיי ווילן און וואָס זיי מיינען... קיינעם פון זיי שיקט מען ניט אויפן פראָנט. ווען מען וואָלט זיי יאָ געשיקט, וואָלט דער פראָנט געהאַט דעם אמתן אויסזען...

באַלד אין דער פרי, נאָך איידער די דייטשן באַווייזן זיך אָנטאָן און זיך אַרומוואַשן, ווי איבער די פוסטע און שטומע קאָרידאָרן טראָגט זיך דורך דער פייף פונעם אונטעראָפיציר אַקער. ער פייפט עטלעכע סעקונדן, פאַרציט דעם פייף מיטן שרייַיקן פייפל, כאַפּט אָפּ אייניקע מאָל דעם אָטעם און נאָך אַ קורצער הפסקה שרייט ער אויס פאַר אַלעמען:

— הערויס צום מאָרגן־אַפּעל!

די טירן פון די צימערן עפענען זיך. פאַרשלאָפענע, מיט מיד אַראָפּ־הענגענדיקע גלידער קריכן זיי אַרויס. יעדע גרופּע נעמט אין זיין רשות אַ יעפרייטער. ער מושטירט אויס זיינע פיר־פינף מאַן און מאַרשירט אָפּ מיט זיי צום פרייען הינטער־הויף. די סאָלדאַטן שטעלן זיך דאָרט אויס אין גלייכע רייען, ווי אויך די יעפרייטערס, אונטעראָפיצירן, אַלע אין פאַרשיידענע גרופּעס און דערוואַרטן דעם „שפּיס" — דעם טאַטן און באַ־לעבאָס פון זייער איינהייט.

ביז עס קומט אָן דער „שפּיס" שרייט אַקער, ווייל ער ווייסט ניט וואָס צו טאָן און וואָס צו פאָדערן. ער ווייסט אויך אַז אויב ער וועט עפּעס יאָ פאָדערן, וועלן עס זיינע אונטערגעאָרדנטע סיי ווי ניט אויספירן. ער שרייט, ביז ער פאַרקייכט זיך און ביז עס דערשיינט ניט דער „שפּיס" וואָס שפּאַנט מיט רויִקע טריט. זיין פנים איז אַכזריותדיק און גזלניש. ער האָט זיך אויסגעפּוצט אין אַ שטאָלענעם העלם, אין אַ העל זומערדיקן רעקל, אין האַנט האַלט ער אַ נאָטיצביכל אין אַ גלאַנציקן איינבונד. ווען ער דערנענטערט זיך, ציִען אַלע זיך שטראַם אויס. מען פילט, אַז עס גייט זיי דורך אַ ציטער.

אונטעראָפיציר אַקער ראַפּאָרטירט. דער „שפּיס" ענטפערט. זיין שטים דריקט קיין זאַך ניט אויס — ניט צופרידנקייט, ניט דאָס פאַרקערטע. ער איז שטייף־פאַרריסן, איראָניש־שפּאָטיש צו אַלץ וואָס דאָ קומט מאָר.

עס ראַפּאָרטירן די יעפרייטערס, יעדערער וועגן זיין גרופּע. דער „שפּיס" נעמט פונאַנדער די הענט, צעפּאָכעט זיי, ווי אַ ליבהאָבער אויף דער בינע. פּלוצעם ענדערט זיך זיין האַלטונג. ער ווערט באַוועגלעך, ווי ער וואָלט ערשט איצט אַריין אין די פעדערן. ער עפנט ווי אַ געבעט־ביכל זיין בלאָק־

נאָט און הייבט אָן מיט פאַרשנורעוועטע ליפּן און אַ באַפעלערישן טאָן לייענען:

— סאָלדאַטן טאָרן קיין מאָל ניט פאַרגעסן אַז זיי זענען סאָלדאַטן. די סאָלדאַטן פון אונדזער איינהייט מאַכן זייער פיל פעלערן. זיי מיינען אַז זיי זענען ביי זיך אין דער היים. זיי פירן זיך ניט אויף ווי ס׳באַדאַרף צו זיין און ווי עס פאָדערט די מיליטערישע דיסציפּלין. ס׳איז גאַנץ גלייך, צי מען איז אויפן פראָנט צי אין הינטערלאַנד. מען דאַרף ניט פאַרגעסן אַז אויף זיי ליגט די האָפענונג פון גאַנצן דייטשישן פאָלק...

— אויף מיר אויך? — רייסט אים איבער די „ליסע קאָפּ״ — דער עובר־בטלער יעפרייטער וואָס שלאָפט אָפּ גאַנצענע טעג, אַפילו ביים עסן און בעת די אַפּעלן.

— יאַוואָל, אויף דיר אויך! — ענטפערט ערנסט דער „שפּיס״.

אַ געלעכטער כוואַליעט דורך די אויסגעמושטירטע רייען.

— דו ביסט דער באַשיצער פון טויזנטער! — זאָגט צו אים זיין שכן.

— ווען ניט דו, וואָלטן מיר דאָך ווער ווייסט ווי שלעכט געהאַלטן מיטן קריג — גיט צו אַ צווייטער.

— וואָלסט זיך ניט לויזן ביים עסן, וואָלסטו געווען דער טאַפּפערסטער זעלנער, — באַמערקט אַ דריטער.

פון אַלע זייטן שיטן זיך צו אים ענלעכע באַמערקונגען.

דאָס געלעכטער ווערט ניט קלענער. עס הערט אויף און צעפּלאַמט זיך אויף ס׳ניי. דער „שפּיס״ רייסט אים לסוף איבער. מיט אַ באַפעלערישן טאָן רעדט ער ווייטער, ניט אַראָפּלאָזנדיק איצט די אויגן פון די רייען. יעדער איינער האָט מורא זיין בליק זאָל זיך ניט אָפּשטעלן אויף אים, ווייל אויב ער פאַרקוקט זיך אויף עמעצן, וועט ער שוין אויף אים געפינען אַ פּגם און באַשטראָפן. יעדן טאָג גיט ער צענדליקער שטראָפן פאַרן שלעכט דערפילן באַפעלן. יעדער איינער פון די סאָלדאַטן האָט אַ גרויסע צאָל שטראָפן וואָס ער דאַרף נאָך אָפּקומען.

דער „שפּיס״ האַלט אין איין אויפוואַרפן זיינע אונטערגעאָרדנטע:

— די סאָלדאַטן קראַצן זיך די קעפּ פאַר אַלעמען אין די אויגן. זיי גאַווערן ביים עסן. זיי פאַרקויפן זייערע פּאַרציעס שנאַפּס און טרינקען אים ניט אויס, זיי בענקען אַהיים! דאָס באַווייזן זייערע בריוו וואָס ס׳קומט מיר אויס צו לייענען... זיי זינגען ניט אין כאָר. און די הויפּטזאַך, זיי האָבן

זיך ניט אויסגעלערנט האַלטן געהעריק די ביקסן! זיי שלאָפן איין אויפן פּאָסטן, ניט געקוקט וואָס מען וואַכט אין גאַנצן צו פיר שטונדן...

דער „שפּיס" בלאַנדזשעט מיט די אויגן איבער די רייען. ער גייט אַרום הין און צוריק. דאָ דערנענטערט זיך צו איינעם, דאָ צו אַ צווייטן. ער פאַרקוקט זיך טיף אין זיין ביכל און הייבט ווידער אָן, ווי ער וואָלט די תורה וואָס ער פּרעדיקט, אַרויסגעלייענט פונעם עלעגאַנטן ביכעלע:

— וואָס אָנבאַלאַנגט די וואַך, זענען די יעפרייטערס פאַר דעם פאַר־אַנטוואָרטלעך. אַכט און פערציק מאַן גייען אין דעם אַנטלויזונגס־אַנשטאַלט. זעקס העלפן אין קיך, צוועלף מאַן — אין דער שניידעריי און שוסטעריי, צוועלף — אין דער קאַנטינע און באַקליידונגס־קאַמער. די איבעריקע 13 — צו פאַרשיידענע ווירטשאַפטלעכע אַרבעטן, ווי אָפּקערן דעם הויף, אָנזעגן און אָנהאַקן האָלץ. לויט אַ באַשלוס האָב איך פאַרטיילט יעפרייטער־גראַדן אַ ריי פון אונדזערע גוטע סאָלדאַטן. אויך פון די נייע יעפרייטערס פאָדער איך, זיי זאָלן אַכטן באַפעלן און פליכטן. די יעפרייטערס וועלכע פּוצן שטיוול, האָדעווען די חזירים, און שיילן קאַרטאָפל, זאָלן גלייך צוטרעטן צו דער אַרבעט. ביי טאָג זאָל קיינער ניט דערוועגן לייגן זיך שלאָפן. אויסער דעם מוזן איצט פיר און צוואַנציק מאַן גיין זיך לערנען שיסן. פאָלגנדיקע סאָלדאַטן דאַרפן בלייבן אויפן פּלאַץ נאָכן באַפעל זיך פונאַנ־דערצוגיין.

ער לייענט פאָר אַ רשימה און מעלדעט:

— אַפּעל געענדיקט! אָפּטיילונגען אַב!

אין אומאָרדענונג פאַרלאָזן די סאָלדאַטן דעם פּלאַץ. עס בלייבן נאָר די וואָס דאַרפן זיך לערנען שיסן. אונטעראָפיציר אַקער מאַכט צייכנס אויף די לאָדנס פון דעם קבֿרנס כאַטקע אויפן דערבייאיקן צווינטער, אויף די ווענט און טירן פון דעם שטעלכל און אויף דער בלינדער ציגל־וואַנט. דער „שפּיס" קוקט זיך צו... ביז עס ווערט אים נימאס און ער גייט אַוועק. דער אונטעראָפיציר אַקער וויל פאַרדעקן זיין מיליטערישן עם־הארצות דורך קוויטשען און שרייען.

די דייטשן שיסן, ביז עס ווערט אויך זיי איבערדריסיק די שפּיל. אַקער כאַפּט זיך צום פייפל און רופט צו מיטאָג.

מיט זייערע פאַרציעס צעגייען זיך די סאָלדאַטן איבער די צימערן, איבערן הויף, צעזעצן זיך אויף די מיט זון פאַרגאָסענע בענק און אויפן

דאַך פון שטעלכל. זיי עסן האַסטיק, שלינגען דעם גיפט־שאַרפן און ביטער־לעכן קרויט־סאָוס און פאַרזופן מיט טערפקע־זיסן פודינג. דאַן ציִען זיי זיך אויס מיט אויפגעפּוישטע בייכער אויף די אויסגעשפּרייטע סעניקעס, אויף די אַרויפגעלייגטע ברעטער אויף קאָזלעס און אויף די דעכער. די וואָס ריכטן זיך אויף אַ לאַנגן שלאָף, פאַרקריכן אויף די בוידעמער.

פון די צימערן טראָגט זיך אַ שנאָרכן. דורך די פענצטער ווייעט אַריין אַ ווינטל מיטן ריח פון צעבליטע ליפּעס און בעז. דער חזירים־פּיטערער, דער יעפרייטער בעטקע, קראַצט אויס פון אַלע קעסעלעך דאָס געבליבענע עסן. ער לייגט אָן אַ פולע וואַש־שיסל. מיר בעטן אויף שטום־לשון אונדז עס אָפּצוגעבן. פאַר די חזירים וועט ער געפינען עפּעס אַנדערש... ער שטעלט אַרויס די שיסל אויפן שוועל פון צימער און זאָגט צו אונדז:

— פאַרטיילט אייך!

מיר זענען הונגעריק און בראַקירן ניט. האַלב איינס וועלן מיר ערשט באַקומען אַ ביסל זופּ און דער אומדערוואַרטער פאָרשפּייז וועט אונדז גוט טאָן. מיר שניצן אָפּ שפּענער און נעמען לייגן אין מויל דעם געדיכטן געמיש...

ניט אַלע סאָלדאַטן רוען נאָכן עסן. די ייִנגערע פאַרציִען אַ געזאַנג.

דער „ליסע קאָפּ", אַ שטאַרקער אינזיכניק, איז פאַרטראַכט. ער, דער מאָלער פון בייערן, האָט שוין באַלד פאַרגעסן זיין מלאכה. ער האָט גע־אַרבעט אין אַ טעאַטער. געמאָלן דעקאָראַציעס, מאַסקעס. אַלע מאָל האָט מען אים געהאַלטן פאַר אַ ביסל צעדרייט, און איצט האָט מען אים ווי מיט אַ כּוונה געשיקט אין דער דאָזיקער אייַנהייט. ער פּאַסט זיך אַריין צווישן די איבעריקע. יעדערער פון זיי געפינט זיך אין אַ צושטאַנד פון גייסטיקער דעגראַדאַציע. ער איז ווי ביי זיך אין דער היים צווישן די קריפּלען, האַלב בלינדע, הינקעדיקע, מיט קעפּ פון משונהדיקע געאָמעטרישע פיגורן.

דער „ליסע קאָפּ" האָט מורא צו פאַרגעסן זיין שיינע האַנטשריפט און זיין טאַלאַנט. ער געפינט אַ שטיקל קרייד וואָס האָט אין אים אַרויסגערופן שאַפונגס־אימפּולסן. ער זוכט אַ טעמע, אַ דאַנקבאַרע טעמע, זוכט אַ וואַנט, אויף וועלכער ער זאָל קאָנען אויסלאָדן זיינע קינסטלערישע עמאָציעס. גייט ער צו צו דער טיר פון הויפישן קלאָזעט, פון וועלכן עס טראָגט זיך אַן אָטעמפאַרכאַפּנדיקער געשטאַנק, און צייכנט אָן אַ וויסן מגן־דוד. אונ־טער אים — צוויי שלאַנקע נולן און אונטער זיי אַן אויפשריפט „נור פיר

יודען". ער גייט אָפּ אייניקע טריט, באַקוקט מיט אַ פאַרזשמורעט אויג די פּרוכט פון זיין גרויסן טאַלאַנט און גייסטיקער חשיבות. ערשט איצט צעשפּילט זיך זיין דראַנג צו שאַפן. ער גייט אַרום צעטראָגן איבערן הויף, איבער די צימערן, פאַלט אַריין אין קיך, ווו ס'קאָכט זיך וועש און די פאַרע שפּאַרט דורך די צעפראַלטע פענצטער און טירן. פון דאָרט שלעפּט ער אַרויס אַ פּאָר קוילן, שטעלט זיך אַרויף אויף אַ בענקל און שרייבט אָן מיט גרויסע אותיות אין גאָטישן סטיל: „די יודען מוזן שטאַרבן!" ער שטרייכט עס אונטער. אין אַ קאַרניז־אַרטיקן שוואַרצן רעמל צייכנט ער אָן אַ ייִד מיט אַ צעפלאַטערטער באָרד, צעשפּיליעטע פּאָלעס, צעשפּרייטע פיס, ווי ביים טאַנצן אַ קאַדריל. ער שרייבט אונטער: „דער אייביקער ייִד וועט ניט אייביק לעבן!" זיין מוזע צעשפּילט זיך נאָך מער. אין גע־ציילטע שטריכן מאָלט ער פאַרשיידענע עקסצענטרישע פיגורן אין שאַרזש־טאָן: רוסן וואָס אַנטלויפן, מאָנגאָלן וואָס באַגייען כאַראַקירי, דייטשן וואָס גרייפן אָן. אין מיטן דערין צעלאַכט ער זיך היסטעריש, גלאָצט אויס זיינע וואַסערדיקע, טיף־אַריינגעזעצטע אויגן, וואָס איינס קוקט אויף מאָסקווע, דאָס צווייטע — אויף לענינגראַד. ער וויל ביידע שטעט האָבן און באַקומט ניט דאָס וואָס געפינט זיך שוין אונטער דער נאָז. ער צייכנט אָן אַ נאַקעטע פרוי ביי אַ כוואַליעדיק וואַסער, אויף וועלכער עס קוקן פון הינטער אַ קוסט אַ פּאָר חברה־לייט. אויף דער אַנטקעגנדיקער וואַנט שרייבט ער אָן מיט ריזן־אותיות: „דויטשלאַנד, דויטשלאַנד איבער אַלעס!"

— האָסט עס בראַוו געמאַכט, — פּאַטשט אים אין פּלייצע דער יעפ־רייטער פון חזירים־שטאַל. — מאָל איצט אָפּ די פרויען וואָס וואַשן וועש, ווי זיי באַוועגן מיט די הינטנס און שאָקלען מיט די...

ער ענדיקט ניט אויסריידן זיין ווונטש, ווייל די צוויי חזירים האָבן אויפגעבראָכן די טיר פון שטאַל און זיך אַ לאָז געטאָן איבער דעם ניט־אַרומגעצוימטן גאָרטן, איבער די בייטן מיט די פריש־אַרויסגעשפּראָצטע פלאַנצן פון סאַלאַט, אוגערקעס און אַרבעס.

— לאָס, לאָס, שווינע אַזוינע! איך שלאָג אייך טויט! — לויפט ער זיי נאָך פון איין ווינקל אין צווייטן. — דעם גאָרטן צעשטערט איר! דער „שפּיס" וועט מיך אָפּשיסן צוליב אייך!

דער שווייס רינט ביים דייטש איבערן שטערן, איבער די באַקן. עס העלפן אים מיט אין געיעג אַלע וואָס געפינען זיך אויפן הויף. סוף־כל־סוף

טרייבט ער זיי צוריק אַריין אין שטאַל. דאַן פאַלט ער צו צו די צעטראָ־טענע בייטן און נעמט זיי מיט די דלאָניעס גלייכמאַכן, פאַרגלעטן די שפּורן פון די חזירים, ער טוט עס און קוקט יעדע ווײַלע, צי ס׳באַמערקט עס חלילה ניט דער „שפּיס".

— וואָס גרעסער עס ווערן די שווײַנע, אַלץ גרעסער ווערט מײַן זאָרג. פוי, ווי מיד איך בין געוואָרן. מיט צוויי מאָנאַטן צוריק וואָלטן זיי ניט אויפגעבראָכן דעם שטאַל. היינט זייער פּרעסן! — גיט ער אַ זיפץ. — אויב זיי וועלן ניט אויפהערן אַזויפיל צו פרעסן, וועט מען דאַרפן אויפהערן געבן עסן די יודן, ווייל פאַר אַלעמען וועט ניט קלעקן...

ער רעדט עס אָפּ און שפּרייזט פאַרזאָרגט אַוועק איבערן הויף.

עס טרעט אַריין אַ שטילער בין־השמשות. ווידער דאָס פּייפן פון אונטעראָפיציר. ווידער רופט ער צום עסן. היינט איז אַ וואַרעמער אָוונט־ברויט — זויערע פּערל־גרויפּן. די דייטשן זופן אומצופרידן די זופּ און לייגן זי פאָר די יידן פאַרן פרייז פון אויסוואַשן דאָס געשיר.

ניט אַלע דייטשן עסן. עס בלייבט אויפן הויף דער קאָרבפלעכטער, דער אַלטער בייער מיט די וואָנצעס און דעם שטרויענעם הוט, וועלכן ער טוט אָן בעת זיין מלאכה. ער זיצט געהויקערט אויף זיין קופּע צונויפ־געשאַרטער קאָרע און שפּענדלעך און פלעכט קאָשיקעס פון נאַסע עלאַס־טישע ווערבעצווייגן. די פאַרטיקע קאָשיקעס טריקענען זיך אויף דער זון. יעדע ווײַלע פאַרקוקט ער זיך צופרידן אויף דער פאַרטיקער אַרבעט. ביי יעדן אָנגעהויבענעם קאָשיק — א נייער מוסטער, אַ נייער פאַסאָן. ער בורטשעט אַ מאָנאָטאָן ליד, פאַרשאַרט יעדע ווײַלע די ווילד צעוואַקסענע בעזעם־אַרטיקע וואָנצעס און פלעכט מיט די פלינקע ביינערדיקע פינגער.

דער קוכער און זיינע געהילפן שטעקן אַרויס זייערע קעפּ דורכן קיך־פענצטער און קוקן אויפן קאָרבפלעכטער. זייערע ווייסע אַכטקאַנטיקע היטלען, ווי ביי חזנים, און פאַרשאַרצטע אַרבל, ווי ביי קצבים. זיי האָבן ערשט איצט געענדיקט שאָבן אַ פיש און צוגרייטן די לעבערלעך צום פּרעגלען, די פּופּיקעס צום דעמפּן, די אייער צו באַשלאָגן אויף די שמעקע־דיקע ווורשטן. דאָס איז אַלץ פאַר די אָפיצירן, פאַר די פעלדפעבלס און לייטענאַנטן. אויף היינט ביי נאַכט האָט מען אָנגעפירט קאַסטנס ביר, שנאַפּס און ליקער. מען גרייט זיך צו אַ ביינאַכטיקער שׂימחה.

איידער וואָס־ווען איז שוין אַקער שיכּור. ער קלייבט צונויף די ייִדן וואָס אַרבעטן אויפן הויף, שטעלט זיי אויס מיטן פּנים צו דער וואַנט און זאָגט אָן אַז אַלע ווערן דערשאָסן. אויב ניט היינט, איז מאָרגן. ער באַטאַפּט אַלעמען די קעשענעס און נעמט צו ביי איינעם אַ פּילפּעדער. דאַן באַרויִקט ער זיך און לאָזט אונדז ווידער פריי זיך באַוועגן.

דאָס באַמערקט אַ צווייטער אונטעראָפיציר און נעמט זיך קריגן מיט אים, אַלע זאָלן הערן:

— צונעמען פון די יודן טאָר מען ניט, מען מעג נאָר אָפּקויפן. זעסטו, דעם פּרייז קאָן מען אָפּשטעלן, ווי מיר ווילן.

אַזוי טראָגט אים אויס זיין שׂכל און יושר.

צום רעדל ייִדן מיט די צוויי צווישן זיך שטרייטנדיקע אונטעראָפיצירן קומט צו דער לייטענאַנט, דער גאַסט. ער גייט אַ גענגעלע, ווי ער וואָלט געריטן אויף אַ פערד און געדאַרפט יעדע ווײַלע געבן דעם פערד אַ קוועטש מיט די שפּאָרן. ער גייט אַזוי טאַנצנדיק, שטעלט זיך אַוועק מיטן מיליטערישן סאַלוט און מאַכט אַ מינע, ווי ער וואָלט זיך צעטומלט און באַגריסט אונדז מיטן הייל־גרוס, אויסציִענדיק די האַנט אויף אַרויף.

— הייל היטלער! — זאָגט ער צו אונדז, פאַרמאַכט די אויגן, ווי אַ הון ביים טרינקען וואַסער, און זאָגט אויף אויסנווייניק: — אַלעף, בייס, גימל, דאַלעד...

ער טוט זיך אַ דריי אַרום זיך און פאַרדרייסט זיין מאַלפּיש פּנים צו אונדז:

— איר זענט יודן?

— יאַוואָל! — ענטפערן מיר אים מיליטעריש.

— איר וואַרט אויף משיחן?

— יאַוואָל! — קלינגט אונדזער ענטפער.

— אַז משיח וועט קומען, וועט איר ווערן באַפרייט... איך אויך...

דעם „איך אויך" זאָגט ער אָפּ שנעל און צעמישט זיך אין געזעמל וואָס אַרום דעם קאָרבפלעכטער. מיר קוקן איינער אויפן צווייטן, ווערן אויפגעמונטערט, שמייכלען...

פון טויער קומט אָן דער אָנפירער פון דער „אונטערשטער" איינהייט. באַלד הערט זיך זיין הייזעריק געשריי:

— דעם מיסטקאַסטן האָבן די יודן שלעכט אויסגעראַמט! אין אייניקע טעג איז ער ווידער פול!

ער מיינט עס אונדז, די ייִדן פון דער „בעטראַונגס־קאָמפּאַני נר׳ 7״.

— הער אָבערלייטענאַנט, איר באַשולדיקט אומזיסט אונדזערע יודן. די יודן אַרבעטן פלייסיק, טוען אַלץ, וואָס מען באַפעלט זיי. ווען מיר זאָלן איינשטימען מיט אייער מיינונג, וואָלט געהייסן, אַז מיר האָבן שלעכט אויפגעפּאַסט אויף די יודן. דאָס וואָלט געהייסן סאַבאָטאַזש און אַן אָפּגעלאָזנקייט פון אַ דייטשישן אָפיציר...

דאָס אַלץ האָט אין איין אָטעם אָפּגעזאָגט דער אונטעראָפיציר ליפּקע. ער האָט זיך געקליבן צו האַלטן נאָך אַ לענגערע דרשה, נאָר זיין בעל־שמועס האָט אים איבערגעריסן:

— איך וויל טאַקע, איר זאָלט וואָס שנעלער אַרויספאָרן, וועלן מיר פאַרשפאָרן זיך צו אַמפּערן. און דאָס גלאָז פון די שויבן וואָס איר האָט צעבראָכן, וועט איר אויך ניט אָפּגעבן? דאָס וויל איך נאָך זען!

איידער ער באַקומט אַן ענטפער, ווענדעט ער זיך צו די ייִדן:

— קומט אַהער, איר ווייסט וואָס דאָס איז פאַרבעריי?

— יאַוואָל!

— אויב אַזוי זאָלט איר מאָרגן פרי צו מיר אַריינגיין און אָפּטראָגן צום איבערפאַרבן מיינע זיבן פּאָר רייטהויזן.

— יאַוואָל — ענטפערן מיר אַלע אין כאָר.

ער שפּייט אויס אין אונדזער זייט און דערווייטערט זיך.

אויפן הויף מאַרשירן אַרויף צוויי גרופּעס פוסגייערס — פאַרשטויבטע, באַוואָקסענע, מיטן געפּעק אויף די פּלייצעס באַלאָדן ביז צום איינגעבויגן ווערן. זיי האָבן זיך אומגעקערט פון פראָנט. דער אָנפירער פון דער „אונ־טערשטער״ איינהייט מאַכט זיך ווי ער באַמערקט זיי ניט, כאַפּט זיך אַריין אין דער קאַנטינע, טרינקט אויס צוויי גלעזער שנאַפּס, פאַרבייסט מיט טרוקענעם קעז און קומט ערשט דעמאָלט אַרויס באַגעגענען די געסט. ער קנייטשט דעם שטערן, ווי וועלנדיק זיך אין עפּעס דערמאָנען. ער שטרענגט זיך אָן ניט צו צעטומלען די פראַזעס וואָס ער געדענקט פון זיינע רעדעס אין אַזוינע פאַלן, און וועלכע ער דערמאָנט זיך טאַקע איצט. די הענט פאַרשטעקט אין די קעשענעס פון זיינע עלעגאַנטע רייטהויזן, דער קאָפּ פאַרריסן, ווי אונטער דער מאָרדע וואָלט אים געשטעקט אַ שטעכלקע,

באַלעקנדיק דאָ די לינקע, דאָ די רעכטע זייט מויל — באַגריסט ער די געקומענע פון פראָנט:

— סאָלדאַטן, ערשט איצט האָט דער צוג אייך געבראַכט פון די ערשטע פראָנט־ליניעס! איר האָט זיך געטראָפן מיטן פיינד אויג אויף אויג. איר זענט געפאַלן אין שלאַכט און האָט געזיגט אין דער שלאַכט. איר זענט געפאַלן מיט פרייד, ווייל איר האָט געוווּסט אַז איר קעמפט פאַר אייער פאָלק און פירער, און איר האָט געוווּסט אַז אייערע פרויען און קינדער וואַרטן צו הערן וועגן אייער העלדישקייט און אָפּפערווייליקייט. איך האָב ערשט נעכטן באַקומען אַ בריוו פון אייער גרופּנפירער. ער שרייבט מיר וועגן אייערע אויפטוען, וועגן אייער קעמפערישקייט. עס גלייבט זיך קוים, אַז מיר האַלטן נאָך אין איין פאַרטיליקן דעם אין צאָל גרעסערן פיינד. נאָר וואָס זאָלן מיר דאָ פיל רעדן, איר זענט דאָך אַלע, זיכער, מיד. לאָמיר פאַרגעסן אונדזערע זאָרגן און זיי פאַרטרינקען מיט ביר, שנאַפּס, און רייכערן ציגאַרעטן. היינט אָוונט וועט איר דאָס האָבן, וויפל אייער האַרץ גלוסט.

עס הילכט אַ דומפּער „הייל".

אונדז באַפעלט מען אַרויפטראָגן די פּעק, כאָטש די געסט געהערן ניט צו אונדזער „קאָמפּאַני". מיר שלעפּן די שווערע קעסטלעך, די אָנגע־שטאָפּטע רוקזעק, די סאַניטאַרע מכשירים, די העלמען און שפּייז־פּעקלעך. די סאָלדאַטן פאַרנעמען ליידיקע צימערן און ציִען זיך אויס אויף די צו־נויפגעקלאַפּטע נאַרעס. זיי פאַלן ווי סנאָפּעס און כראָפּען ביז ניין אָוונט. דאַן וועקט מען זיי. אונדז לאָזט מען ניט אָפּ צוליב צוויי סיבות: ערשטנס, געקומען איז אַן איבערראַשנדיקער באַפעל, אַז די איינהייט ביי וועלכער מיר זענען באַשעפטיקט, מוז מאָרגן אָפּפאָרן קיין נאַרוועגן. צווייטנס, מוזן מיר העלפן זיך איינאָרדענען די געקומענע סאָלדאַטן.

אין הויף קומען אַריין צען סאָוועטישע קריגס־געפאַנגענע וואָס זענען אַרויסגערופן געוואָרן אונדז צו הילף. מען האַלט אונדז אָפּגעזונדערט פון זיי. מיר דאַרפן אַראָפּטראָגן דאָס געווער און די אַמוניציע פון אונדזער „קאָמפּאַני". משמעות, דאָס טרויט מען ניט אָן די געפאַנגענע. שעלענבערג פּאַסט אויף אונדז אויף. ווען מיר געפינען זיך מיט אים אַליין אין צימער, לערנט ער אונדז ווי זיך צו באַגיין מיט אַ ביקס, ווייזט ווי צו האַלטן,

ווי אָפּצוקוועטשן. די ניט־געדינטע צווישן אונדז לערנען זיך עס מיט גרויס חשק...

— אויסטערלישע מענטשן זענען די ייִדן — זאָגט דער דייטש פּלוּ־צעם, ווייזנדיק אויף פאַרשיידענע פּעקלעך און קעסטלעך — אָט ליגט מעדיצין, לעדער אויף פּאָדעשוועס, ס׳ליגן פריי עלעקטרישע לאָמפּן, און קיינער ציט עס ניט אָפּ. איך גיי איצט אַרויס. זאָלט איר זיך יעדער איינער פאַרטיילן, אָבער ניט פיל, ווייל דעם רעשט וועל איך צונעמען פאַר זיך. מאַכט עס נאָר פלינק, דער אונטעראָפיציר זאָל ניט באַמערקן.

ער גייט אַוועק. מיר קוקן זיך איבער. איידער מיר באַווייזן אָפּשניידן אַ שטיק לעדער, באַווייזט זיך שולץ און צעשרייט זיך מיט ניט קיין מענטש־לעכע קולות:

— יודען זענען שטענדיק אַזוי. ווי נאָר מען נעמט אַרונטער פון זיי אַן אויג, אַרבעטן זיי שוין ניט. איך וועל אייך אויסקנאַלן איינציקווייז!

ווי שטענדיק איז ער שיכּור. ער שוימט און קריצט מיט די ציין.

מיר כאַפּן יעדער איינער אַ פּעקל און לויפן אַראָפּ די טרעפּ, לאָדן עס אָן אויף אַ לאַסט־אויטאָ. מען שלעפּט אונדז אויך צום העלפן די רוסן לאָדן גלאָז.

— ראַזאָם ווזיאַלי! — קאָמאַנדעוועט איינער פון די קריגסגעפאַנגענע, אַ יונגער רוס.

מיר לייגן צו אַ האַנט און רירן די שווערע קאַסטנס פון אָרט.

די רוסן פאַרציִען מיט אונדז אַ געשפּרעך. זיי זענען געקומען פון דאָרף, זענען אויס פאַרהעלטנישמעסיק, גוט. זיי שטעלן אונדז פראַגן. איך ענטפער בגנבה פון די דייטשן.

עס קומט שלענבערג מיט פינף לעבלעך ברויט, צעשניטענע אויף העלפט — פאַר צען מאַן. ער פאַרטיילט עס צווישן די קריגסגעפאַנגענע.

— איר האָט גענוג — זאָגט ער צו אונדז פאַרשטייענדיק, אַז מיר וואַרטן אויך אויף אַ שטיקל ברויט, אויף אַ מתנה פון זיין מאַיעסטעט דעם קוכער. — היינט זענען זיי בילכער. מען קאָן ניט אַנדערש.

ער פאַרשטייט ניט אַז מיר אַלע זענען צופרידן, וואָס ער האָט געגעבן ברויט די קריגסגעפאַנגענע. זיי זענען זיכער זעלטענער אַ פריינטלעכקייט צו זיך, ווי מיר. עס שטערט זיי אויך דאָס וואָס זיי קאָנען זיך ניט פאַר־שטענדיקן. מיר איבערזעצן די רוסן שלענבערגס ווערטער.

— שטימט — זאָגט דער יונגער רוס צו שעלענבערגן. — יאַוואָל!
— רעדן קאָנסטו, קאָמאַנדעווען האָסטו זיך נאָך ניט אָפּגעווינט, נאָר אַרבעטן הייבסטו ניט אָן צו ווילן — בייזערט זיך אויף דעם יונגן רוס אַן עלטערער מאָנגאָל.
—נו, וואָס קאָן דאָס זיין, אַז פון מיינע צוויי און צוואַנציק יאָר האָב איך פופצן געלערנט. איך וועל דיך אָניאָגן אין דער תורה פון אַרבעטן...
שעלענבערג רופט אַראָפּ פון אויטאָ דעם יונגן רוס און טוט אים אַ בורטשע:
— סטאַלין שאָן קאַפּוט!
— דאַ, קאַפּוט! — ענטפערט דער רוס. — נור ביז סטאַלין קאַפּוט, טי בודעש קאַפּוט. — און נעמט ווידער געבן די קאָמאַנדע: — ראַזאָם ווזיאַלי! לאָמייטע, לאָמייטע, רעביאַטאַ, ניקטאָ ניע ווידיט...[11]
עס פאַלט אַראָפּ אַ קאַסטן גלאָז אויפן ברוק...
מיר פירן אָפּ צו דער פראַכט־סטאַנציע אין שאַנץ צוויי לאַסט־אויטאָס. איינעם לאָדן מיר אויס, דער צווייטער פאָרט אַרויף אויף דער אָפענער וואַגאָן־פּלאַטפאָרמע.
מען צווינגט אונדז נעכטיקן אין שטאָט. מיט דער נאַכט־שיכט פון דער „ענטלויזונג"־בריגאַדע גיבן מיר צו וויסן אונדזערע שטוביקע, אַז מירן היינט ניט קומען. שעלענבערג איז אונדז מכבד מיט קאַלטער ביטע־רער קאַווע און זאָגט אָן, מיר זאָלן זיך ניט ווייזן אויבן: שולץ איז משוגע, לאָרקע אויך...
אין דער קאַלטער יוני־נאַכט וואַכן מיר מער ווי מיר שלאָפן. געציילטע כראָפּען. די איבעריקע טרייבן „גרויל־פּראָפּאַגאַנדע" אויף די דייטשן, אַפילו אויף די בעסערע פון זיי.
פרי נעמט זיך בלייכן דער טאָג. באַגינען וועקט אונדז שעלענבערג. מיר מוזן ענדיקן אָנלאָדן זיין אויטאָ. ער פאָרט גלייך אָפּ. ער הייסט אַראָפּ־טראָגן די שטרויזעק. מיר גייען אַרויף די טרעפּ. שוין אין די קאָרידאָרן זעט עס אויס ווי נאָך אַ רויב־אָנפאַל, צי נאָך דער שטרענגסטער הויז־זוכונג. בעת דער נעכטיקער שימחה האָט מען אויבן און אונטן צעבראָכן דאָס מעבל, אויסגעזעצט די שויבן, פאַרפּאַסקודעט די בעטן און טישן... אין מיטן קאָרידאָר לעבן דער קיך ליגט אַ קופּע שטרויזעק. אויף זיי — אַן

[11] אַלע אין איינעם, גענומען! ברעכט, ברעכט, חברה, קיינער זעט ניט...

אָפּיצעריש היטל. מיר לייגן עס מיט גרויס פּאַראַד אַוועק אויפן טיש מיט די אויסגעבראָכענע פּיס און נעמען זיך צו די שטרויזעק.

— ראַזאָם ווזיאַלי! — מאַכט איינער פון אונדז נאָך די קריגסגעפאַנ־גענע, און אַלע גיבן מיר אַ צי די אונטערשטע סעניקעס. פון צווישן זיי גיט זיך אַ קייקל אַרויס אונטעראָפיציר שולץ. ער קייקלט זיך פון רוקן אויפן בויך און ווידער אויפן רוקן. מיט זיינע צעבלוטיקטע הענט רייבט ער די אויגן, דעם קאָפּ. שפּרייט ברייט פונאַנדער די אויגן.

— **שמוציקע יודן, קרעציקע הינט! — זידלט ער זיך — איר זעט ניט, אַז איך שלאָף...**

מיר האַלטן זיך קוים איין פון לאַכן. מיר כאַפּן שנעל די סעניקעס און לויפן צו דער מאַשין. שעלענבערג געזעגנט זיך. ער איז אין כּעס און האָט חרטה וואָס ער איז די גאַנצע צייט געווען גוט צו יידן. ער האָט פון אונדז, לויט זיינע רייד, קיין זאַך ניט געהאַט. און אויב מען זאָל פון יידן ניט באַקומען קיין געלט, טאָ צו וואָס דאַרף מען זיך גוט צו זיי באַציִען?

אויך שולץ און לאָרקע לאָזן זיך פונאַנדער פאַרן געזעגענען זיך:

— מיט יודן איז אַלע מאָל אַזוי. מיר האָבן פאַר זיי געגנבעט פינף אויטאָס האָלץ און זיי האָבן זייער וואָרט ניט געהאַלטן, קיין מתּנות ניט געבראַכט. דער בריגאַדיר האָט צוגעזאָגט טואַלעטן־זייף, זיידענע וועש, אַ גאָלדענעם בראַסלעט, און ווען ער האָט געזאָלט דאָס ברענגען, איז ער פאַרשוווּנדן...

זיי שרייען אויף אונדז, דראָען.

מיר פאַרטיידיקן זיך, אַז מיר זענען ניט פאַראַנטוואָרטלעך פאַר די צוזאָגן פון אַנדערע מענטשן... די דייטשן הערן אָבער ניט אויף צו שרייען, אַז די יידן זענען די ערגסטע אויף דער וועלט, אַז די יידן בלייבן זיצן אויף די ערטער, און דייטשן דאַרפן גיין צום פראָנט...

אַ פּאָר שיכּורע שאָפערן פאַלן צו צו איינעם פון אונדז און לאָזן אראָפּ צוויי פייערדיקע פעטש. נאָר דאָ לויפט צו איינער פון די דייטשן און נעמט זיך אַנטשולדיקן:

— איר קאָנט דאָך אונדז, מיר זענען ניט קיין שלעכטע... זיי זענען אויפגערעגט, ווייל מיר מוזן היינט אַרויספאָרן קיין... נאָרוועגן.

עס פאָרט אָפּ דער לעצטער אויטאָ. מיר שלייכן אַרום איבער די פּוסטע צימערן, וואָס ביים שטילסטן קלאַנג טוט זיך אַ קייקל אַ שטאַרקער עכאָ.

עס איז געבליבן נאָר דער אונטעראָפיציר לאָרקע. ער הערט ניט אויף צו שרייען אויף אונדז, אויף זיינע פאַרערגערטע געשעפטן. ער איז שיכּור און זאָגט אויס אַלץ וואָס ער טראַכט. וועט ער בלייבן לעבן, האָט ער זיך שוין אָנגעגרייט אַ פאַרמעגן אויף צענדליקער יאָרן. ער האָט שוין געגנוג פאַר זיך, פאַר זיין פרוי און פאַר דער געליבטער.

עס קלינגט דער טעלעפאָן. ער ענטפערט געלאַסן, ווי וועלנדיק באַרויִקן זיך אַליין. נאָר מיט אַ מאָל הייבט ער אָן אַזוי צו שרייען, אַז מיר פאַרשטעקן זיך פאַר פּחד אין פינצטערן ווינקל פון קאָרידאָר. אַז ער דערשיינט, זעט ער אויס ווי אַ דערשטיקטער. דאָס געזיכט איז בלוי און רויט. די ליפּן באַוועגן זיך, און מיר הערן ניט, וואָס ער זאָגט. צום סוף ווערט קלאָר, אַז דאָס גאַנצע גלאָז, אַלע קאַסטנס, וואָס מען האָט אָנגעלאָדן אויף די אָפענע פּלאַטפאָרמעס, האָבן זיך איבערגעקערט, ווי נאָר דער צוג האָט געריִרט פון אָרט. דאָס גלאָז איז צעבראַזגעט, דאָס איז אַלץ דערפאַר ווייל די ייִדן האָבן געלאָדן...

— סאַבאָטערע, שיסן, שיסן וועט מען אייך!

איינער פון אונדז פאַרטיידיקט זיך, אַז געלאָדן האָט מען לויט שולצס אָנווייזונגען. כאַפּט ער פון לאָרקען אַ בריק אין הינטערחלק.

— וואָס ווילסטו, איך זאָל זאָגן אַז דו האָסט ניט קיין שולד? מענטשן זענט איר? איך האָב צו אייך קיינע געפילן. איר זענט ביי מיר נאָר אַרבעטס־קראַפט. אַלס אַזעלכע האָב איך אייך אָפּגעהיט, געגעבן עסן. איצט דאַרף איך אייך ניט. איצט מעגט איר שטאַרבן!

ביים וואָרט „שטאַרבן" פאַרקרימט ער זיך און צעשלוקעכצט זיך.

איך הייב אָן צו שמייכלען. ער באַמערקט עס, לויפט צו צו מיר און וויל מיטן גאַנצן כּוח געבן מיר אַ בריק מיטן פוס. ער פאַרטשעפּעט זיך, ציט זיך אויס און בלייבט לאַנג ליגן.

— עטוואָס וואַסער — בעט ער זיך.

מיר רירן זיך ניט פון אָרט.

עס קומט אַרויף קעמפּין און מעלדעט:

— אַוגוסט איז אומגעקומען. שייסע דאָס גאַנצע לעבן, שייס, שייס! מען האָט אונדז אָפּגענאַרט, ניט קיין נאָרוועגן, מיר פאָרן צום פראָנט, קיין רוסלאַנד, אילמען־זעע, צום טויט!

# אונטערערד

( פראַגמענט )

## 1

שוין אין מיטן יולי 1941 האָבן אָנגעהויבן זיך אומקערן פון וועג חברים וואָס זענען ביים אויסבראָך פון קריג געלאָפן פון שטאָט און האָבן געקעמפט קעגן אָנגרייפערישן דייטש און אַרויסגעשפּרונגענעם פון הינ־טערן רוקן אָרטיקן היטלעריסטישן אַגענט. די חברים האָבן זיך געהאַט אָרגאַניזירט אין רויטע פּאַרטיזאַנער־אָטריאַדן צוזאַמען מיט די וואָס זענען אין יענע טעג געווען געלאָפן אין אַ מאָביליזאַציע־פּונקט. טייל פון זיי זענען צוריק געקומען קיין קאָוונע, כּדי זיך קלאָר מאַכן די לאַגע און וויסן, מער אָדער ווייניקער, אויף וואָסער וועלט מען איז. פון זייערע באַהעלטע־נישן זענען אויך אַרויס חברים וואָס זענען ביזן לעצטן מאָמענט [1] געבליבן שטעקן אין שטאָט צו דערליידיקן די פליכטן וואָס זענען פאַר זיי געווען באַשטימט. זיי האָבן שוין ניט באַוויזן זיך צו לאָזן אין וועג.

אויסגעמיטן די מאַסן־צעשיסונגען און פּאָגראָמען, דעם מאָרד און רויב [2], האָבן אָט די חברים, אין דער צווייטער העלפט יולי, אָנגעהויבן צוזאַמען מיט אַלע ייִדן אַריבערקלייבן זיך קיין סלאָבאָדקע, אין די באַ־שטימטע פאַר ייִדן געטאָ־קוואַרטאַלן. מיט זייער געזונטן אינסטינקט פאַר אַן אָרגאַניזאַציאָנעל לעבן, און געוווינט צו אַרבעטן געזעלשאַפטלעך ביי אַלע באַדינגונגען, האָבן די חברים אויך אין געטאָ גענומען טראַכטן פון ווערן ווידער טעטיק. ביי קיינעם איז קיין צווייפל ניט געווען אַז מען מוז עפּעס טאָן, זאָל דערווייל זיין כאָטש אַ קעגנזייטיקע הילפסאַרבעט. די וואָס

[1] געמיינט, ביז די דייטשן האָבן פאַרכאַפּט קאָוונע.

[2] געמיינט די רציחות פון די ליטווישע באַנדיטן וואָס האָבן זיך געשטעלט אין דינסט פון די היטלעריסטן.

זענען געווען געלאָפן, האָבן ניט צוריק באַקומען זייערע וווינונגען און זענען געבליבן אָן אַ העמד אויפן לייב און אָן שום מאַטעריעלע מיטלען. גלייכצייטיק האָבן ניט ווייניק חברים געמוזט זיך היטן פאַר די ליטווישע געהיים־אַגענטן, און מען האָט זיי געדאַרפט אויסבאַהאַלטן. עס זענען אָנגעקומען פון פיאָנערן־לאַגער קינדער פון געלאָפענע קיין רוסלאַנד פּאַרטיי־פונקציאָנאַרן... אומפּאַרטייִשע סאָוועטישע אַקטיוויסטן, מאָפּריסטן[3], פּראָ־פּאַראיין־טוערס, קאָמיוגיסטן — צו זיי האָט מען געקאָנט האָבן צוטרוי... די קרייזלעך פון 5־6 מיטגלידער האָבן אַרויסגעוויזן אַ גרויסן אינטערעס צו דער אַרבעט... אַחוץ געלט האָט מען געקליבן מעדיצין, קליידער, שפּייז. די זאַמלונגען זענען אַרויס פון די גרענעצן פון קעגנזייטיקער הילף און האָבן אַרומגענומען ברייטערע קרייזן וואָס סימפּאַטיזירן די סאָוועטן. די געזאַמלטע מיטלען זענען פאַרטיילט געוואָרן צווישן די וואָס האָבן געליטן מער ווי אַנדערע צוליב זייער פּאַרטיי־אָנגעהעריקייט און אַקטיווקייט בעת דער סאָוועטנמאַכט.

עס איז צוגעקומען נאָך אַ טעטיקייט־געביט. זינט די דייטשן האָבן אָנגעהויבן שלעפּן די ייִדן אויף צוואַנגסאַרבעט אין שטאָט, האָבן זיך אונדזערע חברים געטראָפן מיט געפאַנגענע רויטאַרמייערס. די קריגס־געפאַנגענע האָבן געבעטן ציווילע קליידער און געלט, כּדי זיי זאָלן קאָנען אַנטלויפן פון די לאַגערן און זיך דערשלאָגן צום פראָנט. דאָס רוב זענען עס געווען ייִדן. מיר האָבן זיי באַזאָרגט אויך מיט פּעסער. פּעסער פון דערמאָרדעטע ייִדן זענען איבערגעמאַכט געוואָרן אויף פּוילישע און רוסישע נעמען. מיט אַ פּאַס האָט זיך געלאָזט פרײַער באַוועגן. איינער אונדזערער אַ חבר האָט זיך אויסגעלערנט קונציק פעלשן פּעסער[4].

די באַוועגונג איז געוואַקסן. איר טעטיקייט־שטח איז ברייטער געוואָרן. מען האָט געזוכט פאַרן „קינד" אַ נאָמען. מיר האָבן זיך געשטעלט די פראַגעס: האָבן מיר געשאַפן אַ „מאָפּר"? האָבן מיר רעכט אויף דעם? זענען מיר ניט קיין „סאַמאָזוואַנצעס"? מאַכן מיר ניט קיין אידעאָלאָגישע פעלערן?

---

[3] „מאָפּר" — ראשי־תיבות פון „אינטערנאַציאָנאַלע אָרגאַניזאַציע צו העלפן רעוואָלוציאָנערן" (רוסיש).

[4] דאָס איז געווען אַ יונג בחורל, יצחק קירקעל, אַ גראַווירער. שפּעטער איז ער געגאַנגען אויף אַווגוסטאָווע, אַריינגעפאַלן אין געסטאַפּאָ און אומגעקומען אין 9טן פאָרט.

צו איין אויספיר זענען מיר יאָ געקומען: די אַרבעט איז אַ נוציקע און מוז געפירט ווערן. מיר זענען געווען זיכער אַז נאָכן זיג איבערן פאַשיזם וועט מען אונדז ניט באַשולדיקן אין אייגננוץ און מען וועט אונדז מוחל זיין, אויב מיר האָבן געמאַכט געוויסע טעותים. די חברים, צווישן זיי מיטגלידער פון געוועזענעם קאָוונער „אַפּקאָם״ [5] און „מאָפּר״, און אַ גאַנצע ריי געוועזענע פאַראַנטוואָרטלעכע סאָוועטישע טוערס, האָבן געגעבן דער באַוועגונג דעם געהעריקן אויטאָריטעט און די וואָס האָבן אַפילו געצווייפלט, צי מיר זענען באַרעכטיקט צו פירן די אַרבעט, האָבן באַלד געביטן זייער מיינונג.

דאָס אומזיכערע לעבן אין געטאָ האָט נאָך אַנאַנד צעשטערט די אַרבעט. טאָג־אין־טאָג זענען געווען קרבנות: צעשיסונגען צוליב דעם אָדער יענעם בילבול (מאָדנע, וואָס דער דייטש געפינט פאַר נייטיק צו „מאָטיווירן״ זיינע מאָרדטאַטן, צי גאָר זיך פאַרענטפערן).

עס איז פאָרגעקומען אַ מאַסן־אַרויספירונג פון געטאָ: 530 אינטעליגענטן. ס׳איז ספּעציעל פאַרלאַנגט געוואָרן אינטעליגענץ. (זומער 1942 איז מען נאָך ניט געווען זיכער, אַז די מענטשן זענען דעם זעלבן טאָג, דעם 18טן אויגוסט 1941, דערשאָסן געוואָרן אין 4טן פאָרט). עס זענען אָנגעקומען די טרויעריקע „אַקציאָנען״: די אַקציע פון „וועליאָנער גאַס״ [6], די אַקציע פון „קליין־געטאָ״ [7] און די „גרויסע״ אַקציע [8] אויפן דעמאָקראַטאָר־פּלאַץ, ווען עס זענען אַוועקגעטריבן געוואָרן צום טויט ביי 10.000 ייִדן. לכתחילה האָט מען די מענטשן אַריינגעטריבן אין דער פריִער אויסגעליידיקטער „קליין געטאָ״. אויף מאָרגן באַגינען האָט מען די ייִדן גענומען טרייבן באַרג־אַרויף, צום 9טן פאָרט. דאָס איז געווען די גרעסטע פאָלקס־לוויה פאַר דער אָקופּאַציע־צייט. די געבליבענע 15 טויזנט ייִדן [9] האָבן עס אָנגעקוקט מיט פּחד און צום טייל מיט אַ געוויסער רויִקייט. מען האָט זיך

[5] קרייז-קאָמיטעט פון דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי.

[6] די ערשטע מאַסן-אַקציע וואָס איז פאָרגעקומען דעם 29סטן סעפּטעמבער 1941 אין קוואַרטאַל אַרום וועליאָנער גאַס.

[7] די צווייטע מאַסן-אַקציע, דעם 4טן אָקטאָבער 1941.

[8] דעם 28סטן אָקטאָבער 1941.

[9] דאָס איז די אָפיציעלע צאָל. פאַקטיש זענען געבליבן אין געטאָ אַרום 17 טויזנט.

ניט פאַרגעשטעלט, אַז אַ מאַסנמאָרד פון אַזאַ פאַרנעם קאָן געשען. די פריִערדיקע אַקציעס האָט מען פאַרוויקלט אין אַ שיין הײַבל — „איבער־זידלונג". יאָ, איבערזידלונג אויפן 9טן פאָרט, אויף דער „דריטער פאַר־ניכטונגסשטעללע" (אַזוי איז דער 9טער פאָרט אָפיציעל אָנגערופן אין די אַרכיוון פון געסטאַפּאָ [10]). געסטאַפּאָ־אַגענטן האָבן, ווייזט אויס, פאַרשפּרייט קלאַנגען, אַז די אַרויסגעפירטע פון די „אַקציעס" לעבן און אַרבעטן אין באַבטער קאַנט.

יעדע איינע פון די „אַקציעס" האָט אַרויסגעריסן חברים פון אונדזערע רייען. די „גרויסע" אַקציע האָט אַוועקגענומען אַ העלפט פון אונדזערע בעסטע חברים. די אַרבעט איז צעפאַלן...

מיר מוזן בײַטן דעם כאַראַקטער פון דער אַרבעט אין געטאָ.

חברים, געוועזענע מיליטער־לייט און פּאָליטרוקן, דערציילן, אַז אין געטאָ געפינען זיך איניקע רויטאַרמייערס, אַנטלאָפענע פון אַ געפאַנגען־לאַגער. זיי קלייבן זיך גיין צו די פּוילישע געביטן און נייטיקן זיך אין הילף. מיר העלפן מיט געלט און דאָקומענטן. עס שאַפן זיך אין געטאָ איניקע גרופּעס וואָס ווילן זיי נאָכטאָן. די אַוועקגעגאַנגענע האָבן צוגע־זאָגט מיטצוטיילן וועגן זיך און אָנגעבן דעם מאַרשרוט. עס גייען אַוועק עטלעכע וואָכן, אָבער קיינע ידיעות פון זיי קומען ניט אָן.

מיר הייבן אָן צוזאַמענצונעמען אונדזערע כּוחות. מיר אַנטזאָגן זיך ניט פון דער אָנגעהויבענער אַרבעט אין געטאָ, אָבער אָן פאַרבינדונג מיט דער שטאָט זענען מיר ניט דרייסט און ניט זיכער.

חבר אי. [11] קומט אַ שײַנענדיקער. ער רעדט אַ סך, אָפט אויך וואָס מען דאַרף ניט. נאָר אַ דאַנק זיין באַרעדעוודיקייט קריגט ער אָפט פאַר־בינדונגען. אַזוי האָט ער געשאַפן די פאַרבינדונג מיט רויטאַרמייערס, גע־לאָפענע פון געפאַנגען־לאַגער. איצט דערציילט ער פון איינער אַ ייִדישער

[10] אַ געוויסע אומפּינקטלעכקייט. זי שטאַמט, ווייזט אויס, פון די קלאַנגען וואָס האָבן קורסירט. „איינזאַצקאָמאַנדאַ 3" האָט דורכגעפירט די מאַסן-עקזעקוציעס אויפן 9טן פאָרט ווי אויך אין אַ גרעסערן טייל פון דער ליטווישער פּראָווינץ.

[11] איציק יוכניקאָוו, אַ מויערער, שפּעטער געווען אַ פּאַרטיזאַן אין אָטריאַד „אַ טויט די אָקופּאַנטן" אין די רודניצקער וועלדער.

יוגנטלעכער ר.[12], וועלכע ווינט אין שטאָט און האַלט אויף אַ קאָנטאַקט מיט „רויטע פאַרטיזאַנער"[13] און האָט אַ שוועסטער אין געטאָ.

עס שטעלט זיך די פראַגע צי מען זאָל זיך איר אַנטרויען. קיין אויסוועג איז ניטאָ. ס'ווערט באַשטימט אַז איך זאָל מיט איר צוזאַמען גיין אין שטאָט און אויפקלערן דעם ענין.

איך באַווייז זיך נאָך ניט עפנטלעך אין געטאָ. איין ליטווישער „פאַרטיזאַן" האָט זיך געפּלייַסט, אַז ער האָט מיך דערשאָסן. אַ צווייטער האָט אים ניט געגלייבט. פלעגט ער זיך נאָכפרעגן, צי אין געטאָ געפינט זיך אַזאַ און אַזאַ איינער... קלאָר אַז ביי מיין רעפּוטאַציע האָב איך זיך באַזונדערש זיכער ניט געקאָנט פילן...

דאָס ערשטע מאָל בין איך אַרויס אין גאַס, ווען ס'איז פאַרעפנטלעכט געוואָרן אַ באַפעל אַז אַלע ייִדן מוזן זיך רעגיסטרירן צו דער אַרבעט אויפן אַעראָדראָם. איך האָב זיך רעגיסטרירט אויף אַ פאַלשן נאָמען און בין אַוועק אַרבעטן. דאָס צווייטע מאָל האָב איך זיך באַוויזן אין געטאָ בעת דער „גרויסער אַקציע"...

איך באַקען זיך מיט ר. און קריג גלייך חרטה. זי איז יונג און לייכטזיניק. ס'איז אָבער ניטאָ קיין ברירה. מיר טרעפן זיך ביים צוים ביין אָוונט.

אַ פּופּציק מעטער פון דער טויערוואַך קריכט זי דורך דעם צוים און פאַרשווינדט אויף דער אַנדערער גאַס. איך וואַרט אַ פּאָר מינוט און קריך אויך. ס'קלימפּערן די שטעכלדראָטן... דער פּאָסטן שיסט אויס. עס הערן זיך זיינע שווערע טריט אויפן ברוק. שפּירט ער אַז ביים דראָט איז ניט רויִק, צי דאָס איז אַ רעגולערער שרעקשאָס? אַלנפאַלס, דער פּאָסטן באַמערקט ניט. איך דערנענטער זיך צו ר., נעם זי געאָרעמט און מיר שפּאַנען אַוועק, אינסצעניזירנדיק אַ פאַרליבט פּאָרל וואָס לאַכט און פירט אַ פרייִלעכן געשפּרעך.

דעם ייִדישן בעטלער־קאָסטיום האָב איך געהאַט איבערגעלאָזט אין געטאָ. חברים האָבן מיך אויסגעפּוצט פּראַנטיש, אין אַ ברוינעם הוט, אַ מאַנטל, באַזאָרגט מיט פּאַפּיראָסן...

---

[12] ניט געלונגען פעסטצושטעלן דעם פולן נאָמען.

[13] כדי צו אונטערשיידן די ליטווישע רוצחים וואָס זענען געווען היטלער-משרתים און זיך גערופן „פּאַרטיזאַנער", האָבן זיך די קעמפערס קעגן די דייטשישע אָקופּאַנטן אָנגערופן „רויטע פּאַרטיזאַנער".

עס איז אָנהייב נאָוועמבער. קאַלטע ווינטן בלאָזן ניט רעגלמעסיק און ווילד, עס כאַפּט אויך גיין אַ שנייעלע אין אַ קאַראַהאָד... די נאַכט איז פינצטער, די שטאָט זינקט אין חשכות. צום ערשטן מאָל זינט דעם מלחמה־אויסבראָך באַטרעט איך די שטאָטישע גאַסן. ס׳איז מיר אַלץ פרעמד געוואָרן, אַלץ אומפאַרשטענדלעך. די פינצטערקייט ווערט דורכגעשניטן דורך לאַמטערנדלעך, וואָס איינער, אַ צווייטער פאַרבייגייער באַנוצט... די פינצטערקייט פאַרשטעלט אַלץ. יעדער אויפלויכטנדיקער פאַסיק שײַן קומט מיר אויס געוועגדט דווקא אויף מיר. ס׳קלאַפּט דאָס האַרץ מיט אומרו — עס גייט דאָך עפּעס אַ „פאַרברעכער״. אַ ייִד איז אַרויס דורכן צוים, אַנטלאָפן אין שטאָט און נאָך דערצו מיט אַ טריפהנער שליחות. די שליחות גיט מיר אָבער צו מוט. די מורא־געפילן און צווייפלען פאַרשווינדן. מיר שניידן דורך גאַס נאָך גאַס, דערנענטערן זיך צו ווילקאָמירער שאָסיי. דער באַקאַנטער באַרג ווערט מיר מיט אַ מאָל נאָענט. דאָ בין איך יאָרן־לאַנג געגאַנגען צו דער אַרבעט און צוריק.

מיר שטייגן אַרויף דעם באַרג. די געדיכטע פינצטערניש שטייגט מיט אונדז. מיר פאַרדרייען זיך אין אַ קווערגאַס און קומען צום הויז נר׳ 40. ר. גייט צו צו איין טיר, צו דער צווייטער. ערשט דורך דער דריטער גייען מיר אַריין. עס הערט זיך די סקריפּעניש פון דער קיכטיר, ס׳ווערט ליכטיקער אין קאָרידאָר. פאַר מיינע אויגן שטייט אַן עלטערע פרוי אין די זעכציקער מיט אַ ברייטן מאָנגאָלישן פּנים, אַ וואַקסענעם אָן קנייטשן, מיט שמאָלע, טיפע אויגן, אָנגעצויגענע דינע ליפּן. זי האָט הויכע בריסט, טראָגט אַ גרויען שירץ און גרויסע שליורעס. זי גיט מיר אַ האַנט און זאָגט: „זאַידיטע״ [14].

דאָס איז די באַלעבאָסטע פון דער דירה. אַליין איז זי אַ כאַרקאָווער, האָט אין קאָוונע אַ פּלעמעניצע. זי איז אַהער ניט לאַנג געקומען, געקראָגן אַרבעט אין אַ פאַבריק, און ס׳איז אויסגעבראָכן די מלחמה.

איך קום אַריין אין קיך. דאָ נעמט ר. זיך אַרומדרייען ווי ביי זיך אין דער היים. פון אַ זייטיקער טיר גייט אַריין אַן אויסגעצערטע בלייכע פרוי. זי באַגריסט זיך פריינדלעך. איר האַנט איז ביינערדיק, סקעלעטיש. אירע

[14] קומט אריין (רוסיש).

ציינער טיילן זיך בולט אויס צוליב דער מאָגערקייט און לענגלעכקייט פון געזיכט. נאָר אין די אויגן גליִען פייערן. זי רעדט אַ שנעלן, זיך פּלאָנטערנ־דיקן רוסיש. ביים קליינעם הינקעדיקן טישל לאַדט זי מיך איַין צום זויערן און ביטערלעכן באָרשטש מיט שמעקעדיקן דאָרפישן ברויט.

— באַלד וועט קומען יואַזאַס — זאָגט זי — וועט איר זיך דורכריידן וועגן וואָס איר דאַרפט. דערווייל עסט און שפּירט זיך ווי ביי זיך אין דער היים.

זי פּילט אַז איך זשאַלעווע עסן דאָס ברויט, און שטייט אַלץ צו:

— יעשטע, יעשטע! [15]

די דאָזיקע פרוי שטאַמט פון אַ רוסישן דאָרף אין זאַראַסיַיער קרייז. יואַזאַס איז איר מאַן.

דאָס טונקעלע עלעקטרישע לעמפּל פינטלט. איך בלאָנדזשע אומגע־דולדיק מיטן בליק אויפן אַרום. די כאַרקאָווער טאַנטע האַלט אין איין שילטן דעם דייטש און זאָגט:

— מיר וועלן אים דערשטיקן. מיר האָבן גענוג מיליטער און געווער. און ניט נאָר פאַר אים, נאָר פאַר וועמען מען וועט נאָר דאַרפן...

פון הויף דערטראָגט זיך אַ באַוועגונג. מיר דערהערן אַ געשפּרעך. צו דער פענצטערשויב רירט זיך צו אַ פינגער, קלאַפּט אויס פונקטן... ר. פירט מיך אַיַיליק אַריין אין אַ זייטיקן צימער, פון וועלכן ס׳איז פריִער געוועזן אַרויס יואַזאַסעס פרוי. פון דאַנען פירט זי מיך אין דער פינצטער אַריין אין אַ צווייטן צימער, צינדט אָן אַ טישלעמפּל מיט אַ טונקעלן אַבאַזשור. כאָטש זי באַרויִקט מיך און זאָגט אַז ס׳איז אַן אייגענער, פון דעסטוועגן באַאומרויִקט עס מיך. איך וויל ביי ר. דערגיין, ווער זענען עס די אַלע מענטשן. זי קלייבט זיך אָבער אין איר נאַרישקייט ניט פונאַנדער. זי זאָגט נאָר אַז יואַזאַס איז אַ „גאַנצער קנאַקער", אַז דאָ איז דער שטאַב, דאָ קומען צו גיין רויטאַרמייערס, אַנטלאָפענע פון געפאַנגענשאַפט, מאַיאָרן, לייטענאַנטן. עס קומען פאַרטייערס און קאָמיוגיסטן, רוסן און פּאָליאַקן, איניקע ליטווינער. וואָס מער זי פּלוידערט, אַלץ מער ווער איך איבער־צייגט אַז מען היט זיך דאָ ניט פאַר איר. און דאָס וווּנדערט מיך. זי גייט

---

[15] עסט, עסט (רוסיש).

אַרויס. אַ ווײַלע בלײַב איך אַליין, קוק זיך אָן אינעם פּאַרטונקלטן שנײַ־דערשן שפּיגל, דערזע זיך אין דער גאַנצער גרייס, פון קאָפּ ביז פוס. ס׳באַשטעטיקט זיך אויך ביי מיר אין די אויגן די פעסטשטעלונג פון מיינע חברים — כ׳האָב זיך אַזוי געביטן, אַז מען קאָן מיך קוים דערקענען. איך זע אויס אַזוי שייגעצעוואַטע, אַז קיינעם קאָן גאָרנישט איינפאַלן אַז איך בין אַ ייִד.

אין צימער קומט אַריין אַ נידעריקער ליטווין מיט אַ פּאַרמאַטערט פּנים. דאָס איז יואָזאַס. ער רעדט שטיל און פאָרזיכטיק. צייטנווייז דאַרף מען זיך אָנשטרענגען, כּדי צו דערהערן וואָס ער זאָגט. יעדע ווײַלע גיט ער אַ טיפּן אָטעם, ווי ס׳וואָלט אים פאַרפעלט לופט.

מיר רעדן וועגן זייטיקע ענינים. מיידן אויס דעם עיקר. דער הויפּט־געשפּרעך איז די ייִדן־פראַגע. ער פאַראינטערעסירט זיך לכתּחילה, אָבער באַלד פיל איך אַז זיין אינטערעס לאָזט נאָך. עס קומט אַריין נאָך עמעצער. ער באַקענט אונדז. ס׳איז אַ רוס מיט איין האַנט. אַ האַרט, פאַרגליווערט פּנים. ער האָט טענות צו די ייִדן, פאַר וואָס מען שטעלט זיך ניט קעגן דעם דייטש. איך גיב אים צו פאַרשטיין אַז עס זענען פאַראַן ייִדן, וועלכע שטעלן זיך יאָ קעגן און וועלן זיך קעגנשטעלן. מיר רעדן פאָרזיכטיק און טרויען ניט איינער דעם צווייטן. זיי זענען איבערצייגט, אַז דעם פּופּצעטן נאָוועמבער וועט זיין אַ נייע אַקציע אויף ייִדן. דאָס וועט זיין דער פּרוּוו־שטיין, צי די ייִדן וועלן זיך לאָזן נעמען, צי ניט.

עס ווערט שפּעט. דער געשפּרעך איז ניט אינטערעסאַנט און ברענגט ניט צו קיין שום קאָנקרעטע אויספירן. מיר לייגן אָפּ אויף מאָרגן זיך ווייטער דורכצושמועסן.

אויף דער ערד ליגט אַ דעקע. ר. שפּרייט זי אויס, וויקלט צונויף ביי דער וואַנט אַן אַלטן מאַנטל. דאָס איז אונדזער געלעגער. ר. לייגט זיך ביי דער וואַנט. איך לייג זיך דערביי. עס כאַפּט מיך אָן אַ שלאָף. איך שלאָף שווער. דער פּלאָנטער אין די געדאַנקען ווערט גרעסער און גרעסער. איך מאַך זיך קלאָר דעם מאָרגנדיקן געשפּרעך: וועגן הילף פאַר אונדז, וועגן באַזאָרגן מיט שפּייז די קראַנקע, וועגן מאָביליזירן כּוחות פאַר אויפקלע־רערישער און אָרגאַניזאַציאָנעלער אַרבעט.

אין פינצטערן באַגינען וועקט מיך די כאַרקאָווער טאַנטע. ר. ליגט שוין ניט לעבן דער וואַנט. זי איז שוין פריִער אויפגעשטאַנען. איך שלאָף

דער לעצטער אין שטוב. די רוסין טראָגט מיר צו אַ גלאָז טיי און ברויט מיט קעז. פון קיך דערטראָגן זיך פאַרשיידענע קולות. עס מישן זיך די שטימען, מען אַמפּערט זיך:

— מען דאַרף ניט מאַכן פון אַ מענטשן קיין צימעס...

— איך האָב גלייך געזאָגט אַז ער איז אַ פּראָוואָקאַטאָר...

— מען דאַרף אים שיקן אין ווילנער קאָנט אויספאָרשן די לאַגע.

— ס׳איז נייטיק אַ באַשלוס... דו זאָגסט, ס׳איז דרינגלעך, און פאַר־ציסט שוין דעם ווײפלטן טאָג.

— קאָלקע האָט ניט קיין ראַדיאָ־שיקער. ער זאָגט ליגן.

איך קוק זיך איין דורכן לעכל פון טירשלאָס. כ׳הער פינף, זעקס שטימעס און זע קײנעם ניט. איך צי אָפּ די טיר און קוק דורכן שפּאַלט. כ׳דערזע ענערגישע פּנימער. דאָס זענען רוסן און פּאָליאַקן — אָפּגעריסענע, אויסגעצערטע. דערזע שטרענגע פייערן אין זייערע אויגן. אייניקע זיצן, אַנדערע שפּאַנען איבערן צימער. עס שאַרט זיך צו מיר אַריין ר., פאַר־ברעכט קינדעריש מיט די הענט:

— אוי, וואָס דאָרט טוט זיך! ס׳האָט זיך איינגעפונען אַ פּראָוואָקאַטאָר. זיי צעלויפן זיך אַלע.

ס׳פאַרדריסט מיר, וואָס אַזעלכע געשפּרעכן קומען פאַר אין דער אָנ־וועזנהייט פון ר., ניט אָפּהיטנדיק זיך פאַר מיר און אַזוי הויך, אַז אַ זייטי־קער וואָס וואָלט געוואָלט זיך צוהערן, וואָלט עס לייכט געקאָנט טאָן. כ׳קום נאָך ניט צו זיך און קלער אַלץ איבער וועגן דעם ווו איך בין אַריינגע־פאַלן, ווי ר. האָט מיר פאַר אַלעמען אַריינגעשושקעט אין אויער, מיט וועמען איך קאָן רעדן און מיט וועמען ניט. איך שטיי אַ צע־טומלטער און שווייג. כ׳זוך יואַזאַסן. ער איז אָבער ניטאָ. גלייך באַגינען איז ער פאַרשוווּנדן. אויף אים וואַרט איך מיט אומגעדולד און קלער אים עפענען די קאָרטן, זאָגן ווער איך בין און וואָס איך וויל.

ערשט מיטאָגצייט קומט ער צו גיין, רופט מיך אָפּ אין אַ זייט און פרעגט, וואָס איז מיין ווּנטש און פאַר וואָס שווייג איך.

איך ענטפער אים אויך מיט אַ פראַגע: פאַר וואָס ער שוויגט. ווען מיר וואָלטן זיך געקענט פון פריִער, וואָלטן אונדזערע באַציִונגען אַוודאי אַנדערש אויסגעזען.

נאָך אַ קורצן און פלינקן ווערטער־אויסטויש גיט ער מיר צו פאַר־

שטיין, אַז אויב אין געטאָ זענען פאַראַן פאַרטיייִשע און אומפאַרטייִשע, אויף וועלכע מען קאָן זיך פאַרלאָזן און וועלכע זענען גרייט צו פאַרטיזאַנישער אַרבעט, וועט מען זיי דאַרפן איבערהייבן ביסלעכווייז אין שטאָט און שטעלן אין רשות פון „קאָמיטעט פון רויטע פאַרטיזאַנער". אַזוי ווי דאָס איז פאַרבונדן מיט מאַטעריעלע שוועריקייטן, דאַרף מען זען די מיטלען צו שאַפן. די זאַכן, די קאָסטבאַרקייטן, דאָס געלט — אַריבערפירן פון געטאָ אין שטאָט.

איך האָב ניט קיין מינוט צייט אויף אַ יִישוב־הדעת און בין מיט אים איינשטימיק. איך בעט אים אַפילו היינט מיטשיקן אין געטאָ אַ פּאָר חברים, וואָס זאָלן העלפן אַרויסטראָגן קליידער, איבערהויפּט ווינטערזאַכן פאַר די „רויטע פאַרטיזאַנער" — פעלצלעך, וואָלנס און אַנדערע, וואָס מיר וועלן געפינען.

יואָזאַס רופט אַריין דעם שוואַרץ־חנעוודיקן, ייִדישלעכן קאָלקען, וועלכער האָט אַן אָפּנהאַרציק דאַנקבאַר געזיכט, און וואַנקען, דעם אַ ביסל מגושמדיקן און שטענדיק פאַרפולטן מיט פרעטענזיע. זיי זיצן דאָ אַ גאַנצן טאָג, טרעטן ניט אָפּ פון יואָזאַסן און זענען גרייט צו גיין אין פייער און וואַסער. זיי ביידע דאַרפן עס גיין מיט מיר. יואָזאַסעס ווייב וועט מיטגיין מיט ר.

— מיר וועלן זיך נאָך היינט ביי נאַכט אומקערן אַלע פינף, אפשר מיט אַ זעקסטן — זאָג איך.

פינף אַ זייגער גיי איך מיט קאָלקען און וואַנקען צום געטאָ. דאָס ערשטע מאָל גיי איך איבער קאָוונער גאַסן אין טאָגליכט, פאַר נאַכט. ס׳איז קאַלט, פראָסטיק. מיר דרייען זיך ביים ניעמאַן־ברעג, איבער אַלעקסאָטער בריק, וואַרטן אָפּ די פלוגפלאַץ־אַרבעטערס וואָס דאַרפן זיך אומקערן אין געטאָ. עס רוקט זיך אַלץ נענטער דער אָוונט. ס׳ווערט פינצטער. מיר דרייען זיך הין און צוריק. וואַנקע פאַרלירט דאָס געדולד און גייט אַוועק. איך באַשליס מיט קאָלקען צו גיין צום געטאָ־טויער. אפשר האָבן מיר שוין די אַעראָדראָממשטשיקעס פאַרזאַמט, וועט מען זיך דאַרפן אָנשליסן אין אַ צווייטער בריגאַדע. מיר גייען שנעל, געטראָגענע פון די שמײַסנדיקע ווינטן. ס׳קלינגט שוין דער שטאָטזייגער זיבן. איבער די טויטע גאַסן טראָגט זיך דער זייגערקלונג — קלאָפּ נאָך קלאַפּ. עס איז שוין גוט פינצטער. מיר גייען אַריבער די סלאָבאָדקער בריק, פאַרדרייען זיך אויף

קריקשטשוקיַיטשיאַ־גאַס.ביים טויער ברענט אַן עלעקטריש לעמפּל. קיין בריגאַדעס זענען ניטאָ.

— קאָלקע, מיר ציִען דורכן צוים — זאָג איך צו אים.

ער ענטפערט מיר נישט, מאַכט אייניקע טריט אויף צוריק און ווייזט מיר די פּאַטרולן. איך וואַרף האַסטיק אַראָפּ פון זיך דעם מאַנטל.

— נעם עס — שליַידער איך אים צו דעם מאַנטל און טו זיך אַ וואָרף צום צוים. כ׳שטופּ דורך איין פוס, וואַרף דורך דעם קערפּער און הייב די צווייטע פוס אַריין אויף דער צווייטער זייט דראָט. די פּלייצע האָט זיך פאַרטשעפּעט און לאָזט ניט אָפּ. איך גיב מיט כוח אַ ריס, כ׳פּאַל אַזש אום אויף די הענט, הייב זיך אויף ווי אַ געניטער טורנער אין שוועדישער גימנאַסטיק און לויף שנעל איבערן פוסטן געטאָ־געסל אַלץ ווייטער פון צוים. וואָלט עס עמעצן איינגעפאַלן, קאָן זיך אויף דעם דער פּאַטרול ריכטן און צי קאָן ער פאַרהיטן פון אַזוינע פאַלן זיין פּרעסטיזש אַלס שומר?

איך גיי אַריין צו ר. דאָס איז מיין ערשטע סטאַנציע. ר. און יואַזאַסעס ווייב זענען געקומען פינף אַ זייגער. איך בין געקומען ערשט אַכט. דאָרט זיצן שוין אַ פּאָר פון אונדזערע חברים. ר. און יואַזאַסעס ווייב ווען באַלד גיין צוריק. זיי רופן אויף מיך. איך זאָג זיי ניט צו. איך האָב אַ שלעכט פאָרגעפיל. וואָס איך טו מוז איך גוט באַטראַכטן. איך קאָן ניט גיין צוריק גאָרניט אויפטוענדיק, גאָרניט אָפּרעדנדיק מיט די חברים. ר. און יואַזאַסעס פרוי זענען מיט מיר ניט צופרידן און גייען אַליין צום צוים. איך רעד מיט זיי אָפּ אַ פאַרבינדונג, דורך וועלכער זיי זאָלן מיר מאָרגן מיטטיילן וועגן חשד און דער פּראָוואָקאַציע און וועגן אַנדערע ענינים, וואָס יואַזאַס וועט האַלטן פאַר נייטיק. עס פאַרדריסט מיר, וואָס אַלץ גייט דורך ר. און וואָס זי איז וועגן אַלץ אינפאָרמירט.

מיר גייען אַרויס, פאַרקלייבן זיך אויף אונדזער סאַלאָן־מעסיקן „טריפה־נעם" בוידעם־שטיבל, איך אינפאָרמיר עטלעכע חברים ווי עס האַלט די לאַגע. מיר באַשליסן ווייטער צו ריזיקירן, גיין אויפן אַנגעהויבענעם וועג. מיר מאַכן זיך קלאָר, ווער עס וועט פון די ערשטע דאַרפן זיך אָנשליסן צו די קאַמפסגרופּן, וועלכע זאַכן מען דאַרף אָנגרייטן, וועלכע פון זיי מען וועט קאָנען איבערגעבן די פּאַרטיזאַנער. מיר באַשליסן אויך איבערצוגעבן זיי פונעם ביסל גאָלד וואָס געפינט זיך אין אונדזער רשות אויף די הוצאות פון דער באַוועגונג.

איך וואַרט שוין מיט אומגעדולד אויפן מאָרגנדיקן טאָג וואָס דאַרף ברענגען עפּעס אַ ידיעה פון שטאָט. די נאַכט ציט זיך לענגער ווי שטענדיק. כ׳בין מיד, ניט אויסגעשלאָפן און דאָך שלאָפט זיך ניט. איך קלער אַלץ איבער, ווייל נאָך אַ מאָל אַלץ פאַרדייען, כּדי צו מאַכן וואָס ווייניקער פעלערן. איך שלאָף אײַן שפּעט. דאָך בין איך אין פריִען באַגינען שוין אויף.

דער טאָג גייט אַוועק אין אומגעדולדיקער דערוואַרטונג. אָט ווערט שוין ווידער טונקל. עס פאַלט אַ טרוקענער שניי. פאַלט און פאַרשווינדט. מען קערט זיך אום פון דער אַרבעט אין שטאָט. קיין גרוס ברענגט מען מיר אָבער ניט. עס גייט אַוועק אין דערוואַרטונג נאָך אַ טאָג. אויפן דריטן טאָג באַשליסן מיר, איך זאָל גיין אין שטאָט.

אין קאַלטן באַגין שטעל איך זיך צו צו אַן אַעראָדראָם־קאָלאָנע און כאַפּ זיך ווי אַ גנב אַרויס מיט זיי דורכן טויער. איך גיי ניט ווייט, שטודיר אויס, וויפל פּאָסטנס עס באַגלייטן אונדז, ווו זיי שטייען. איך נוץ אויס די געלעגנהייט אויף דער סלאָבאָדקער בריק, כאַפּ זיך אַרויס פון דער ריי, שפּרינג אַרויף אויפן טראָטואַר און שפּאַן אַוועק צו דער שטאָט־צו. די קאָלאָנע בלייבט הינטער מיר. ווערמען ווערט עס איינפאַלן, אַז דאָס איז אָט דער פראַנט, וואָס איז מיט אייניקע טעג צוריק געווען אַרויס פון געטאָ. די ברוינע הוט מיטן פעדער אין זייט, דעם בלויען מאַנטל מיטן ברייטן שנאָל, דעם בונטן שניפּס מיט די ווייסע פונקטן האָב איך געהאַט איבער־געלאָזן אין שטאָט. איצט בין איך געוואָרן אַ פויער — אַ קורץ שוואַרץ פּעלצל מיט אַ בייסיקן פוטערנעם קראַגן, קיילעכדיקע צעקנייטשטע קאַר־טענע הויזן, גרויסע טשאַבאַטעס אויף די פיס, מגושמדיקע הענטשקעס, אין וועלכע עס שטעקן מאָגערע, ווייניק אויסגעאַרבעטע הענט, אין אַ פּעלהיטל מיט אַראָפּגעלאָזטע אויערלעך און בלאָנדע, אויף אַרויף פאַר־דרייטע וואָנצעס. פאַרגרימירט ווי אַ דאָרפסיונג אין יידישן טעאַטער. בלויז דער גאַנג, די האַלטונג דאַרף זיין ווי געהעריק, וועט שוין קיינער ניט צווייפלען אַז איך בין אַ גוי. איך גיי דורך דער שטאָט רויִק, זיכער. כ׳באַקוק די באַוואַכטע קאָלאָנעס יידן, וועלכע לאָזן זיך אַראָפּ פון סלאָ־באָדקער בריק אין דריי ריכטונגען: צו אַלעקסאָט (דורכן מאַרק), צו יאַנע־ווער גאַס און פאַרשיידענע פּונקטן אין שטאָט. איך בין אַ „גלייכבאַרעכ־טיקטער״ גייער אין שטאָט. פלוצעם בין איך עס געוואָרן. כ׳האָב זיך אַליין גענומען דאָס רעכט אויף דעם, און קיינער שטערט מיר דאָס גאָרנישט.

עס וואַקסט די זיכערקייט, די דרייסטקייט, די צופרידנקייט. איך בין שטאָלץ וואָס איך בין זיכער אין זיך, דרייסט און צופרידן.

די באַגעגעניש מיט מיר אין הויז נר׳ 40 איז אַ זייער קאַלטע. יואַזאַס וויל גאָר מיט מיר ניט רעדן. פאַר וואָס בין איך עס ניט געקומען גלייך מיט זיי, מיט זיין ווייב און ר.? איך דערקלער אים אַז ס׳האָט ניט געהאַט קיין זין, כ׳האָב קיין זאַך ניט געקאָנט באַווייזן אויפצוטאָן. ער קוקט אויף מיר מיט חשד און דערציילט מיר, אַז גלייך ווי זיי זענען דורכגעקראָכן דעם צוים, האָט מען זיי געכאַפּט, אַוועקגעשלעפּט אין פּאָליציי. זיי האָבן זיך קוים אַרויסגעקליבן מיט די ביינער. ער דערציילט עס און קאָנטראָ־לירט מיין רעאַקציע, ווי ער וואָלט וועלן פעסטשטעלן, צי האָב איך ניט קיין חלק אין פאַרהאַלטן די פּרויען... איך בין זיכער אין זיין דאָזיקער מחשבה. ער האָט אָבער גלייך אויף דעם חרטה און רופט מיך אַריין אין צווייטן צימער.

איך דערצייל אים אַז ס׳זענען אָנגעגרייט בגדים פאַר פּאַרטיזאַנער. אויך אַ טייל פון אונדזערע חברים איז גרייט צו גיין אין וואַלד. כ׳האָב אויך מיטגעבראַכט אַ ביסל געלד. מיר וואָלטן אַלץ אָפּגעגעבן כּדי זיך צו פאַרבינדן מיט די קעמפּפערס אויף לעבן און טויט. כּדי די באַציִונגען אונ־דזערע זאָלן זיין אָפנהאַרציקע און אונדזערע חברים זאָלן מער זיין זיכער אַז ס׳איז אַלץ אין אָרדענונג, וואָלט איך געוואָלט זיך טרעפן כאָטש מיט איין חבר פון דער פּאַרטיי, פון מאָפּר, פון פּראָפּאַראַיין, וואָס זענען איצט טעטיק. אונדזער געמיינזאַמע אַרבעט וואָלט דעמאָלט געהאַט גאָר אַן אַנדער אויסזען.

מיין ווונטש וואַרפט ער קאַטעגאָריש אָפּ. די איינציקע זאַך וואָס איך קאָן, איז אים ניט טרויען...

איך דערקלער אים אַז ניט וועגן דעם האַנדלט זיך.

ער גייט אָפּ פון מיר, פאַרטוט זיך אין די דאָקומענטן וואָס איך האָב אים מיטגעבראַכט. לייגט אין יעדן פּאַס־בלאַנק אַריין אַ בילדל און פאַר־שליסט אין שופלאָד.

די קיך איז שוין פול מיט רויך פון ליולקעס און פּאַפּיראָסן, פול מיט פאַרשיידנאַרטיקע שטימעס. דעם טומל רייסט איבער אַ גרילציקער מאַרש פון דייטשישע סאָלדאַטן וואָס מאַרשירן פאַרביי. אַלע באַלאַגערן די פענצ־טער און קוקן אויף זיי פון הינטער די גאַרדינען. אין צימער דערהערט זיך:

— פאַרשאָלטענע! אויף איין תליה אויפהענגען! אויסשטעכן זיי די אויגן דאַרף מען! דערווערגן, און שוין!

קאָלקע כאַפּט זיך צום ברויזינג.

— רעדט ניט, טוט בעסער — שאָרשעט צווישן די שטימען ר. מיט איר בת־קול.

די אַלע פנימער זענען מיר שוין באַקאַנט. זיי היטן זיך ניט פאַר מיר. מיך רעגט דאָס אויף. כ׳פאַרשטיי ניט דעם קאָנטראַסט: אַזאַ קאָנספּיראַ־ציע־בראַך און דיסציפּלינלאָזע האַלטונג פון פּאָפּולאַריזירן אַ וווינונג, מאַכן זי פאַר אַ קלוב ווו מען קומט זיך צונויף סתם צו שמועסן, דעמאָנסטרירן געווער, זיך ניט היטן פאַר ר., פאַר מיר... דאָס אַלץ דולדעט יואַזאַס. און פון דער אַנדערער זייט — זיין פאַרזיכטיקייט אין די רייד מיט מיר, זיין ניט ווען פאַרבינדן מיך אויף העכער. מען דאַרף פאַרשטיין די סיבה וואָס ער וויל מיך ניט פאַרבינדן, כאָטש ער האָט געדאַרפט זיין צו מיר מילדער און צו די אַלע אין קיך — שטרענגער.

איך באַמערק ניט ווי יואַזאַס גייט אַוועק. אַלע גייען אַריין אין צווייטן צימער. נאָך אַ קורצער באַראַטונג פאַרשווינדן זיי דורך אַנדערע טירן.

מיין שטימונג איז ניט גוט. אין דער פרי האָב איך פאַרויסגעזען אַ גיכע אַנטוויקלונג אין די באַציִונגען, אַ שנעלע פאַרבינדונג אויף העכער. איצט זעט אויס אַז די ענינים שטייען אויף איין אָרט. איך זיץ ביז פיר אַזייגער אין הוילער דערוואַרטונג. האַרט פאַר פיר קומט יואַזאַס מיט אַ הויכן שטראַמען רוס. זיי רופן מיך אָפּ אין אַ זייט און גיבן איבער אַ וויכטיקן באַשלוס: פון היינט אָן דאַרפן די רוסן און פּאָליאַקן אין ליטע זיך אָנהייבן צו קלייבן אין די פאַר זיי באַשטימטע געטאָ־קוואַרטאַלן. דער קאָמיטעט פון די פאַרטיזאַנער האָט באַשלאָסן אויסצונוצן דעם מאָמענט און אַגיטירן ניט צו גיין אין אָט די געטאָס, וואָס זענען אין דער אמתן דאָס פאָדערהויז צום שחיטה־צענטער אינעם נײַנטן פאָרט. אַהין האָבן די דייטשן פריִער געפירט די ייִדן; וועלן זיי אויך פירן די פּאָליאַקן און רוסן. סיי יונג, סיי אַלט, אַלע ווערן אַגיטירט ניט צו גיין אין געטאָ.

דער רוס שלאָגט איבער יואַזאַסן און הייבט אָן מיט קוראַזש:

— מיר צעברעכן דאָס מעבל, פאַרברענען דאָס געהילץ, רייסן אויף דאָס בעטגעוואַנט, פאַרשמירן די קליידער, גיבן איבער די קינדער צו שכנים און לאָזן זיך אין וועג צו די פּוילישע געביטן. קיין זאַך וועט די

היטלער־באַנדע פון אונדז ניט באַקומען. נאָר דעם טויט וועלן זיי פון אונדז זיך דערוואַרטן, מיט הייס און קאַלט געווער און מיט הוילע הענט. די פרויען וועלן זיי פאַרסמטע פוטער פאַרקויפן. אונדזערע קינדער וועלן זיי די אויגן אויסשטעכן, ווען זיי וועלן שלאָפן. מיר וועלן זיי די גאָרגלען איבערבייסן, די הויט אַראָפּשינדן. מיר וועלן אומקומען, אָבער אויך זיי אומברענגען...

יואָזאַס האַלט אָפּ דעם רוס אין מיטן די רייד:

— האָסט דאָך גאָר פאַרגעסן אַז ס׳איז ניט קיין מיטינג.

דאַן ווענדט ער זיך צו מיר:

— גיי צוריק און גרייט צו די חברים צום מאַרש. מיר וועלן אייך מיטטיילן, ווען און ווהין מיר וועלן אַרויסגיין. שטעלט פעסט, ווער עס גייט פון אייך.

איך ווער איבערראַשט, צעטומלט און ריר זיך ניט פון אָרט. דער באַשלוס איז געקומען פּלוצעם. מיר זענען ניט צוגעגרייט, ניט טעכניש, ניט פּסיכאָלאָגיש. איך וויל זיך אַנטאָן און לויפן, כאָטש ס׳איז מיר ניט קלאָר וווהין. עס קומען אַריין נאָך אייניקע רוסן. זיי ווענדן זיך צו ר. און צו יואָזאַסעס פרוי:

— מיר קלייבן זיך אין וועג. מען דאַרף זיך צואײַלן. געסטאַפּאָ האָט אויסגעשטעלט ביי די אַרויסגענג פון שטאָט לייכטטורעמס מיט קוילן־וואַרפערס. זיי היטן די וועגן. מען דאַרף וואָס שנעלער פאַרלאָזן די שטאָט.

איך באַטראַכט אים, דעם הויכן, ווזקסיקן לייטענאַנט. ער גייט אַ שמאַלן, כמעט קינדערשן מאַנטל מיט צעלעכערטע זומערדיקע סאַנדאַלן. איך לייג אים פאָר זיך בייטן מיט די בגדים, כאָטש איך קלער אויך זיך צו לאָזן אין וועג. איך גיב אים צו פאַרשטיין, אַז מיר איז לייכטער צו קריגן אַנדערע זאַכן. איך גיב אים אָפּ מיינע שיך און טו אָן זיינע סאַנדאַלן. איך גיב אים אָפּ מיין מאַנטל וואָס איז דאָ געהאַנגען פון פריִער. ער טוט אים אָן מיט פאַרגעניגן און שפּירט זיך באַקוועמער, זיכערער. איך געזעגן זיך פון אים מיט דער האָפענונג אַז מיר וועלן זיך באַלד ווידער זען אין וועג.

ס׳איז שוין נאָך פיר אַ זייגער. איך אײַל צו דער קעסטוטשיאָ־גאַס, כדי נאָך צו באַווייזן זיך אָנשליסן אין אַ יידישער בריגאַדע און קומען אין געטאָ. די געדאַנקען מישן זיך אין קאָפּ. איך קלער דורך דעם באַשלוס זיך צו לאָזן אין וועג. מען טאָר זיך ניט לאָזן אויסקוילען. אין געטאָ האָבן

די דייטשן דעם פולן קאָנטראָל איבער די מענטשן און קאָנען טאָן מיט זיי וואָס זיי ווילן. אויב מען קאָן ניט איינהאַלטן דעם מענטשן־מאַטעריאַל וואָס איז גרייט צו קעמפן, ביז דער צייט ווען מען וועט דאַרפן אַנטוויקלען די אַקטיוויקייט אויף אַן אָרט, דאַרף מען אַרויסגיין פון געטאָ. אַרויסגיין און שטרעבן צו די געביטן וואָס דערמעגלעכן מער אָדער ווייניקער אַ פּאַרטיזאַנישע טעטיקייט. שטרעבן אַהין ווו אַזאַ טעטיקייט איז שוין פאַראַן, און ווו די מערהייט באַפעלקערונג וועט גוט אויפנעמען און אַנטקעגנקומען די קעמפערס קעגן די דייטשן.

פּאַר נאַכט קום איך אין געטאָ. ווידער קלייבן זיך צונויף די חברים. מען דיסקוטירט די פראַגע פון לאָזן זיך אין וועג. מען פאַרלאַנגט פון מיר איינצלהייטן. דער באַשלוס האָט אַלעמען געטראָפן אומגעריכט. מען איז פשוט ניט צוגעגרייט. איך קאָן אָבער קיין שום גענויערע פרטים ניט אָנגעבן, ווייל איך ווייס זיי אַליין ניט.

— ווי ס'זאָל ניט זיין, בעט איך אייך, חברים, אַ דערלויבעניש צו גיין — דערקלער איך.

אַלע באַוועגן מיט די הענט אויף „שאַ״.

— צען מאָל מעסט, איין מאָל שנייד! — דערהערט זיך.

מען קלאַפּט אין טיר. אַן אומבאַקאַנטע פרוי טראָגט אַריין אַ בריוול און זאָגט, אַז ס'איז פון ר. מיר לייענען די קאָטשערעוואַטע האַנטשריפט: „מיר גייען אַרויס היינט אָוונט אויף דער ריכטונג צו ב־טער וואַלד, ל־ער דאָרף, פּאַראָל „אַ־איקס״. גייט אַרויס היינט, ניט שפּעטער — מאָרגן. אויב איר וועט ניט באַווייזן, וועט איר גיין מיט דער צווייטער פּאַרטיע. גריסט מיין שוועסטער. זאָגט איר וועגן קיין זאַך ניט אויס״.

מיר ווערן געטראָפן ווי פון אַ דונער. ווי גיך עס בייטן זיך דאָרט אין שטאָט די באַשלוסן. ערשט מיט פינף שעה צוריק האָט זיך גערעדט וועגן אַרויסגיין אין אייניקע טעג אַרום. און איצט — שוין היינט.

— מיר קאָנען אַזוי ראַפּטעם זיך ניט אָרגאַניזירן.

— גיין אויף אַ זיכערן דורכפאַל האָט ניט קיין זין.

אַזוי זענען די מיינונגען פון די חברים. מיר באַשטימען זיך צוגרייטן צו דער צווייטער פּאַרטיע.

אין אייניקע טעג אַרום באַקומען מיר גרוסן פון דער גרופּע. די אָנטיילנעמערס זענען אַרויס, זענען אָנגעקומען אויפן באַשטימטן פונקט

און האַלטן זיך דאָרט אויף. יואָזאַס איז געפאָרן אויף אַ וועלאָסיפּעד פעסט־צושטעלן דעם ווייטערדיקן מאַרשרוט. דאָס אינפאָרמירט מיך יואָזאַסעס שוואָגער.

ערשט אין אַ וואָך אַרום הערן מיר וועגן דעם גורל זייערן. די קאָמפּאַניע האָט זיך צעשאָטן. אַ טייל איז אַוועק אין די דערפער, זיך איינגעאָרדנט. אַ טייל האָט זיך פאַרקליבן אין וואַלד. אויך דאָס געווער איז געווען קאָנצענטרירט אין וואַלד. דורך אַ פּראָוואָקאַטאָר האָט פּאָליציי זיך וועגן דעם דערוווּסט. דער וואַלד איז געוואָרן אַרומגערינגלט. וואָכן האָבן ליטווישע באַנדיטן אונטער דער אָנפירונג פון דייטשן געריייניקט די געגנט. ס׳זענען געפאַלן קרבנות פוןביידע זייטן. ביז דער לעצטער קויל האָבן די פּאַרטיזאַנער זיך אָפּגעשאָסן. דאַן האָט מען זיי גענומען געפאַנגען, צווישן זיי יואָזאַסעס ווייב, ר. און אַנדערע. זיי פאַרשפּאַרט אין קאָוונער תּפיסה. נאָך פאַרשיידענע אויספאָרשונגען, פּייניקונגען האָט מען זיי דערשאָסן אין 9טן פאָרט. נאָר איינע איז אַרויס פון תּפיסה — ר. זי האָט בייגעשטייערט צו דער צאָל קרבנות. מיט אַ מאַשין פון געסטאַפּאָ איז זי אַרומגעפאָרן איבער קאָוונער גאַסן און געפירט ווייזן די דירות וווּהין זי פלעגט אַריינגיין... זי האָט אַ פּרעזענט דערפאַר באַקומען — איר עקלדיק, און שפּאָטביליק לעבן. זי איז באַשאָנקען געוואָרן מיט דער „פּרעמיע" פון לעבן אין געטאָ און האָט דערווייל אויסגעמיטן דעם טויט, ווי ס׳זענען געשטאָרבן די איבעריקע פּאַרטיזאַנער פון דעם מאַרש אויף ל־אַן[16].

## 2

נאָך ל־אַנער מאַרש רעווידירן מיר די שטעלונג וועגן אַרויסגיין פון געטאָ. די פאַרבינדונג מיט דער שטאָט איז איבערגעריסן. מיר ווייסן ניט גענוי ווו איז דער פראָנט. דעם דייטשישן פאָרויסמאַרש האָבן די סאָוועטישע אַרמייען אָפּגעהאַלטן. אויף פאַרשיידענע פראָנט־אָפּשניטן זענען זיי אַריבער אין אָנגריף. מיר אָבער ווייסן ניט ווי עס זעט אויס אונדזער פראָנטסעקטאָר. איין זאַך איז אָבער קלאָר — דער קאַמף קעגן דייטש אין

[16] אומקלאָר, פאַר וואָס ל—אַן. ס׳האָט זיך געהאַנדלט וועגן איביאַנער וואַלד. ס׳איז, קענטיק, אַ שרייבפעלער.

די אָקופּירטע געביטן דאַרף געפירט ווערן מיט אַ פאַרשטאַרקטן פאַרנעם.

מיר באַקומען פון צייט צו צייט בריוו פון שטאָט מיט אַ משונהדיקן אינהאַלט, אַדרעסירט צו דער ח־טע אָ [17]. אין די בריוו בעטן אַנאָנימע מ.מ. און אַנדערע זיך צו טרעפן, כּדי צו רעדן וועגן געזעלשאַפטלעכער אַרבעט און וועגן זאַכן פאַר פּאַרטיזאַנער אין די וועלדער. די בריוו שמעקן מיט פּראָוואָקאַציע און שאַנטאַזש. מיר איבערצייגן זיך שנעל אין דעם און זענען צופרידן וואָס מיר זענען צו זיי צוגעגאַנגען קאַלט און פאָרזיכטיק.

איך טרעף זיך אין געטאָ מיט דער פרוי י. [18]. איר מאַן, אַ ליטווינער, וווינט אין שטאָט. איך אינפאָרמיר זי אַ ביסל וועגן אונדזערע ענינים. אין איינעקע טעג אַרום דריקט איר מאַן אויס דעם ווונטש זיך צו טרעפן מיט מיר. ער שיקט אונדז עטלעכע אויפרופן קעגן די ליטווישע „פּאַרטי־זאַנער" וואָס דינען די דייטשן און פירן אויס די הענקער־אַרבעט, קוילען ייִדן און אַנדערע פעלקער.

מיר באַשליסן זיך צו טרעפן אין שטאָט לעבן זיין טויער, 6 אָוונט. רעדן אָפּ אַ פּאַראָל. איך גיי אַרויס „אַרבעטן" מיט דער נאַכטשיכט פון דער באַן־בריגאַדע. שוין פינף אַזייגער רו איך ניט און אַנטלויף פון דעם אַרבעטספּלאַץ, שפּאַציר איבער די קאָוונער גאַסן. ביסלעכווייז געוווין איך זיך צו צו דער שטאָט און פאַרגעס אַז איך בין אַ ייִד, אַ „פאַרברעכער". איך קוק אויף די מענטשן וואָס גייען, רעדן צווישן זיך.

אין דעם טרוקענעם פראָסטיקן אָוונט פון אָנהייב דעצעמבער גיי איך פון גאַס צו גאַס, אָטעם אַריין די „פרייע" געזונטע לופט און וואַרט אויף דער באַגעגעניש. זי קומט אָבער ניט פאָר. איך דריי זיך אומזיסט אַרום אויפן באַשטימטן אָרט. עס איז שוין פאַרביי מער ווי אַ האַלבע שעה און י. איז ניטאָ. איך גיי אַוועק אַ דערשלאָגענער. עס קאָנען זיין פאַרשיידענע סיבות.

אין געטאָ וואַרטן די חברים. זיי האָפן אַז איך וועל ווידער איינשטעלן אַ וועלכן ניט איז קאָנטאַקט. איך בין געוואָרן דער געשווירענער פּאַרמיט־לער מיט געזעלשאַפטלעכע קרייזן אין שטאָט. אַ שווערע, געפערלעכע אַרבעט איז עס. מען איז אָבער איבערצייגט אַז איך וועל עס קאָנען דורכ־

---

[17] אַליע מייזל.

[18] יוקניאַוויטשיוס.

פירן. יעדער טראָט מיינער קאָן פאַר מיר ברענגען דעם טויט. כאַפּט מען מיך, דערוואַרט מיך אַ קויל. קיין צווייטע מעגלעכקייט איז ניטאָ. און דאָך בין איך אייז־קאַלט בעת מיינע „שפּאַצירן". צו מאָל קאָן איך זיך אַליין ניט דערקלערן די סיבות פון דעם.

די באַגעגעניש איז ניט פאָרגעקומען. ווידער וואַרטן מיר אויף אַ געלעגנהייט. איך בין גרייט צו גיין, צו זוכן. איך מוז אָבער האָבן עפּעס אַ פאָדעם, אַנדערש האָט עס ניט קיין זין.

פון קאָוונע קומען אָן ידיעות וועגן טעראָראַקטן, וועגן אָפענע באָיקאָט־ און סאַבאָטאַזש־אַקטן קעגן די דייטשן. זוכן זיי צוזאַמען מיט די ליטווישע „שמעקערס" אויפצודעקן די שולדיקע. עס ווערן צענדליקער אַרעסטירט און געשאָסן. אין די רייען פון די פאָלקס־פּאַרטיזאַנער, פרייהייט־קעמפערס כאַפּן זיך אַריין טונקעלע עלעמענטן, פּראָוואָקאַטאָרן. די בעסטע, אַקטיווסטע חברים ווערן אַרויסגעגעבן דער געהיים־פּאָליציי.

אין געטאָ בייט זיך די באַוואַכונג. עס גייט אַוועק די דריטע פּאָליציי־קאָמפּאַני און עס קומט די נ.ס.ק.ק.[19] עס הייבט זיך אָן אַ פאַרשאַרפטער קורס. עס ווערן דערשאָסן ייִדן אין די גאַסן צוליב פאַרשיידענע צוטשעפּענישן. דער שטח ביים צוים ווערט דערקלערט פאַר אַ טויטזאָנע; כאַפּט מען דאָרט וועמען, ווערט ער דערשאָסן אויף אָן אָרט. דער קאָמענדאַנט מיט זיין שטאַב קלייבן זיך אַריין אין געטאָ גופא. עס ווערט איינגעפירט אַ שטרענגער קאָנטראָל ביים טויער. צו הילף די דייטשן קומען אייניקע צענדליק ליטווישע געהילף־פּאָליציסטן.

מען גיט מיר אָן אָנדייט, אַז געוויסע קאָמפּראָמיטירטע חברים וואָלטן בעסער געדאַרפט פאַרשווינדן אויף וואָס פאַר אַ ניט איז אופן...

דער חבר ל.[20] פירט אַ האַלב־סעפּאַראַטע אַרבעט און וואַרפט זיך ניט אונטער קיין באַשלוסן. ביי דער מיינונג האַלט ער זיך ביז עס וועט ניט קומען קיין „אויטאָריטעט פון שטאָט" און וועט ניט געבן קיין דירעקטיוון. ער האָט זיך אַרויסגעכאַפּט אין שטאָט צו זיינע געוועזענע ליטווישע חברים, מיט וועלכע ער איז געשטאַנען אין קאָנטאַקט. אונדזערע חברים פון געטאָ

---

[19] „נאַציאָנאַל-סאָציאַליסטישער קראַפטפאַרער-קאָרפּוס".

[20] ליוסיע (אליהו) שמועלאָוו, איינער פון די גרינדערס פון אַ לינקער ווידער-שטאַנד-גרופּע אין געטאָ.

באַשטימען, איך זאָל זיך אויך אַרויסכאַפּן פון געטאָ און ווייטער זוכן פאַר־בינדונג. איך טו עס. ביי מיר בינדט זיך עס מיט דעם זיין פון מיין שוועגערין[21] אין שטאָט. סוף דעצעמבער איז זי מיט איר קינד דורכן צוים אַרויס אין שטאָט. די קלאַנגען וועגן נייע אַקציעס אין געטאָ, אַז מען וועט פּטרן פרויען און קינדער, און די מענער וועט מען פאַרשפּאַרן אין באַראַקן אָדער אַרויספירן קיין ריגע, און ענלעכע נגישות, די קלאַנגען זענען געוואָרן גאָר אָפטע. האָט זי זיך אַנטשלאָסן צו מאַכן אַ פּרווו זיך איינצוואָרדענען אין שטאָט. זי האָט אַ ריי באַקאַנטע ליטווינער, און איך קאָמביניר אויס צו נעכטיקן ביי זיי.

אין אַ פראָסטיקן פרימאָרגן פון אַ יאַנואַר־טאָג גיי איך אַרויס פון שטיבל אויף דעם באַרג־געסל זיך צו טרעפן מיט ל. כ׳בין אָנגעטאָן אין אַ צעריסן פעלצל, פאַרבונדן מיט אַ זעג אַרום די לענדן. צי בין איך ניט קיין האָלצהעקער? איך בין עס זיכער, ווייל שוין ביי מיינע ערשטע טריט באַט מען מיר אָן אַרבעט. איך דריי זיך אַרויס פון ענטפערן. איך בין זיכער אין מיין אויסזען, איך בין אָבער אומבאַהאָלפן אין מיין באַנעמונג, אין מיינע רייד. פון יעדן ריר מיינעם קאָן מען זען, אַז איך בין ניט קיין האָלצהעקער, און אויך ניט קיין ליטווינער...

איך באַמערק אין גאַס דאָס יידישע מיידל ה.[22] זי באַמערקט מיך ניט. עס באַמערקט מיך איר מיטגייער וועלכער ווייזט איר אָן ווי איך דריי צו איר אייניקע מאָל אויס מיין פּנים. זי לויפט צו מיר צו און גיט מיר אַ קאָמפּלימענט, אַז מען קאָן מיך ניט דערקענען. מיר רעדן אָפּ אויף עלף אַ זייגער זיך טרעפן מיט ל.

איך דריי זיך אַרום צוויי שעה איבער די גאַסן — „זוך אַרבעט״. די טרעפונג קומט ניט פאָר. אומזיסט דריי איך זיך אַרום. איך דערוואַרט זיך אויף קיינעם ניט. איך גיי אַוועק אין אַ שטעל ווו עס אַרבעט אַ יידישע בריגאַדע, און שיק אַ גרוס די חברים אין געטאָ. כ׳בין זיי מודיע אַז איך קאָן מיט ל. זיך ניט טרעפן. זאָלן זיי דורך זיין פאַרבינדונגס־מענטש ה. איבערגעבן, אַז איך וועל אויף אים וואַרטן יעדן טאָג, עטלעכע טעג נאָך

[21] בוסיע, די פרוי פון מאיר יעלין, חיימס ברודער.
[22] הינדע מאַרקולעוויטש (אַ ווייטע קרובה פון די יעלינס), שמועלאַווס אַ פאַר־בינדלערין.

אַנאַנד, צען אַ זייגער אויפן וואָקזאַל אין אַ באַשטימטן אָרט[23]. ס׳איז אָבער אומזיסט. ל. קומט ניט. איך באַקום אַ גרוס פון די געטאָ־חברים. זיי בעטן אַריבערקומען צו זיי. מען מוז באַהאַנדלען די געשאַפענע לאַגע. די אָרגאַניזירטע חברים פאָדערן טעטיקייט. אין שטאָט איז דאָ אַ באַוועגונג, אַ סימן — ס׳זענען אַרעסטירט געוואָרן באַקאַנטע פערזאָנען[24]. עס ווערן דורכגעפירט עקזעקוציעס איבער געזעלשאַפטלעכע טוערס, וואָס מיר קענען אויך גוט.

איך קום אין געטאָ, דרײַ וואָכן בין איך געווען אין שטאָט. איך ברענג אַ גרוס וועגן דער לאַגע אויף די פראָנטן. די רויטע אַרמיי האָט אַריינגעהאַקט טיפע קלינען אין דעם פיינדס פּאָזיציעס. יעדער טאָג קאָן אונדז ברענגען סורפּריזן.

עס קומט פאָר אין געטאָ די ערשטע סעקרעטאַרן־באַראַטונג[25] פון אונדזער באַוועגונג. אַלע פאָדערן מען זאָל עפּעס אויפגעבן צו טאָן קאָנקרעטס, דורכפירן ממשותדיקע אַרבעט. אי.[26] דערציילט וועגן איינעם אַ לייבקע וואָס איז געקומען פון שטאָט און האָט איבערגעגעבן, אַז ער איז באַאויפטראָגט צו שאַפן דאָ קאָמפּסגרופּן. ער שטייט אין פאַרבינדונג מיט פאָלקס־פּאַרטיזאַנער וועלכע אינטערעסירן זיך מיט דער לאַגע אין געטאָ. מען באַשליסט, איך זאָל זיך מיט דעם לייבקען טרעפן.

אין אַ פּראָסטיקן אָוונט גיי איך צו דער באַגעגעניש איבער די פּוסטע גאַסן פון געטאָ. עס הילכן פון אַלע זייטן שרעקשאָסן. לייבקען קען איך לויטן אויסזען. ער מיך קען אויך. נאָר בעת מיר גייען איינער דעם צווייטן פאַרביי, דערקענט ער מיך ניט. איך באַשליס צו ריזיקירן, גיי צו אים צו און זאָג אָפן:

— וואָס שפּילסטו זיך אין קאַץ און מויז? האָסט צו מיר ניט קיין צוטרוי? איך בין ח. י.

— אוי, אַ כאָליערע! — רופט ער אויס — אָט האָסטו אַ מאַסקע! איך האָב דאָך דיך ניט דערקענט...

---

[23] געמיינט דעם עפנטלעכן אָפּטרעט.

[24] וועגן די אַרעסטן פלעגן די דייטשן מעלדן אין דער פּרעסע.

[25] אָנפירערס פון די קעמערלעך.

[26] איציק יוכניקאָוו.

מיר הייבן אָן צו רעדן, אָבער טרויען זיך ניט. ער זאָגט מיר קיין זאַך ניט וועגן ענין צוליב וועלכן די באַגעגעניש איז אַראַנזשירט געוואָרן.

איך דריק אויס דעם ווונטש זיך צו טרעפן מיט זיין „שעף". ער זאָגט מיר ניט צו. ער וועט אָבער פאָרשלאָגן. מאָרגן קאָן עס ניט געשען, ווייל מאָרגן גייט זייער גרופּע אויף „שוואַרץ־אַרבעט". פון זייער אַרבעט דאַרפן מאָרגן „לייכטן די הימלען".

איך האַלט דאָס בסוד און וואַרט אָפּ... און טאַקע מאָרגן פאַר נאַכט ווערן אונטערגעצונדן עטלעכע זעגמילן אויף יאַנעווער גאַס, ביים ברעג פון דער ווילִיע. זיי גייען אַוועק מיטן פייער. קאָוונע ווערט ביז אין מיטן דער נאַכט העל באַלויכטן פון די שׂרפות. איך האַלט עס פאַר אַ סימן, אַז לייבקע האָט ניט אָפּגענאַרט און אַז ער רעדט ניט פון וועג.

אין אייניקע טעג אַרום קומט ער ווידער צו מיר אין געטאָ. אונדזערע געשפּרעכן זענען שוין מער קאָנקרעט. מיר רעדן אָפּ מאָרגן צו גיין צו זיין „שעף". ס'ווייזט זיך אַרויס אַז זיין „שעף" קען מיך און וויל זיך מיט מיר טרעפן.

באַגינען גייען מיר דורך דעם טויער און פאַרשווינדן פון דער בריגאַדע, מיט וועלכער מיר גייען אַרויס אין שטאָט. מיר שפּאַנען צו אַלעקסאָט און רעדן אָפּ זיך צו טרעפן אין אַ ניעמאַן־געסל ביים הויז נר' 7. ער איז דרייסט, לייבקע, און ס'איז מיט אים גוט צו גיין. ער איז אָבער ניט פאַר־זיכטיק. ער רעדט ייִדיש, מאַכט חכמות און פירט זיך אויף ניט ערנסט. ס'איז אַלץ ביי אים ספּאָרט. מיר רעדן אָפּ זיך צו טרעפן ביי איינער אַ הענדלערקע. מיך ציט זייער ניט צו דעם, ווייל דער עולם הענדלערקעס ווערט זייער געהיט פון געסטאַפּאָ און די באַזוכערס ווערן אָפּט נאָכגעפאָלגט. ער לאַכט פון מיר און רופט מיך „פּחדן". דווקא אין דעם בין איך אָבער גערעכט. איך פאַרזאַם צו אונדזער טרעפונג און טרעף אים ניט. איך גיי ניט אַריין אין דער אָנגעוויזענער דירה. פאַר נאַכט, קומענדיק אין געטאָ, דערוויס איך זיך, אַז דאָרט איז היינט געווען אַ באַזוך פון פּאָליציי און מען האָט אַלע בייגעוועזענע אַרעסטירט.

איך רעד מיט לייבקען אָפּ, אַז מיר וועלן אים באַקאַנט מאַכן מיט אונ־דזער אַרבעט און אַז ער קאָן בלייבן אונדזער פאַרבינדלער מיט שטאָט. מיר טרויען עס אים אָן. ער זאָגט צו זיך ברייטער וועגן דעם דורכצורעדן, אָבער ווייזט זיך מער ניט. ערשט אין פינף מאָנאַט אַרום ווערן מיר גע־

וווּ־, אַז ער איז אומגעקומען צוזאַמען מיט נאָך אַ גרופּע אין אַ שיסעריי מיט פּאָליצײ.

אין צווישן באַקומען מיר אַ ידיעה פון ל., אַז ער האָט געפונען פאַר־בינדונג מיטן שטאַב פון רעוו. פּאַרטיזאַנער [27], און זיי לייגן אונדז פאָר איבערצובויען די אַרבעט לויט די פּרינציפּן פון דער אַלגעמיינער ליטווי־שער פּאַרטיזאַנער־באַוועגונג. מיר הייבן עס אָן דורכצופירן, אַ ליטווישע אַרבעטאָרין מ־טע [28] שטעלט זיך אין אונדזער רשות און איז גרייט אונדז פאַרבינדן אויף העכער. איך גיי ווידער אַרויס אין שטאָט און נעם זיך צו דעם. איך טרעף זיך מיט איר צענדליקער מאָל. מען נאַרט אונדז אָבער שטענדיק אָפּ. זי איז מער אויפגעבראַכט פאַר מיר. איך קלייב מיט איר פונאַנדער פאַרשיידענע פראַגן. זי ווייזט אַרויס אַ גרויסן אינטערעס פאַר די נויטן פון דער ווידערשטאַנד־באַוועגונג אין געטאָ. מיר קריגן אָבער פאַר קיין פאַל ניט קיין פאַרבינדונג אויף העכער. דאָס געלינגט איר ניט, כאָטש זי אַליין איז אַן אָרגאַניזירטע קעמפערין. עס בלייבט, אַז די איינ־ציקע פאַרבינדונג איז ל. עס דאַכט זיך אונדז, אַז אויף זיינע פאַרמיטלערס קאָן מען זיך ניט פאַרלאָזן. מיט מיר גופא וויל ער זיך ניט טרעפן. ער וויל ניט קאָמפּראָמיטירן קיין דירות און אַליין האָט ער מורא זיך צו ווייזן אין גאַס. ער גיט אונדז איבער אינסטרוקציעס. זיי זענען זייער צעשוווּמענע. דאַן ווערט בכלל איבערגעריסן מיט אים די פאַרבינדונג.

שפּעטער דערוויסן מיר זיך, אַז ס׳איז דורכגעפאַלן די דירה וווּ ער האָט זיך געפונען. מען האָט אַרעסטירט די באַלעבאָסטע. מען אַרעסטירט אויך אים. ער פאַלט אַריין אין די הענט פון די אויספאָרשונגס־אָרגאַנען [29], מאַכט דורך חדשים־לאַנגע פּייניקונגען אין דער תּפיסה און ווערט פאַרשיקט אויפן ניינטן פאָרט, וווּ ער ווערט געשוואָלן פון קלעפּ און הונגער [30].

מיר בלייבן אָן פאַרבינדונג, אָן אָנווייזונגען. אויך די איבעריקע קאָנ־טאַקטן מיט חברים ווערן איבערגעריסן צוליב זייערע אַרעסטן.

[27] רעוואָלוציאָנערע פּאַרטיזאַנער, צום אונטערשייד פון די „פּאַרטיזאַנער״, נאַציאָ-נאַליסטישע ליטווישע רוצחים, וואָס האָבן זיך אָנגערופן „פּאַרטיזאַנער״.

[28] מאַריטע קלאָסייטע.

[29] ליטווישע און דייטשישע.

[30] אין האַרבסט 1942 ווערט ער דערשאָסן.

אין איינקלאַנג מיט די ערשטע אינסטרוקציעס פירן מיר אונדזער אַרבעט, פאַרברייטערן און פאַרטיפערן צוגלייך. די אַקטיוויסטן־באַוועגונג [31] טיילט זיך אין צוויי סעקטאָרן — קאַמפּס־סעקטאָר און הילפס־סעקטאָר. דער הילפס־סעקטאָר באַשטייט פון קעמערלעך צו 5־4 פּערזאָן. יעדעס קעמערל האָט אַ סעק. [32] די סעקן שאַפן צוויי סעק־ראַטן. מיט אַ סעק־ראַט פירט אָן אַ חבר פון קאָמיטעט. יעדער מיטגליד פון אַ קעמערל האָט ניט ווייניקער ווי דריי קאָלעקטאָרן, וועלכע זאַמלען געלט, זאַכן, מעדיצין. אין די קעמערלעך ווערט געפירט אַן אויפקלערערישע אַרבעט, שמועסן אויף פּאָליטישע טעמעס און ס'ווערן דאָרט אָפּגעגעבן באַריכטן וועגן דער לאַגע אויף די פראָנטן און אין דער אינטערנאַציאָנאַלער וועלט. דער הילפס־סעקטאָר העלפט דעם פּאַרטיזאַנער־סעקטאָר און צו דעם אויך קראַנקע און אָפּגעשוואַכטע פּאַרטיי־חברים און מאָפּריסטן. ס'איז איינגעפירט אַ שעפטום איבער קראַנקע חברים. די מיטגלידער גייען דורך קורסן פאַר ערשטער הילף, פאַרהיטונג פון גאַז־אָנגריפן, פראָנט־היגיענע און אַנדערע. דער פּאַרטיזאַנער־סעקטאָר שטעלט מיט זיך פאָר קרייזלעך צו דריי חברים. זיבן קרייזלעך שאַפן אַ „בוריס" [33]. די סעקן פון די קרייזלעך אין יעדן „בוריס" — 7 — שאַפן דעם סעק־ראַט. יעדער „בוריס" ווערט אָנגעפירט דורך אַ „בוריאַ־וואַדאַס" [34]. די „בוריאַ־וואַדאַסן" שאַפן דעם שטאַב פון די פּאַרטיזאַנער. מיטן שטאַב פירט אָן אַ חבר פון קאָמיטעט. דער קאָמיטעט באַשטייט פון פינף חברים. צוויי — פאַרן הילפס־סעקאָר, דריי — פאַר די איבעריקע אַרבעטס־געביטן.

די פּאַרטיזאַנער־קרייזלעך לייגן דעם טראָפּ אויף דער מיליטערישער און סאַניטאַרער אויסבילדונג פון זייערע מיטגלידער. מיט די מיליטערישע קורסן פירט אָן אַ לעקטאָרן־ראַט פון אינסטרוקטאָרן. מיט די סאַניטאַרע קורסן — אַ שוועסטער־ראַט און אַ לעקטאָרן־ראַט. צו דער אַרבעט ווערן צוגעצויגן דאָקטוירים און מיליטערישע ספּעציאַליסטן. ניט געקוקט וואָס

[31] אַזוי האָט זיך לכתחילה געהאַט אָנגערופן די אַנטיפאַשיסטישע קאַמפּס-אָרגאַניזאַציע אין קאָוונער געטאָ.

[32] סעקרעטאַר.

[33] „ווזוואָד" (ליטוויש).

[34] „ווזוואָד-אָנפירער" (ליטוויש).

מיר טוען אַלץ אויף דער אייגענער אַחריות, גייט די אַרבעט אין פולן טעמפּ. עס פּאַרצווייגט זיין טעטיקייט דער אַגיטפּראָפּ[35]. יעדע פינף טעג ווערן אַרויסגעלאָזט בולעטינען וועגן דער לאַגע אויפן פראָנט — די לעצטע ידיעות וועגן די קאַמפן און אַ באַריכט צו דער אַלגעמיינער לאַגע ווי אויך אַ לייטאַרטיקל. עס ווערן דורכגעפירט שמועסן אין די סעק־ראַטן און אין די קעמערלעך פון די דערוואַקסענע[36]. אויך די פראַגע פון געווער און מיליטערישער צוגרייטונג, ווי אויך די מאַטעריעלע באַזאָרגונג פון די חברים, גייט אַריין אין די געהעריקע ראַמען. עס ווערט געשאַפן אַ פּאַטאָ־אַלבאָם פון געטאָ־לעבן.

אין מיטן אַפּריל[37] ווענדן זיך צו אונדז פאָרשטייערס פון אַנדערע געזעלשאַפטלעכע קרייזן[38] אין געטאָ וועגן פאַרשיידענע ענינים. שוין פריִער זענען מיר געשטאַנען מיט זיי אין קאָנטאַקט. זיי העלפן אונדז קריגן לעגי־טימאַציעס פאַר חברים, ווי אויך שטיצע פון סאָציאַלן אַמט. איצט לייגן זיי אונדז פאָר צו שאַפן אַן ענגערן קאָנטאַקט. אין אָנבליק פון פאַרשיידענע פּאָליטישע אַנטוויקלונגען און געשעענישן וואָס זענען עלול אונדז צו טרעפן, שלאָגן זיי פאָר זיך צו אָרגאַניזירן און אויסווירקן אונדזער מיינונג אין לעבן פון געטאָ, אַזוי אַז די פּעריפעריע זאָל שפּירן אַז ס'איז פאַראַן אַ כּוח וואָס שטייט אויף דער וואַך פון די געטאָ־אינטערעסן.

דער יידישער געטאָ־אַפּאַראַט איז ווייט ניט זויבער... פאַר אַ קוויטל, וואָס זאָל כּלומרשט זיכערן דאָס לעבן, וואָלטן אַ סך פון די וועלכע זיצן ביים שיסעלע, אַלעמען פאַרקויפט. די אָ קלערן נאָר וועגן זיך און זייערע ענגע משפּחה־אינטערעסן. מיר ווילן זיך ניט פאַרבינדן מיט אַזעלכע עלע־מענטן און שטייען אין קאָנטאַקט נאָר מיט געציילטע.

דעם פאָרשלאָג געמיינזאַם צו באַהאַנדלען די פאַרשיידענע פראַגעס וואָס זענען נוגע די געטאָ, נעמען מיר אָן. מיר זענען אָבער זייער רעזערווירט. דורך אָט די פּערזאָנען ווערן מיר באַצייטנס אינפאָרמירט וועגן פאַרשיידענע ענינים. ווען עס האַנדלט זיך וועגן אַרויסשיקן יידישע אַרבעטערס אויף

---

[35] אָפּטייל פאַר אַגיטאַציע און פּראָפּאַגאַנדע.
[36] עס זענען געווען קעמערלעך פון יוגנטלעכע און פון 11 - 13 יאָריקע קינדער.
[37] 1942.
[38] געמיינט — ציוניסטישע קרייזן.

פּראָווינץ, האָט עמעצער פון די טוערס אין אַרבעטס־אַמט פאָרגעלייגט אַרויסצושיקן פון די „לינקע". די מענטשן מיט וועלכע מיר האָבן צו טאָן, היטן אונדז אָבער אָפּ. פון די צופעליקע טרעפונגען גייען מיר אַריבער צו באַהאַנדלען ערנסטע געטאָ־ענינים. איך האַלט אויף מיט זיי די פאַרבינ־דונג. זיי לייגן פאָר צו שאַפן אַן אָרגאַניזאַציע וואָס זאָל אין צייט פון אַן אַקציע אָדער איבערפאַל אויפן געטאָ, ענטפערן ווערדיק — שטעלן זיך אַנטקעגן מיט העק, מיט מעסערס און זיך ניט לאָזן אַרויספירן צו דער שחיטה. איך עפן דערווייל ניט אויף די קאָרטן, זאָג ניט אַז עס עקסיסטירט שוין אַן אָרגאַניזאַציע מיט נאָך ברייטערע צילן. איך זאָג זיי אָבער צו צו אָרגאַניזירן אונדזער עולם. מיר טרעפן זיך יעדע וואָך. אונדזערע פאָדע־רונגען צו זיי וואַקסן. מיר אַרבעטן אויס אַ פאַרטיידיקונגס־פּלאַן פון געטאָ. מיר פירן דורך אַ קאָנטראָל פון זייערע קאַדרען און פאָדערן זיי אויף צו פאַרברייטערן די אַרבעט. זיי גיבן אונדז אייניקע גרעסערע סומעס געלט פאַר די סאָציאַלע צוועקן פון אונדזער באַוועגונג. מיר לייזן אַ גאַנצע ריי טעכנישע פּראָגעס.

עס קומט אָן דער זומער [39]. טומלדיק ווערט אין די ליטווישע וועלדער. ס'ווערן אַרויסגעפירט צענדליקער טויזנטער איינוווינער פון ליטע קיין דייטשלאַנד און צום פראָנט. די ליטווינער צעלויפן זיך פון די מאָביליזאַ־ציעס. עס באַווייזן זיך אויפרופן אין ליטוויש קעגן לאָזן זיך נעמען אויף צוואַנגסאַרבעט קיין דייטשלאַנד. די וועגן ווערן באַוואַכט פון צענדליקער און הונדערטער פּאָליציסטן. יעדער חשודיקער ווערט פאַרהאַלטן. עס מערן זיך די דייטשישע דעזערטירן. רוסישע קריגס־געפאַנגענע אַנטלויפן מאַסנ־ווייז פון די לאַגערן. צענדליקער סאָוועטישע פאַראַשוטיסטן ווערן אַראָפּ־געלאָזט און זיי זייען אומרו צווישן די דייטשן.

מיר דיסקוטירן וועגן אַרויסגיין אין וואַלד. מיר באַקענען זיך מיט אייניקע ליטווישע חברים, וועלכע מיר קענען פון פריִער. זיי גיבן אונדז אָן אַן אַדרעס און רופן אָן אַ חבר צו וועלכן מיר זאָלן זיך ווענדן. זיי זוכן קאָנטאַקטן מיט דער הילף פון אַ פּאַראָל — ציפער און נעמען פון יאַגדעס, וועלכע מען פלעגט געשיקט אַריין אין שמועס. דער פּאַראָל בלייבט איבער ביי אונדזערן אַ חבר אין זכרון. מיט דעם פּאַראָל באַשטימען מיר זיך צו

[39] 1942.

ווענדן צו דעם...[40] ער נעמט אָן אונדזער פאָרשטייער. ער לייגט אָבער פאָר צו קומען אַ צווייט מאָל. חברים וואַרטן אויף די ענדגילטיקע רעזולטאַטן פון די פאַרבינדונגען.

עס ווערט אָנגענעם צו לייענען אונדזער סטאַטוט:

מיר זענען אַ קאַמפס־אָרגאַניזאַציע אין צוגרייטונגס־סטאַדיע. אונדזער ציל איז צו זיין טעטיק אין איינקלאַנג מיט די לאָזונגען פון מאָסקווער ראַדיאָ: „אַ טויט די אָקופּאַנטן!“, „קעמפט צוזאַמען מיט די רויטע פּאַרטי־זאַנער קעגן דייטשישן אָקופּאַנט!“ מיר זענען גענוג אינפאָרמירט אַ דאַנק דעם ראַדיאָ[41] וועגן דער לאַגע אויף די פראָנטן. מען מוז אַרויסגיין אין קאַמף! מיר מוזן פאַרגרעסערן די מיליטערישע צוגרייטונג פון די געטאָ־קעמפערס און באַזאָרגן זיי מיט געווער. די געווער־פאַרזאָרגונג גייט אָבער זייער לאַנגזאַם און אין קליינע קוואַנטומס — — —

(דאָ האַקן זיך איבער די פאַרצייכענונגען)

[40] אומקלאָר אין כתב־יד.

[41] געמיינט דעם ראַדיאָ-אַפּאַראַט וועלכן די קאַמפס-אָרגאַניזאַציע האָט זיך איינגעשאַפט און אינסטאַלירט אין אַ קעלער-באַהעלטעניש אין געטאָ.

# באַגעגענישן און געשפּרעכן

## 1

ס׳איז אָנהייב נאָוועמבער 1941. שניידיק־קאַלטע ווינטן ווישן אָפּ די שפּורן פון רעגנס און בלאָטע. לייכטע, פּוכיקע שנייען ווערן אַלץ אָפטערע געסט. די טײַכן שטעלן זיך פריִער ווי געוויינטלעך. דיקער אײַז פאַרשטיקט דאָס שטילע מורמלען פון די וואַסערן.

דער ווינטער שטעלט זיך איין, ניט לייגנדיקן קיין אַכט אויף דער דאַטע פונעם קאַלענדאַר.

ס׳איז ערשט נאָך דער גרויסער שחיטה פון די קאָוונער ייִדן. עס זענען אין געטאָ געבליבן ביים לעבן אַרום זיבעצן טויזנט נפשות. די הענקערס פון דעם פערטל מיליאָן ליטווישע ייִדן, די פירערס פון געסטאַפּאָ, פאַרזיכערן כּלומרשט אַז מער וועלן שוין ניט פאָרקומען קיין „זויבערונגען". די „איבערזידלונג"[1] פון די ייִדן איז געענדיקט. די ייִדן אין געטאָ זענען באַפרייט געוואָרן פון די „לומפּן". מיר, די לעבן־געבליבענע, דאַרפן זיך פילן גליקלעך, וואָס מען האָט אונדז געשענקט דאָס לעבן. מיר זענען זיכער פון טויט...

קיינער גלייבט ניט אין דעם. מיט דער זעלביקער קאַלטקייט וואָס זיי האָבן געטריבן דעם 29סטן אָקטאָבער לעבעדיקע אין גרוב אַריין צען טויזנט קאָוונער ייִדן, מיט דער זעלביקער קאַלטקייט זאָגן איצט די רוצחים אָפּ דעם גרויסן ליגן וועגן אונדזער זיכערקייט...

די באַרויִקונגען קומען אויך פון פאַרשיידענע ליטווישע קרייזן. עס הערן זיך שטימען, וואָס פאַראורטיילן דעם מאַסן־מאָרד...

איך טרעף זיך אין געטאָ מיט חברים. מיר פאַרשטייען זיך גוט. אַלץ פעסטער ווערט אונדזער באַשלוס זיך ניט צו לאָזן פאַרפירן און אָפּקוילען

[1] אַזוי האָבן די דייטשן באַצייכנט די אַקציעס.

אָן אַ ווידערשטאַנד. אויך פאַרשטייען מיר אַז אַליין זענען מיר שוואַך און אומבאַהאָלפן. דעריבער דאַרף מען זיך פאַרבינדן מיט פוילישע, מיט רוסי־שע, מיט ליטווישע חברים, מיט די וואָס ווילן לעבן פריי און זיך אויס־קעמפן דאָס לעבן און די פרייהייט. אייניקע נאָענטע מענטשן זענען שוין פון געטאָ אַוועק — קיין ווייסרוסלאַנד, צו די פוילישע געביטן. מיר, די געבליבענע, לעבן צוזאַמען מיט דער געטאָ אין אַ געווירבל פון אומקלאָרע אַנונגען און בעיקר מיטן געפיל פון אומפאַרמיידלעכן אומקום. מיר דער־קלערן אַן עקשנותדיקן קאַמף דעם געדאַנק צו מאַכן שלום מיט דער לאַגע. אַ קאַמף קעגן אַפּאַטיע און אָפּגעלאָזנקייט!

מיר באַשליסן: מען דאַרף זיך פאַרבינדן מיט אייניקע קאָוונער ליט־ווישע פּערזענלעכקייטן; מען דאַרף זיי אויפקלערן אונדזער לאַגע, אָנפאַר־טרויען זיך און געמיינזאַם זוכן אַ לייזונג פאַר אַ סך צייט־פראַגן.

אויף מיר פאַלט אויס צו גיין מיט אָט דער שליחות אין שטאָט. איך דאַרף, הייסט עס, באַגיין אַ פאַרברעכן קעגן די נירנבערגער געזעצן — פאַרלאָזן די געטאָ אויף אַ קורצער צייט און זיך באַוועגן פרײַ איבער דער שטאָט אָן די געלע לאַטעס. דאָס איז ניט אַזוי פּשוט.

איך שליס זיך אָן צו אַ געטאָ־מאַנשאַפט, אַ בריגאַדע וואָס ווערט גענומען אויף צוואַנגסאַרבעט צו דער נאַכטשיכט. אויפן וועג פאָרש איך די פאַרבייגייערס, זייער באַציִונג און די אויפמערקזאַמקייט וואָס זיי שענקען די יידן, וועלכע שפּאַנען צו פיר אין אַ ריי אויפן ברוק פון דער גאַס, צווישן פורן, אויטאָס און וועלאָסיפּעדן. איך פאָרש די באַדינגונגען פון אַרויסכאַפּן זיך פון דער ריי, די דייטשישע וואַך זאָל ניט באַמערקן.

און אָט בין איך אין איינעם אַ ווינטיק־קאַלטן פאַרנאַכט אַריבערגע־שפּרונגען די גרענעץ פון צווישן שקלאַפערײַ און „פרייען" מענטש. כ׳האָב פון זיך אַראָפּגעריסן די מגן־דודס, אונדזערע געלע לאַטעס, אַרויף אויפן טראָטואַר און זיך אויסגעמישט צווישן די איילנדיקע מענטשן. אין אַ קיאָסק קויף איך אַ צייטונג. עס ציטערן מיר די הענט, עס קלאַפּט דאָס האַרץ. איך פאַרשטעל מיט דער צייטונג מיין פּנים, פאַרשאַף זיך דורך דעם אַן אינערלעכע רויִקייט און זעלבסטזיכערקייט. עס דאַכט זיך: יעדער איינער קוקט מיר נאָך, יעדער איינער שפּירט מיין אומזיכערן טראָט, יעדער פאַר־בייגייער זעט אַז איך בין אַ „פאַרברעכער"... אָבער מיך שטאַרקט און מוטיקט די צילגעווענדטקייט פון מיין גאַנג, די איבערצייגונג אַז איך בין

ניט אַליין, נאָר האָב הינטער זיך חברים, פריינד. איך שפּיר זיך ווי אַ שליח־ציבור...

און אָט בין איך שוין אויפן אָרט פון מיין ציל. ס׳איז שטיל אַרום. עס הערט זיך בלויז אַ סקראָבען פון רידלען. מען רייניקט די טראָטואַרן פונעם אָנגעפאַלענעם שניי. אין געהער שניידט זיך איין יעדער שמיר פון די בעזעמער, וועלכע פאַרקערן היינט שוין צום וויפלטן מאָל דעם אָן אויפ־הער פאַלנדיקן שניי. ס׳איז טונקל און איך קאָן די הויזנומערן ניט דערקע־נען. ביי אַן אַלטיטשקן שטובוועכטער פרעג איך זיך נאָך אויפן נומער 25. דאָרט וווינט דער דאָקטער...[2]

אויף מיין פראַגע באַקום איך אַן ענטפער:

— נאַר איינער, שטייסט דאָך לעבן הויז.

איך פאַרנעם זיך צו די טרעפּלעך, גיי אַרויף, בלייב שטיין ביי דער טיר. בלויז איין דריק אויף דעם גלעקלקנאָפּ, בלויז אַראָפּקוועטשן די קליאַמקע... אַן אינערלעכע אומפאַרשטענדלעכע קראַפט לאָזט מיר עס ניט טאָן. כ׳גיב זיך אַ ריס פונעם אָרט און אַנטלויף, ווי געטראָגן פונעם ווינט, אַלץ ווייטער און ווייטער. און וואָס מער איך דערווייטער זיך, אַלץ מער וואַקסט אין מיר די נידערגעשלאָגנקייט צוליב מיין אומאַנטשלאָסענער, ניט־פאַרשטענדלעכער האַנדלונג. פאַר וואָס בין איך ניט אַריין? כ׳האָב דאָס ניט געקאָנט פאַרשטיין און ניט געקאָנט זיך דערקלערן. איינס איז ביי מיר אָבער יאָ קלאָר געוואָרן: איך מוז דאָס מאָרגן איבערחזרן און מיט מער אַנטשלאָסנקייט.

איך קום צוריק אויפן אַרבעטספּלאַץ, זעץ זיך אין אַ זייטיק ווינקל אויף אַ באַשנייטן קלאָץ אין שײַן פון זיך וויגנדיקע לאָמטערנעס. מיינע גלידער נעמט דורך אַ שאַרפער ווינט. ס׳איז ערשט זעקס אַ זייגער פאַר נאַכט. אין אַנדערטהאַלבן שעה האָב איך דורכגעמאַכט ביי צען קילאָמעטער און צוויי מאָל זיך אויסגעהיט פון דער דייטשישער שמירה — ביים אָפּציִען

---

[2] פון דעם קומענדיקן קאַפּיטל ווערט קלאָר דער איניציאַל פונעם דאָקטערס פאַמיליע־נאָמען — ג. ס׳איז דער ד״ר קאַזיס גריניוס, געווען אַ קורצע צייט פּרעזידענט פון דער ליטווישער רעפּובליק ביז צו דער סמעטאָנישער איבערקע־רעניש סוף 1926. ער איז געווען איינער פון די מנהיגים פון דער ליטווישער פאָלקס־פּאַרטיי („ליאַודינינקיי״).

פון אַרבעטספּלאַץ און ביים צוריקקומען. ס׳איז קאַלט. אָבער קעגן דער קעלט קומט אויף אין מיר אַן אינערלעכע וואַרעמקייט. עס קעמפט מחשבה מיט מחשבה, דער ווילן מיטן בלינדן גורל. מען דאַרף נעמען דעם גורל אין די אייגענע הענט! עס איז ניטאָ אויף וועמען זיך צו פאַרלאָזן אויסער אויף זיך אַליין. איך דערמאָן זיך יענעם אַלטן יידן אָנהייב קריג, אויפן וועג בעת מיר זענען געלאָפן פונעם דייטש.

— מען דאַרף זיך פאַרלאָזן אויף אַ נס — האָט ער געזאָגט. — גאָט טוט אָבער ניסים מיט די וואָס זענען עס ווערט. מען דאַרף אַליין עפּעס טאָן, וועט שוין גאָט העלפן...

דער אַלטער מאַן האָט איינגעלערנט לעבנס־חכמה מיט די יונגע. אַזוי דאַרף זיין דעם מענטשנס גאַנג אין לעבן, לויט זיין באַנעם.

אויף דער אַלטיטשקער פאַרשווינדט באַלד... דער זכרון נעמט אויס־מאָלן פאַרשיידענע עפּיזאָדן פון דער אָקערשט פאַרגאַנגענער צייט. עס שווימען אויף געשטאַלטן פון חברים און נאָענטע מענטשן. איך וואַנדער מיט די אויגן איבער רשימות פון מיטאַרבעטערס פונעם אַנשטאַלט ווו איך האָב לעצטנס געאַרבעט, און שטעל זיך אָפּ אויף אייניקע וואָס איך וואָלט זיך אויף זיי פאַרטרויט און געטיילט מיט זיי מיינע געדאַנקען. איך האָב אַ ברענענדיקן ווונטש כאָטש מיט איינעם פון זיי זיך צו טרעפן. עס ווילט זיך אַז מיין היינטיקער ערשטער פּרווו פון אַרומגיין אין שטאָט אַן לאַטעס זאָל האָבן אַ שטיקל רעזולטאַט.

און ווידער בין איך אין אַ געפּלאָנטער פון געסלעך. געסלעך צעשאָ־טענע אָן אַ סדר, צעטומלטע אין אייגענעם גאַנג... ביים נומער 11 פון דער שטילער, סודותפולער בית־עולם־גאַס שטעל איך זיך אָפּ. איך ווייס ניט גענוי ווו מיין געוועזענער אַרבעטס־חבר, ריכטיקער, מיין געוועזענער שעף, וווינט. איך בין ביי אים קיין מאָל ניט געווען. אָט ווילט זיך אָנקלינגען אין דער טיר פון לינקס. עס גיט מיך אָבער אַ צי צו דער צווייטער טיר. איך קלינג אָן. איך טאָר קיין טעות ניט האָבן. טרעף איך אויף עמעצן אַן אַנדערן, קאָן איך זיין אַ פאַרלאָרענער. מען קאָן מיך איבערגעבן דער פּאָליציי...

דער קלונג באַקומט זיך שטיל, נעבעכדיק, אומזיכער. אינעווייניק עפנט זיך אַ טיר, און ס׳כאַפּט זיך פון איר אַרויס עלעקטרישע ליכט. ס׳ווערט ליכטיק אינעם אָנגעגלאָזטן פאָדערהויז. די שויבן זיינען באַוואַקסן

מיט שטאַרקן געפּריר. ס׳איז שווער צו דערקענען, ווער עס שטייט דאָרט. פונעם סילועט מאַך איך זיך קלאָר, אַז ס׳איז טאַקע דער וועמען איך זוך — דער ניט־הויכער, ברייטלעכער אַנטוש [3] מיטן פּליקן קאָפּ און דיקלעכן האַלדז. ער פאַרמאַכט די קיכטיר און ס׳ווערט טונקל אינעם פּאָדערהויז.

— ווער איז?

— אַן אייגענער — ציטערט אויף מיין שטים.

דער מאַנצביל פון אינעווייניק שליסט פאַרזיכטיק אָפּ, עפנט אויף די טיר. ער נעמט אַראָפּ די ברילן און פאַררייסט זיין קוואַדראַט־מעסיק פּנים צו מיר. איך פאַל דורך דער טיר אַריין אין פאָדערצימער און כאַפּ אים אַן פאַר דער האַנט:

— אַנטוש!

— ווער איז? קומט אַריין — שטאַמלט ער און ציט מיך אַריין אין קיך.

אַ פּייַערצונג וואָס כאַפּט זיך אַרויס פון דער פלאַקערנדיקער פּליטע, באַלייכט דעם מבולבלן פריינד מיינעם. עס ציטערן זיינע ברעמען. די קליינע פאַררייטלטע אויגן עפענען זיך אַלץ ברייטער און ברייטער.

— אַנטוש — חזר איך איבער — דערקענסט מיך ניט? זיך שטאַרק פאַרענדערט, וואָס?

ער שטייט נאָך אַלץ אַזוי געפּלעפט, באַקוקט מיין פויערשן הילוך — די שאָפענע קורטקע, דאָס דאָרפישע ווינטערהיטל מיט די אויערלעך אויף אַראָפּ, די העלע פאַרדרייטע וואָנצעס. ער גיט זיך פּלוצעם אַ צאַפּל און פאַלט אויף מיר אַרויף, ווי אַן איינגעבראָכענער:

— חיים, טייערער, טייערער מיינער!

ער פיבערט פון איבערראַשונג און אויפרעגונג. טרערן רינען פון זיינע אויגן. דער זעכציק־יאָריקער מאַן, וועלכן איך האָב געקענט בלויז איין יאָר צייט, קאָן צו זיך ניט קומען. דער אַלטער דרוק־אַרבעטער — פינף און פערציק יאָר האָט ער געאַרבעט, געאַרבעט און געשטרייקט. אויפן זעקס און פערציקסטן אַרבעטסיאָר האָט ער באַקומען דעם פאַרדינטן בכּבודיקן פּאָסטן... איצט מאַכט ער דורך דעם היטלער־רעזשים. עס פאַר־

[3] אַנטאַנאַס רוטקאַוסקאַס, אַ ליטווינישירטער פּאָליאַק. געווען אַ דרוק-אַרבעטער. בעת דער סאָוועטן-מאַכט אין 1940/41 געשטאַנען בראש פון פּאָליגראַפישן טרעסט אין קאָוונע. חיים יעלין איז געווען זיין שטעלפאַרטרעטער.

דריסט מיר וואָס ער רעגט זיך אַזוי אויף, עס טוען מיר באַנג זיינע טרערן.

— אַנטוש, באַרויִק זיך... אַבי מיר זעען זיך...

ער שאָקלט זיין קאָפּ מיט די גרויע פּאות:

— יאָ, דו באַרויִקסט נאָך מיך. יאָ, אַזאַ ביסטו אַלע מאָל געווען. איך פרייַ זיך וואָס דו לעבסט, פריי זיך וואָס דו ביסט ניט איינגעבראָכן...

ער ווישט אויס זיינע טרערן, טוט אָן די ברילן און זיפצט שווער:

— חיים, חיים, איך קאָן דיר גלייך אין די אויגן ניט קוקן. איך שפּיר זיך שולדיק וואָס איך מאַך ניט דורך אַלץ מיט אייך, ייִדן, מיט די וואָס ווערן גערודפט אַזוי גרויזאַם... אַ פאָלק וואָס ליידט, איז אַ סך חשובער פון אַ פאָלק וואָס ווערט געשוינט צוליב אַ צופאַל. אָבער אויסער ליידן דאַרף מען אויך קעמפן. פאַר וואָס לאָזן זיך די ייִדן אַזוי אויסשעכטן?

ער האָט אָבער גלייך חרטה אויף דער פראַגע. איך וויל אים ענטפערן, נאָר ער פאַרקערעוועט דעם שמועס אין אַן אַנדער ריכטונג, פרעגט זיך נאָך אויף די איבעריקע ייִדישע מיטאַרבעטערס אונדזערע. איך דערצייל אים. יעדער לעבעדיקער וועמענס נאָמען איך דערמאָן, רופט ביי אים אַרויס פרייד און באַגייסטערונג. יעדער קרבן — קאָסט אים טרערן. ער אַנטשולדיקט זיך וואָס ער וויינט. ער האָט פאַרלאָרן די נערוון. אַחוץ וואָס די אָקופּאַציע־פּאָליטיק אונטערדריקט אַלע פעלקער, ליידט נאָך פון די היטלעריסטן באַזונדערס זיין פאָלק, דאָס פּוילישע פאָלק, פּונקט ווי די ייִדן. ענלעכע דיסקרימינאַציע־געזעצן און פאַרניכטונגס־מעטאָדן.

איך בין ניט אין גאַנצן מסכּים מיט זיינע אויספירן. איך דערצייל אים וועגן אונדזער לעבן הינטערן שטעכלדראָט פון געטאָ. ער איז אָבער שוין פון פריִער אויסגעצייכנט אינפאָרמירט. ער הערט מיך געדולדיק אויס און גיט פאַרשיידענע עצות. איך דערצייל אים וועגן מיין פאָרלויפיקן ציל — שאַפן אַ קאָנטאַקט מיט די געבליבענע ליטווישע שרייבערס און פּראָגרעסיווע אינטעליגענטן.

— איך ווייס ניט ווי די קרייזן פון דער אינטעליגענץ וועלן דיך אויפנעמען — האָט אַנטוש זיך אָנגעצונדן — ניט אַלעמען פון זיי קאָן מען זיך פאַרטרויען. ווער ווייסט וואָס דו קאָנסט פון זיי דערוואַרטן. איך קען זיי וויניק. נאָר איינס זייַ זיכער — די ראַדיקאַלע, די אָרנטלעכע אַרבעטער וועלן דיך רופן קעמפן קעגן די פאַשיסטישע מערדערס.

— מסכּים! כ׳בין גרייט! — האָב איך זיך ניט איינגעהאַלטן און איבערגעריסן זיינע רייד.

אָבער מיין חבר לאָזט ניט נאָך. ער מוז זיך, קענטיק, אויסריידן:

— איר, ייִדן, געפינט זיך אין אַ ספּעציפישער לאַגע. איר דאַרפט אייערע האַנדלונגען פון ווידערשטאַנד און קאַמף צופּאַסן צו אייערע באַ־דינגונגען. איר זענט פאַראַנטוואָרטלעך איינער פאַרן צווייטן און אַלע פאַר איינעם. פון דער אַנדערער זייט טאָר מען ניט דערלאָזן צו אַ ווייטערדיקער פאַרניכטונג פון די ייִדן. איר, די לעצטע רעשטן פון אייַער פאָלק, זייט באַזונדערס טייער. היט זיך, ברודער! ס׳וועט קומען אַ צייט ווען יעדער מענטש וועט זיין נייטיק אינעם לעצטן פאַרמעסט... עס זענען איצט פינצ־טערע נעכט, אַנטלויפט, אַנטלויפט פון אייַער גיהנום! אָרדנט איין די קינדער אין שטאָט צי אין דערפער, און איר, יונגע, אַנטלויפט! די דערפער וועלן אייך, מעגלעך, אויפנעמען, די וועלדער דאַרפן ווערן אייערע היימען. מען דאַרף אַרויספירן פון געטאָ וואָס מער מענטשן, און טאַקע אַזוינע וואָס וועלן האָבן אַ וואָג סיי אינעם קאַמף, סיי נאָך דער מלחמה...

לויפן, אַנטלויפן... ווי זאָל מען אַנטלויפן און לאָזן אַלץ און אַלעמען אויף הפקר? וווּהין, צו וועמען זאָל מען לויפן?..

2

פון דער באַגעגעניש מיטן דאָקטער ג. [4] אַנטזאַג איך זיך ניט. גאַנצע טעג איז מיין קאָפּ פאַרטאָן מיט די צוגרייטונגען. איך מאַך זיך קלאָר דעם אופן, ווי איך דאַרף זיך דאָס מאָל אַרויסגנבענען פון געטאָ, ווי איך דאַרף צוקומען צום אָרט (הויז נומער 25...) און וועגן וואָס איך האָב צו רעדן.

ווידער שנייט עס, ווידער פריִערט עס, ווידער שפּאַן איך אָן לאַטעס איבער קאָוונער גאַסן צום באַשטימטן אַדרעס. אָט קלינג איך אָן אין דער טיר. און ווידער ווער איך פון אומדערקלערלעכע כּוחות אָפּגעשטויסן אויף צוריק. איך שפּרינג אַראָפּ פון די טרעפּלעך, גרייט צו אַנטלויפן. שוין ביי די ערשטע טריט אין גאַס שטויס איך זיך אָן אינעם דאָקטער וואָס קערט

[4] ד״ר קאַזיס גריניוס.

זיך אום אַהיים. ער גייט פּאַמעלעך, קוים שטעלנדיק אַ טראָט. פֿאַרן שטעלן אַ ווייטערדיקן טראָט שיקט ער פֿאָרויס זיין שטעקן און טאַפּט דעם וועג. ער באַוועגט זיך, ווי ער וואָלט געגאַנגען דורך אַן אַבסאָלוטער פֿינצטערניש.

— גוטן אָוונט, פּאַנאַס דאַקטאַראַס — ווענד איך זיך צו אים אין ליטוויש.

און פּונקט ווי ס׳איז מיר אומפֿאַרשטענדלעך געווען די קראַפֿט, וואָס האָט מיך אויך היינט ניט געלאָזט אָנקלינגען און געטריבן אויף צוריק, אַזוי אומבאַקאַנט זענען פֿאַר מיר די כּוחות, וואָס האָבן מיך באַוועגט אָפּצוהאַלטן אין גאַס דעם פֿרעמדן מענטשן.

— איך האָב צו אייך אַ פּריוואַטן ענין — זאָג איך — אפשר קאָן איך צו אייך אַריינקומען?

— גוט, מיר וועלן אַרייך אין שטוב — ענטפֿערט ער רויִק, קיין זאַך ניט חושד זייענדיק.

מיר קומען אַריין אין קאָרידאָר. דער דאָקטער טוט אויס די קאַלאָשן.

— בלייבט אין מאַנטל — זאָגט ער — ביי אונדז איז ניט געהייצט. ס׳איז קאַלט.

מיר גייען אַריין אין קאַבינעט. ער צינדט אָן די עלעקטרע. הוילע ווענט, ליידיקע טישן. עס באַפֿאַלט מיך אַ קאַלטע אומהיימלעכקייט...

— זעצט זיך. וואָס ווילט איר מיר זאָגן? איר זייט פֿון דאָרף? — פֿרעגט דער דאָקטער און באַקוקט מיט אַ פֿאָרשערישן בליק מיין פֿויערשן הילוך.

— הער דאָקטער — זאָג איך דרייסט — שוין ביי דער ערשטער ווענדונג צו אייך האָב איך אייך אַ ביסל פֿאַרפֿירט... איך בין צו אייך גע־קומען ניט צוליב מיינעם אַ פּריוואַטן נאָר צוליב אַן אַלגעמיינעם ענין.

ער פֿאַרריכט דעם מאַנטל אונטער זיך און גיט אַ צייכן מיט דער האַנט, איך זאָל פֿאָרזעצן.

— עס זיצט אַקעגן אייך אַ פֿאַרברעכער, וועמענס גורל ס׳איז שוין געחתמעט. ער איז פֿאַראורטיילט צום טויט. ער ווייסט בלויז ניט, ווען מען וועט איבער אים דעם טויטאורטייל אויספֿירן. עס זיצט אַקעגן אייך אַ ייִד...

דער דאָקטער גיט אַ צוק מיטן גאַנצן קערפּער. זיין פּנים ציט זיך אויס, ווערט באַזעצט פֿון ראָזלעכע פֿלעקן, וועלכע נעמען וואַנדערן פֿון

אויער צו אויער. ער עפנט דאָס מויל, ווייל עפּעס זאָגן און קאָן ניט. ער שטעלט זיך אויף, מאַכט צוויי טריט אויף צוריק.

איך וויל אים אַרויסהעלפן און זעץ פּאָר מיינע רייד:

— איך קום צו אייך אַלס יידישער שרייבער, כּדי צו שאַפן אַ קאָנטאַקט מיט ליטווישע קרייזן, וועלכע זענען לויט זייער מהות און אָנשויונגען קעגן דעם וואָס דאָ קומט איצט פאָר. צו ערשט דאַרף זיך האַנדלען וועגן אינ־פאָרמאַציע, וועגן פּרוּוון אויספּורעמען אַ געזעלשאַפטלעכן כּוח וואָס זאָל לינדערן די נויטן פון יידן, העלפן אויסמיידן די מאַסנמאָרדן, אָפּהיטן מאַטעריאַלן, מאַנוסקריפּטן, דערמעגלעכן זיך צו פאַרבינדן מיט די געביטן ווו יידן קאָנען געפינען אַן אָנשפּאַר ביי דער באַפעלקערונג. ס'איז האַרב די פראַגע פון איינאָרדענען יידישע קינדער, וועלכע ווערן אומברחמנות־דיק געמאָרדעט. מען מוז זיי אַרויסטראָגן פון געטאָ און איינאָרדענען ביי ליטווישע פאַמיליעס, אין קינדערהיימען...

ער הערט אַלץ אויס אומגעדולדיק, אַרומגייענדיק איבערן צימער. ווען איך פאַרענדיק, זעצט ער זיך אַוועק אַנטקעגן מיר און הייבט מיר אָן צו שטעלן פראַגעס — כאַאָטיש, פון פאַרשיידענעם כאַראַקטער. ער רעדט צו מיר אויף „דו". ער צעטומלט זיך אָפּט, שטעלט צוויי מאָל די זעלביקע פראַגע, פאַרהוסט זיך און לאָזט מיר אַלץ ניט קומען צום וואָרט.

אָט זענען זיינע פראַגעס:

— ווו וווינסטו? ווו אַרבעטסטו? ווי ביסטו אַרויס פון געטאָ? איז מען דיר ניט נאָכגעגאַנגען? אויב, ווי דו זאָגסט, אַז ס'קומט אויס צו צוויי מיט האַלבן קוואַדראַט־מעטער ווױן־שטח אויף אַ מענטשן און קיין פעטס באַקומט איר איבערהויפּט ניט; אייער שפּייַז באַשטייט טעגלעך פון הונ־דערט גראַם ברויט, און וועכנטלעך פון הונדערט און פופציק גראַם מעל, און פינף און זיבעציק גראַם גרויפּן; דערצו אַ פּאָר קילאָגראַם פאַרפוילטע קאַרטאָפל — וועט דער קאָעפיציענט פון טובערקולאָז־קראַנקע ביי אייך וואַקסן... — דער דאָקטער ווישט אויס זיינע טונקעלע ברילן־גלעזער, ווי ער וואָלט דורך אָט דעם זאָרגעוודיקן ווישן געוואָלט אַרויסבאַקומען פון דער פאַרגעסנהייט ציפערן, פאַקטן. ער הייבט דאַן ווידער אָן: — די אָנ־געפרוירענע קאַרטאָפל, כאָטש זיי שטינקען, זענען ניט שעדלעך. נאָר דער טעם טויג ניט. איבעריקנס, קיין סך באַקומט איר דאָך ניט. מען זאָל זיי עסן צו פיל און צו אָפּט, קען עס אַרויסרופן אַ מאָגן־פאַרגיפטונג. איך

געדענק, אין יענער וועלט־מלחמה, ווען איך בין געווען פּאַרוואַלטער און איבער־דאָקטער פון אַ שפּיטאָל, האָב איך אָנגעטראָפן אַזוינע פאַלן...

איך נוץ אויס די געלעגנהייט, וואָס ער שטייט אויף און גייט־צו צו זיין שרייבטיש, און פאַל אים אַריין אין מיטן דעם ניגון וואָס ער האָט אָנגעהויבן אונטערברומען.

— הער דאָקטער, איך וואָלט אייך וועלן איבערגעבן פּרטים פון אונ־דזער לעבן. ווי איר זאָלט ניט זיין אינפאָרמירט, וואָלט איך אייך פיל געקאָנט צוגעבן...

— ניין, ניין, אָט האָב איך אַ קאַפּיטל פון מיינע זכרונות וועגן מלחמות, מגיפות, מאַסן־קראַנקהייטן, אונטערדערנערונג און אַנדערע פּראַגעס, וואָס דאַרפן אייך אינטערעסירן. איר דאַרפט וויסן, אַז אויב עס זאָל אויסברעכן אין געטאָ אַן עפּידעמיע, גייט די גאַנצע געטאָ אַראָפּ מיטן רויך. איר ווייסט דאָך ווי זיי מאַכן...

— יאָ, מיר ווייסן שוין צו גוט — גיב איך צו — מען האָט אונדזער שפּיטאָל מיט די קראַנקע, מיט די דאָקטוירים, מיט דעם מעדיצינישן פּער־סאָנאַל פאַרברענט.

— דאָרט זענען דאָך געווען לעפּראַ־קראַנקע, האָט מיר אַ דייטש גע־זאָגט...

— ס׳איז אַ ליגן! אויסגעטראַכט! דאָס ווילן זיי זיך רייניוואַשן אין די אויגן פון דער וועלט. אָבער זייערע טאַטן זענען אַזוי קלאָר פאַר אַלעמען און קיינער וועט זיי ניט קאָנען פאַרגעבן.

— יאָ, יאָ, ניט געוווּסט — שטאַמלט דער דאָקטער — זיי פאַרפירן די עפנטלעכע מיינונג. ס׳קאָן זיין...

יעדעס נייַ וואָרט פונעם דאָקטער וואָס ספקט און איז ניט זיכער אין דער בעסטיאַלישקייט פון די דייטשן, ברייט מיך, הייבט מיך פון אָרט. ער פאַרמאַטערט מיך מיט אַ גאַנצער ריי זייטיקע קשיות, וואָס באַקומען ניט קיין פאַרענטפערונג פון מיין צד. צום סוף נעמט ער מיך אויספרעגן ווער איך בין, מיט וואָס האָב איך זיך באַשעפטיקט ביז דער מלחמה.

איך קלער אויס אַ פאַמיליע און גיב אים צו פאַרשטיין, אַז אייגנטלעך איז עס ניט וויכטיק, ווייל איך קאָן אים דאָך אָנגעבן אַ פאַלשע פאַמיליע...

— אויב אַזוי, זאָגט מיר איצט אייער אמתע פאַמיליע — שמייכלט ער — ווייל אויב מיר וועלן זיך נאָך וועלן טרעפן, דאַרף איך דאָך האָבן צוטרוי.

איך מוז זיך נאָכפרעגן וועגן אייך ביי אייערע ליטווישע באַקאַנטע וואָס איר וועט מיר אָנגעבן און אויך איך קען זיי. איך זאָג אייך אָבער אין פאָרויס, אַז איבעריקס האָבן מיר ניט צוליב וואָס זיך צו טרעפן. און בכלל איז ניט געוווּנטשן, איר זאָלט קומען אַהער...

אונדזערע ווייטערדיקע רייד באַגרענעצן זיך אויף דיפּלאָמאַטישע אויסווייַכונג־מאַנעווערס און קאַלטע העפלעכקייטן. ער פאַרשטייט עס און הייבט אָן שמייכלען. דאָס איז דער ערשטער שמייכל אויף זיין פּנים במשך פון גאַנצן אָוונט. דער שמייכל וואַרעמט אָבער ניט.

— גיב מיר אָן אַ מענטש, רוף מיר אָן אַ נאָמען, וועמען איך קען — גיט ער פּלוצעם אַ זאָג.

— איך פאַרטרוי זיך ניט אויף קיין סך מענטשן. איינעם קאָן איך אייך אָנרופן, מיט אים טרעף איך זיך.

איך רוף אָן דעם נאָמען פון מיינעם אַ ליטווישן באַקאַנטן, וויסנדיק אַז דער דאָקטער קען אים גוט. דער דאָקטער איז מסכּים און שלאָגט פאָר, דער מענטש זאָל אין אַ געוויסער צייט אַרום צו אים אַריינקומען. פאַר דער צייט וועט ער באַטראַכטן אַלע ענינים און מיר געבן אַ קאָנקרעטן ענטפער. עס האָט זיך צו ביסלעך געביטן דער טאָן פון אונדזער שמועס. צום סוף געווין איך  דעם דאָקטערס פולן צוטרוי. זאָגט ער:

— דיר פערזענלעך וועל איך העלפן. איך קאָן אַלץ צוגרייטן. זעסט אויס גוט, פונקט ווי אַ פויער. די אויסשפּראַך פאַרראַט דיך אויך ווייניק. וועסט נעמען צלמימלעך מיט פאַטשערקעס, אַ פּאָר קליינינקייטן דערצו, אַ צינד־מאַשינקע, סאַכאַרין, אַ ביסל ספּירט. עס שאַדט אויך ניט אויב דו וועסט האָבן געלט. און וועסט זיך לאָזן אין וועג. די נעכט זענען פינצטערע. גייסט אַרויס פינף באַגינען, לאָזט זיך מיטן מ־ר שאָסיי, דרייסיק קילאָ־מעטער האָסטו ביזן וואַלד. קומסט צו א.ב. דאָרט קאָנסטו אַריינגיין צום לערער. ער איז אַן אָרנטלעכער מענטש. ער וועט דיך צופירן נאָך צוויי קילאָמעטער ביז ס.ב. דאָרט וועסטו זיך נאָכפרעגן אויפן לאַנדווירט, וועמענס נאָמען איך גיב דיר גלייך איבער. אים קאָנסטו זאָגן אַז דו ביסט אַ ייִד. ער וועט דיך שוין ווי עס איז אויסבאַהאַלטן. ביי זיך, צי גאָר אין אַ מאָנאַסטיר. נו, חזר איבער אַלע נעמען, איך וועל דיך עקזאַמינירן צי דו געדענקסט.

— וואָס וועט אָבער זיין מיט די אַלע פּראָגעס, וואָס איך האָב באַרירט?

— יאָ, וואָס באַלאַנגט די קינדער, וועל איך רעדן. אינפאָרמאַציע, אויסער די אָפיציעלע צייטונגס־ידיעות האָב איך אַליין ניט. העלפן קאָן איך נאָר פּריוואַט. רעדן וועל איך וועגן דעם מיט קיינעם ניט. כ׳קאָן אַליין דיר געבן צען מאַרק. נו, און די מאַנוסקריפּטן קאָנט איר דאָך פאַרגראָבן...

עס גיסט מיך אָפּ אַ קאַלטער שווייס. איך ענטפער אים אויף זיינע פאָרשלאָגן אָנהייבנדיק פון סוף:

— אויב מיר וועלן באַגראָבן די מאַטעריאַלן און מאַנוסקריפּטן און אַליין אומקומען, וועט דאָך קיינער ניט וויסן ווו זיי זענען אַהינגעקומען. דאָס וועט דאָך ניט ברענגען קיין שום נוצן. ניט זיין, ווי מען זאָגט, פאַר דער צוקונפט... פּריוואַטע שטיצע קאָן אָננעמען אייערער אַ פּריוואַטער באַקאַנטער. ניט וועגן אַזאַ שטיצע רעדט זיך עס. וועגן אינפאָרמירן אונדז וואָס ס׳איז נוגע ספּעציעל דער געטאָ, דאַרפט איר אָנקניפּן אַ קאָנטאַקט מיט די געהעריקע פּערזאָנען און אַנשטאַלטן, אויב איר ווילט אונדז טאַקע מיט עפּעס באַהילפיק זיין. און וועגן ראַטעווען קינדער פון געטאָ פאָדערט זיך פון אייך אויפצוקלערן אין די קינדערהיימען, צי זיי וועלן אַזעלכע אויפנעמען, געפינען פּאַסיקע משפּחות, וואָס זענען גרייט צו נעמען אויף האָדעוואַניע יידישע קינדער, ווייל ס׳איז מער ווי זיכער, אַז די קינדער פון געטאָ וועט מען צונעמען פון זייערע עלטערן אָדער אומברענגען צוזאַ־מען מיט די עלטערן.

— נו, גוט — שלאָגט ער מיך איבער — זאָל קומען צו מיר אייער פריינד. אויב איך וועל זיך עפּעס דערוויסן, וועל איך אים אַלץ איבערגעבן.

די לעצטע ווערטער פאַרענדיקט ער שוין אין קאָרידאָר און ציט אַזוי אַרום מיך אַוועק הינטער זיך.

איך פאַרקלאַפּ די טיר. די באַגעגעניש און דער שמועס בלייבן פאַר מיר ווי ניט געענדיקט. עס איז נאָך פרי צו מאַכן אויספירן. אפשר האָט ער מיך געדאַרפט אויספּרוּוון, געדאַרפט אַריינפירן אין אַ צווייפל וועגן זיין גרייטקייט צו העלפן, ביז ער וועט זיך ניט דערוויסן אַלע פּרטים וועגן מיר...

אין אייניקע טעג אַרום האָט דער דאָקטער איבערגעגעבן מיין פריינד, אַז ס׳קומט קיין זאַך ניט אַרויס. דערביי האָט ער געפרעגט, צי איך בין שוין אַוועק אין דאָרף. ער האָט דורך אים ווידער געראַטן, איך זאָל גלייך

אַרויסגיין, ניט פּאַרציִען, ווייל איצט זענען פינצטערע נעכט און צו קאַלעד (וויינאַכט) פּאָרט מען פיל פון שטאָט אין די דערפער.

יאָ, פינצטערע נעכט... דער דאָקטער האָט פאַרגעסן, אַז מיר האָבן מוט אויף אַלץ, אַפילו אין ליכטיקע נעכט...

3

ווײַסער פעברואַר [5]. פּראָסטיקע ווייסקייט זעצט זיך אָפּ אויף אַלץ. איך גיי אַרום איבער קאָוונער גאַסן און רעכן אויס אַלע מײַנע פאַרברעכנס: כ׳בין אַ ייִד פון געטאָ; בין אַרויס בגנבה פון מיין אַרבעטספּלאַץ; כ׳האָב אַראָפּגענומען די געלע לאַטעס פון ברוסט און פון דער פּלייצע און שפּאַן מיט אַלעמען צוגלייך אויפן טראָטואַר, אָנשטאָט צו גיין מיטן רינשטאָק, ווי ס׳איז די פאַראָרדענונג פאַר די ייִדן. איך גריס ניט און גיב ניט אָפּ קיין כבוד דייטשן, נעם ניט אַראָפּ פאַר זיי דאָס היטל. ס׳טרעפט אויך, אַז איך גיב פאַרבייגייענדיק אַ שטופּ אַ דייטש, טרעט אים אָפּ אַ פוס אָדער טרינק גאָר קאַווע פון אַ גלאָז, פון וועלכער עס וועט שפּעטער טרינקען אַ ריינראַסיקער דייטש... וויפל חטאים באַגיי איך נאָך, אין וועלכע איך קאָן זיך צום מאָמענט ניט דערמאָנען?..

איך פאַרנעם זיך צום שטאָטגאָרטן און בלייב שטיין אַ געפּלעפּטער אין מיטן דער בלענדנדיקער ווייסקייט, צווישן נאַקעטע ביימער און אינעם געשריי פון די קראָען. ס׳גייען מענטשן פאַרביי. דאָ, אין דער ווייסער רויִקייט שפּיר איך זיך גלייך ווי אַלע שטאָטישע בירגער. כ׳האָב שוין מער ניט דאָס געפיל, אַז מען פאַרפאָלגט מיך. און אגב זע איך ניט אויס אַנדערש ווי אַנדערע דאָרפסלייט וואָס גייען אַרום איבער די שטאָטישע גאַסן.

צום טעאַטער אײַלן מענטשן. דאָס זענען די מוזיקער, די אַרטיסטן וואָס גייען צו אַ פּראָבע. ביים אַריינגאַנג צו דער בינע פון דרויסן שטייען און שמועסן געמיטלעך אייניקע טעאַטער־מענטשן, אַקטיאָרן און אַרבעטער פונעם טעכנישן פּערסאָנאַל. ס׳איז מלחמה און ס׳איז ניט מלחמה. ביז דעם מענטשן רירט עס דירעקט ניט אָן, שפּירט ער ניט די צייטווייען אַזוי, ווי ער וואָלט זיי געדאַרפט שפּירן.

---

[5] 1942.

איך פאַרטראַכט זיך וועגן מיינע געגנג אין שטאָט. וואָס האָבן זיי מיר צוגעגעבן, מיינע באַגעגענישן און געשפּרעכן? ס׳איז שווער צו גיין קעגן שטראָם. ניט יעדערער דערוועגט זיך עס. אָפּט מאָל ווער איך אַפּהעטיק, פאַרייִאושט. פון דעסטוועגן הער איך ניט אויף צו גיין און צו אַקערן דאָס האַרטע, אומברחמנותדיקע פעלד פון דער אונטערערד. איך זוך אויף נייע מענטשן, שליס נייע באַקאַנטשאַפטן, שטעל אייַין דאָס לעבן און מאַך אַ פּרווו צו געווינען אַלץ נייע מענטשן פאַר אונדזער גערעכטער זאַך, פאַר אונדזער שווערן, קרבנותפולן קאַמף. ניט שטענדיק געלינגט מיר, אָבער איך גיי און גיי...

אַנטקעגן קומט מיר אָן אַ באַקאַנטער פון פאַר דער מלחמה. איך מאַך זיך ווישנדיק די נאָז און פאַרשטעל מיט מיינע גרויסע אומגעלומפּערטע הענטשקעס דאָס גאַנצע פּנים. דער מענטש גייט פאַרביי. ס׳פאַלט אים גאָר־ניט איין אַ קוק צו טאָן אויף מיר. עס ווערט מיר אָנגענעם וואַרעם. איך לאַך אין זיך — ווי עס גיט זיך מיר איין צו נאַרן אַ גאַנצע וועלט, נאַרן גראָבע „געזעץ״־קאָדעקסן! איך מייַד אויס שטראָף אַזוי לייכט, אַזוי פלינק... מיין באַקאַנטער וואָס איז צופעליק פאַרביי, וואָלט מיר אפשר געהאָלפן. היינט וויל איך עס אָבער ניט. אויף היינט האָב איך מיין ציל. איך ווייז אַ פייג אין קעשענע יעדן איינעם וואָס גייט פאַרביי. איך נאַר אים דאָך אָפּ — ער ווייסט ניט אַז איך בין אַ ייִד!

איך געפין זיך ווידער ביים ברעג טייך. וואָס פאַר אַ וועג האָב איך שוין היינט דורכגעמאַכט? וויפל שטייט מיר נאָך פאַר דורכצומאַכן, כדי צו צערייבן די צייט ביז די שעהען פון די טרעפונגען?

אויפן צווינטער בין איך געווען, געשטאַנען ביי די קברים פון סאָל־דאַטן, פון מוטערס און קינדער, וועלכע דער טויט האָט פאַרשניטן. גע־שטאַנען אָן אַ היטל, זיך געצלמט, געזעסן אויף בענקלעך ביי משפחה־קברים. ווען איך בין דאָ אָפּגעוועזן אַ היפּשע צייט, האָב איך זיך געלאָזט אויפן באַרג טרעפּ־אַרויף, באַקוקט פון אויבן די שטאָט, געזען זי אין דער פעברואַר־זון — אַ קאַלטע, באַזילבערטע און ווייסע. פרייַיקער נעפּל און קלאָרע ווייסקייט האָבן צווישן זיך געקעמפט, און געזיגט האָט קיינער ניט.

דורך די טויטלעכע באַרג־גאַסן און טיפע שנייען וואָס צעשיטן זיך אונטער די פיס ווי פוך, האָב איך זיך געלאָזט צום ייִדישן בית־עולם. פון איבער דעם בעטאָנענעם צוים באַקוק איך די פאַרשנייטע און עלנטע ייִדישע

קברים. קיין פוס טאָר איצט דאָרט ניט טרעטן. אין טיפער געדריקטקייט פאַרנעם איך זיך באַרג־אַראָפּ אין שטאָט אַריין.

ענדלעך דערגיי איך צו מיין ציל. אויף דער גאַסטיר הענגט דאָס שילדל פון דער דאָקטערין ק.[6], וועלכע איך קלייב זיך היינט באַזוכן. איך האָב צו איר אַ בריוול פון אַ יידישער דאָקטערין פון געטאָ, אין וועלכן זי בעט עפּעס טאָן פאַר אירן אַן אומשולדיק אַרעסטירטן ברודער. דאָס בריוול דאַרף אויך דינען פאַר מיר ווי אַ רעקאָמענדאַציע.

פאַרן אַריינגיין קאָנטראָליר איך דאָס גוט פאַרבאַהאַלטענע פּאַפּירל. איך דערטאַפּ עס און באַשליס מער ניט אָפּצולייגן דעם באַזוך. כ׳דערנענטער זיך צו די טרעפּלעך ביים אַריינגאַנג. דער הויזוועכטער שטייט ביי דער טיר מיט אַ בעזעם אין האַנט. ער קוקט מיך שאַרף אָן. איך מאַך זיך ניט וויסנדיק, כאָטש זיינע בליקן גייען מיר נאָך און בריִען מיך. אָ, איך ווייס, פאַר די הויזוועכטערס דאַרף מען זיך באַזונדערש היטן! ניט איינעם פון אונדזער שניט מענטשן האָבן זיי איבערגעגעבן אין די הענט פונעם טויט... איך אײַל אים פאַרביי, לויף אַריין אין פאָדערהויז און פאַל־צו צו דער טיר. אויף מיין קלונג באַווייזט זיך די שטוב־דינערין:

— צום דאָקטער?

— יאָ — ענטפער איך.

און אַז איך זיץ שוין אינעם טונקעלן וואַרטצימער, גייען מיר אָפּ די פאַרמאַטערטע און דערפרוירענע גלידער. איך זיץ אָפּגעווענדט פון די פּאַציענטן און ס׳איז מיר גוט אַזוי. די טונקלקייט איז באַטעמט און מחיה־דיק וואַרעם. עס דערגייט מיין ריי.

— ביטע — ווענדט זיך צו מיר די דאָקטערין.

איך טראָג אַריין אַן אומהיימלעכקייט אין דעם פּירעקיקן, זויבערן קאַבינעט, מיט ביכער־פּאָליצעס אַרומגעשטעלט. עס קוקן מיך אָן טיפע, גרויע און גרויסע אויגן. איך פאַרליר זיך...

— וואָס ווילט איר? — פרעגט מיך די דאָקטערין מיט חשד, באַקוקנ־דיק מיינע בגדים.

---

[6] העלענאַ קוטאַרגענע, אַן אויגן-דאָקטערין (1888 — 1963). איינע פון די חסידי-אומות-העולם. האָט געראַטעוועט און געהאָלפן יידן, געווען טעטיק אין דער אונטערערד. אגב, אויך אויסגעהיט אַ טייל געטאָ-כתבים פון חיים און מאיר יעלין.

איך פיל אַז זי הייבט אָן טיפער און האַסטיקער צו אָטעמען. זי וואַנ־דערט מיטן בליק איבער מיין פּנים מיט די פאַרדרייטע, העל־אָפּגעפּאַר־בענע וואָנצעס און בלייבט ווידער צוגעשמידט צו מיין הילוך: אַ סאָלדאַ־טישן שינעל, סאָלדאַטישע הויזן, דאָס דאָרפישע פּעלצענע היטל מיט די אויערלעך אויף אַראָפּ...

איך רייס איבער דאָס שווייגן:

— אַזאַ פּאַציענט האָט איר, פרוי דאָקטער, זיכער צום ערשטן מאָל זינט דעם אויסבראָך פון קריג. איך בין אַ ייִד...

פרעגט זי שטרענג:

— וואָס זשע ווילט איר? וואָס דאַרפט איר האָבן? האָט אייך קיינער ניט באַמערקט, בעת איר זענט אַריין?

— איך אַרבעט דאָ ניט ווייט. כ׳האָב פאַרשאָקלט אַן אויג מיט פּאָלאָ־ווינעס... איך זע שלעכט אויף אים...

זי פאַלט צו צום מעדיצין־טישל, כאַפּט צווענגלעך, ליגנין און טראָפּנס. זי זעצט מיך אַוועק אויפן שטול און נעמט זוכן אין אויג עפּעס חשודיקס.

— איך האָב פאַר אייך, פרוי דאָקטער, אַ בריוועלע — רייס איך איבער אירע אומזיסטע באַמיִונגען און שלעפּ אַרויס דאָס צעקנייטשטע צעטעלע.

זי הייבט אָן לייענען און קוקט אויף מיר מיט איבעררייסן. זי לייענט דורך דאָס בריוול אַ צווייט מאָל און גיט אַ טיפן זיפץ:

— פוי, איר האָט מיך איבערגעשראָקן. איך וועל עס ניט פאַרהוילן און וויל עס ניט פאַרהוילן. ווי איר זעט אויס! — זי קוקט מיך אָן און צע־שמייכלט זיך — ווי אַ באַנדיט, ווי אַ מערדער, ווי אַ דאָרפישער לאָבוז. אין אַ זייטיק געסל און דערצו נאָך ביי נאַכט וואָלט איך מורא געהאַט מיט אַזאַ איינעם זיך צו טרעפן... און איר זענט אַ ייִד! אַ דרייסטער ייִד, וואָס שפּאַנט איבער די גאַסן, קומט אַלס פּאַציענט צו אַ דאָקטער... איר זענט בראַוו, איר זענט דרייסט! איך מוז אייך באַוווּנדערן. איר זענט העלדן! איך ווייס, עס זענען פאַראַן ייִדן העלדן. דאָס איז אַ באַזונדער קאַפּיטל העלדישע מאַרטיראָלאָגיע פון אייער פאָלק. איר, די אַלע וואָס שרעקן זיך ניט אָפּ און גייען קעגן געזעצן, קעגן דעם וואָס וויל אייער לעבן פאַרשניידן. איר פאָלגט ניט. דאָס איז איַער קאַמף. איר האָט ניט קיין מורא — דאָס איז אייער רום!

זי קוקט זיך ווידער איין אויף מיר, גייט צו אַלץ נענטער.

— ווען ניט אייער הויכער שטערן, וואָלט איך זיך אַזוי שנעל ניט באַ־רויִקט. ווען ניט אייערע מילדע אויגן, וואָלט אייער כוליגאַנישער איינדרוק געווירקט שטאַרקער און לענגער. אייער שמייכל איז געקומען צו שפּעט. פוי, האָט איר מיך איבערגעשראָקן!

מיר לאַכן ביידע. איך הייב זיך אויף, גיי צו צום וואַנטשפּיגל, טו אָן דאָס היטל און קאָנטראָליר דעם איינדרוק וואָס איך האָב אויף איר גע־קאָנט מאַכן. זי שטעלט זיך הינטער מיין פּלייצע און קוקט אויף מיר אין שפּיגל. אונדזערע בליקן טרעפן זיך.

— ניטאָ וואָס צו באַוווּנדערן, פרוי דאָקטער — זאָג איך — דאָס לעבן פון אַ ייִדן איז ביליק. אָבער כ׳וויל אייך זאָגן אַז מיך פירט ניט קיין הפקר־געפיל. צו מיינע גענג, געשפּרעכן און טרעפונגען טרייבט מיך אַן אינער־לעכע באַדערפעניש. איך קאָן ניט פאָלגן מיינע פאַרפאָלגערס. איך בין גע־וווינט געוווען צו לעבן פריי, זיין צווישן מענטשן, דערלערנען דעם מענטש און אים פאַרשטיין. מיין שטענדיקער אומרו, מיין שטענדיק זוכן און דער קאַמף קעגן מיין דייטשישן שׂונא, קעגן אייער דייטשישן שׂונא, טרייבט מיך אַרום, ניט געקוקט אויף דעם וואָס איך קאָן יעדע רגע פאַרשפּילן מיין לעבן צוליב דער קלענסטער אומפאָרזיכטיקייט. איך האָב שוין באַזוכט פאַרשיי־דענע באַקאַנטע און אומבאַקאַנטע, געהאַט געשפּרעכן פון גרויסע פאָלט־... כאַראַקטער און געהאַט מער דורכפאַלן ווי דערפאָלגן. עס טרייבט מיך דער לעבעדיקער אינטערעס צו אַלץ וואָס געשעט אַרום אונדז. און ניט נאָר מיינער, נאָר אויך פון מיינע חברים. עס ווילט זיך וויסן וואָס עס טוט זיך אויף דער וועלט. ס׳ווילט זיך פאַרשטיין וואָס עס קומט פאָר אין ליטע. ס׳ווילט זיך טרעפן מיט גוטע מענטשן, קומען צו געמיינזאַמע אויספירן, פאַרשאַפן זיך פריינד, פאַראינטערעסירן זיי מיטן גורל פון ייִדן, פון דער ייִדישער אינטעליגענץ, פון ייִדישע שרייבערס, פון ייִדישן פאָלקסמענטש. עס ווילט זיך הערן דעם פּראָטעסט אייַערן קעגן דער וועלטפּעסט, עס ווילט זיך זען און שפּירן דעם קאַמף קעגן שלעכטס און ס׳ווילט זיך מיטהעלפן קעמפן.

איך באַמערק ניט ווי די דאָקטערין לייגט אַרויף איר האַנט אויף מיין אַקסל. כ׳דערפּיל נאָר ווען זי באַרירט מיט איר וואַרעמער, מוטערלעך ווייכער האַנט אַ ווינקל פון מיין קילן, מאָגערן האַלדז. איך דריי שנעל אום

צו איר דאָס פּנים. זי שטייט אָנגעשפּאַרט אין גרינעם שרייבטיש. זי נעמט אַראָפּ איר האַנט פון מיר און ווייזט אויפן פענצטער:

— איר זעט, דורך אָט דעם פענצטער קוק איך טאָג־איין־טאָג אויף אייך. יעדן באַגינען טרייבט מען דאָ פאַרביי ייִדן צו דער שווערער צוואַנגס־אַרבעט. זיי גייען געבויגענע, דערפּרווירענע, צעפּרעסענע פון הונגער און ליידן. אַלע פאַרנאַכט גייען זיי צוריק, שלעפּנדיק איבער די כּוחות שווערע בינטלעך האָלץ, אַ ביסל פאַרפרווירענע קאַרטאָפל און אפשר אויך אַן אויס־געבעטלט שטיקל פאַרטריקנט ברויט. ווי די שלעפּערס פון אַמאָליקע צייטן, ווי די וואָס הויזן אונטער די בריקן פון פּאַריז... איך זע צווישן די ייִדן מיינע חברים — דאָקטוירים, אינזשעניערן, אַדוואָקאַטן. איך זע צווישן די ייִדן פּשוטע טרעגערס, קרעמערס, בעלי־מלאכות. אַלע שלעפּן זיי זיך ריי נאָך ריי. איך זע מיינע באַליבטע מוזיקערס, איך זע זשורנאַליסטן... איך זע אייך אַלעמען, באַוואַכט פון די הענקערס. איך קאָן זיך דעמאָלט קוים איינהאַלטן פון שרייען...

זי אָטעמט אַלץ טיפער און טיפער, ווערט אינערלעך אויפגערעגט, אָבער שטאַרקט זיך און זעצט פאָר:

— וואָס זאָל איך שרייען? צו וועמען? שרייען אויף דאָס שלעכטס? פאָדערן, מאָנען? וואָס קאָן אויפטאָן מיין שרייען?

זי גייט צו צו דער ביכער־פּאָליצע, נעמט אַרויס פון צווישן בייכיקע בענד אַ קליין ביכל אין באָרדאָ סאַמעט געבונדן:

— אָט דאָס איז מיין טרייסט. דאָס קליינע פּאָעזיע־ביכל — פּושקין, לערמאָנטאָוו, בלאָק. זיי לייען איך אין שווערע שעהען. און וואָס מער איך לייען, אַלץ מער זע איך אַז איך לייען ווייניק. און לייענען אַליין איז דאָך ווייניקער פון ווייניק. איך קאָן לייענען, זיך טרייסטן, יענעם טרייסטן. איך קאָן אפשר אויך וואָס העלפן. דאָס אַלץ איז דאָך אָבער אַזוי ווייניק! וואָס טוט מען? וואָס טוט מען?

— אַ דאָקטער דאַרף האָבן אַ רעצעפּט — וואַרף איך אַריין אַ פּיל־דיַיטיקע פראַזע.

— ניין, מיין פריינד, ס׳איז ניטאָ קיין מעדיצין! ווען איך זע אייך אָט אַ דאָ, ביי מיר אין קאַבינעט, אין שאָטן פון ביכער, פון בילדער, לעבן דעם ראַדיאָ־קעסטל; ווען איך באַקלער, אַז קיינער ווייסט ניט און קיינער קאָן זיך גאָר ניט פאָרשטעלן וואָס עס קומט פאָר צווישן אונדז, און איך

זע און שפּיר ווי הילפלאָז איך בין אַקעגן אייך, ווער איך נאָך מער געפאַלן ביי זיך. ווי שוואַך עס זענען די מענטשן פון דער אַזוי גערופענער פריי און ווי שטאַרק עס זענען די מענטשן פון געפאַנגענשאַפט! איר האָט מיר צוגעגעבן אַזוי פיל מוט. איר האָט מיך דערפרישט, אויפגעמונטערט. איך שפּיר זיך שטאַרקער מיט אייך און וויל גאָרניט איר זאָלט אַוועקגיין, כאָטש מיר ריזיקירןביידע מיט אונדזערע קעפּ, מיט אונדזערע משפחות...

זי גייט אַ ווײַלע אַרויס, קומט באַלד צוריק מיט ברויט, מיט פּוטער און אַן איי. דאָס איי איז באַמאָלט מיט אַ שוואַרץ יעזוסל אין דער לענג פון איין זייט און מיט אַ קלויסטערל פון דער אַנדערער.

— נעמט ניט פאַר אומגוט די מאָלעריי — זאָגט די דאָקטערין — ס'איז נאָך ווייט ביז פּסח, אָבער קליינוואַרג פאַרנעמט זיך שוין מיט פאַרבן אייער.

— פאַר וואָס זאָגט איר, פרוי דאָקטאָר — פרעג איך, שלינגענדיק גיריק צום ערשטן מאָל זינט דעם מלחמה־אויסבראָך אַן איי, און באַטראַכט די צעבראָכענע שאָל מיטן צעברעקלטן גאָט פון מענטשן, וואָס איז הילפלאָז ווי אַן אויסטראַכטעניש און נאָך שוואַכער פאַר זיינע גלייביקע אַליין — פאַר וואָס זאָגט איר, אַז ס'איז ניטאָ קיין מעדיצין?

— איך ווייס — שלאָגט זי מיך איבער — פאַר אייך יונגע מענטשן איז פאַראַן מעדיצין, אַ סך מעדיצין... מיט וואָס זאָל איך אָבער העלפן? אַלע טאָג קוק איך אויף ייִדן, אַלע טאָג זיץ איך און שרייב וועגן ייִדן. אַלע וואָך קומט מען צו מיר מיט הויזזוכונגען. מען איז חושד אַז איך באַהאַלט אויס ייִדן, אַז איך שטיי מיט זיי אין פאַרבינדונג. איך באַהאַלט מיינע מאַנוסקריפּטן. איך שרייב אין זיי אַלץ: וועגן די גרויליקע נידערטרעכטיקייטן פון די ליטווינער, וועגן אייערע ליידן. איר מיינט אַז איך ווייס ניט, וויפל ייִדן זענען אויסגעשאָסן געוואָרן? וויפל באַגראָבן לעבעדיקערהייט? און ווו איז דאָס קראַנקהויז, ווו איז דער מעדיצינישער פּערסאָנאַל וואָס מען האָט פאַרברענט צוזאַמען מיט אַלע קראַנקע? ווו זענען די איבעריקע פאַרשווונדענע ייִדן? און אויסער וואָס מען שיסט, און אויסער וואָס מען מאַטערט, אויסער וואָס מען נאַרט אייך אַזוי שרעקלעך אָפּ, ווייס איך גאָרניט פון אייער טאָג־טעגלעך לעבן. טויט, שרעק, שיסערייען דורך נאַכט... און ניט געקוקט אויף דעם, גייט איר אַרום, איר

לעבט, שמייכלט... איר קאָנט אַפילו לאַכן אונטערן אַקאָמפּאַנימענט פונעם טייוולאָנישן קאָנצערט און טויטנטאַנץ! ווי אַזוי קאָנט איר דאָס?

— ווי אַזוי מיר קאָנען דאָס? — חזר איך איבער איר פראַגע. — יאָ, ס׳איז אַ טיפע פּראָבלעם פאַר פּסיכאָלאָגן, פאַר קינסטלערס. שפּעטער אַהין, אין געשיכטלעכער פּערספּעקטיוו וועט ווערן קלאָר דער זין פון אונדזער אָפּטימיזם...

ס׳איז אַריינגעטראָטן אַ הפסקה אין אונדזער שמועס. די דאָקטערין איז צוגעגאַנגען צום ראַדיאָ־אַפּאַראַט, אים אַ דריי געגעבן. ס׳האָבן אַ פלייץ געטאָן שטילע, צאַרטע מוזיק־קלאַנגען.

איך שפּאַן אָן מיין געהער — די קלאַנגען גיסן זיך צונויף, וויגן און שלעפערן איין, וויגן איין און דערמאָנען, דערמאָנען און זאָגן צו אַזוינס וואָס וועט קומען, וואָס מוז קומען!

# הומאָרעסקעס

## מאָנאָלאָג פון אַ ייִד וואָס האָט דורכגעטראָגן אַ פּלעשל ייִ״ש דורכן טויער[1]

ווי איך הייס? ניסל הייס איך. מײַן ווײַב? — זיסל הייסט זי. מיר זענען צוזאַמען אַלט 120 יאָר. ווער ס׳איז ייִנגער און ווער עלטער, איז שוין אונדזערע אַ זאַך. איך מעג אַפילו אַרײַנכאַפּן דאַבאָקלע[2], זאָג איך ניט אויס די אמתע יאָרן. לויט די רעגיסטראַציעס אין געטאָ? וועט איר אויך קיין טאָלק ניט דערגייַן, ווײַל וויפל רעגיסטראַציעס, אַזוי פיל ליגנס. אין אַרבעטסאַמט — איינס, אין פּאָליציי — צוויי, אין פּאַכאָפּטייל — דרײַ, אין אַדרעסן־ביוראָ — פיר, אין געריכט — פינף, און פאַר די שכנים — אויך צען ליגנס... מײַן פאַך? אַ סאַדאָווניק בין איך. און טאַקע אַ פּאָנע־וועזשער. איי, די סעדער! איי, די עפּל! איי, די נעכט! איי, די שיקסעס!.. טפו, טפו, וואָס רעד איך? ס׳איז דאָך ניבול־פּה. מיינט ניט, אַז איך בין שוין אויף דער עלטער. אָ־האָ, אַז איך צערעד זיך! איר ווייסט דאָך, טאָן איז טאָן און רעדן איז רעדן...

אַלע, וואָס קענען מיך פון פריִער, נאָך פון יענער וועלט־מלחמה, זאָגן, אַז איצט ווען מיר שטייען מיט אַ פוס אויף יענער וועלט, איז געקומען ווידער מײַן וועלט. הכּלל, מײַן דייטש רעדן! אַלע וואָס געדענקען מיך פון פריִער טענהן, אַז מיט אַזאַ דייטש וועל איך אַוודאי זײַן פון די לעצטע דערשאָסן צו ווערן. און איצט, פון צרות און פּיין איז מײַן לשון געוואָרן רייכער, פולער. עפּעס אַ קלייניקייט, אַז מיר קומט אויס צו רעדן מיט נאַטשאַלסטווע! אָט אַנומלט רופט מיך צו דער דייטש פון אונדזער בריגאַדע, פירט מיך אָפּ אין אַ זײַט. איך מיין אַז מײַן סוף איז געקומען. כ׳געזעגן זיך

---

[1] געמיינט דעם געטאָ־טויער.
[2] אַרעסט־שטיבל, קאַרצער (ליטוויש).

פון דער שײַנענדיקער זון, פון הימל. ערשט דער יעקע זאָגט צו מיר אין דער שטיל, בלחש: „אַלטער יודע, ווילסטו שנאַפּס?"

עס האָט מיר געגעבן אַ קלאַפּ אין דער פּערעפּאַנקע. כ׳האָב לייכטער אָפּגעאָטעמט און מיינע אויגן האָבן זיך אָנגעצונדן: „מיין ליבער הער פּאָסטן" — הייב איך אָן... ערשט איך דערשפּיר צוויי פייערדיקע פּעטש אויף ביידע באַקן. „וואָסער ליבער בין איך דיר, שווייַנס־יודע?" וואָס זאָל נעבעך אַ געשלאָגענער ייִד טאָן, אַז אַ דייטש הייסט אָפּקויפן ביי אים שנאַפּס? איז דען פאַראַן אַ ברירה? הייב איך ווידער אָן בזה הלשון: „געאַכפּערטער הער פּאָסטן! וואָס גלאַובען זי, איך, דער אַלטער תּרח, פאַרשטיי שוין ניט אַז שנאַפּס איז וואָהל? איך מעכטע עס געקאַופט האַבען ווערדען זייַן!"

עס דויערט ניט קיין פּינטל מיט אַן אויג, און דאָס האַלבע פלעשל פליט צו מיר אין קעשענע אַריין, און איך גרזעגן זיך פון מיינע לעצטע אויסגעהיטע פאַר מאַרק. אָבער אין דער רגע, ווי איך שטופּ אַריין דעם דייטש דאָס געלט, צינדט זיך אין מיר אָן אַ פייער פון דרייסטקייט און בריהשקייט. איך לויף צו מיין קאָנורע הינטער די טונען און צעמענטענע רערן. און אַז איך בין שוין אַליין מיטן פלאַש אין בוזעם־קעשענע, מאַך איך זיך קלאָר דעם חשבון: פאַר מיינע קראַנקע לונגען שאַדט ניט קיין שנעפּסל; פאַרן רעוומאַטיזם איז עס גוט; פאַרן האַרצן איז עס אַ חיות; פאַר די פאַרפראָרענע הענט און פיס, אַ ראַטונעק; פאַרן הויכן בלוטדרוק איז עס גאָלד; פאַר די קראַנקע נירן, באַלזאַם; פאַר די פאָרונקלס איז עס פּונקט ווי הויוון; פאַרן געדרשט אויפן לינקן אויג איז עס די בעסטע רפואה. ניסל — שריי איך אַזש אויס — ניסל, דו האָסט געמאַכט אַ גלענצנדיקן געשעפט! מען דאַרף איצט דעם שנאַפּס גוט פאַרמאַלינעווען[3], גוט דורכ־טראַגן דעם טויער, גוט אויסטרינקען. און אויסטרינקען אַזוי, אַז דאָס ווייב זאָל דיך שוין געפינען שיכּור, ווי דו כאַפּטשעסט פון דיין המציאה, פון דיין איינפאַל. איין מאָל לעבט מען אויף דער וועלט!

נאָר לאָמיר זיך ניט פאַרנעמען צו ברייט. איך האָב זיך קלאָר געמאַכט דעם פּלאַן. ערשטנס, דאַרף מען זיך פאַרטרויען דעם בריגאַדיר. בעטן, ער זאָל מיך, אָט טאַקע שוין, באַפרייען פון דער אַרבעט. איך דאַרף דאָך ווי געהעריק זיך איינפּאַקן, פאַרמאַלינעווען.

[3] אין געטאָ-לשון — באַהאַלטן.

איך גיי אַרויס פון קאָנורע, שטעק אַריין דאָס האַלבע פלעשל אין אַרבל.

— זייט אַזוי גוט — פרעג איך דעם ערשטן, בעסטן ייִדן — ס׳איז עפּעס קענטיק?

דער ייִד גיט אַ טאַפּ דאָס פלעשל.

— דערטאַפּט, האַ? — זאָגט ער ווי אַ זיגער.

שטופּ איך דאָס פלעשל אַרויף העכער, איבערן עלנבויגן. ס׳איז אַלץ קיין אָרט ניט. איך לאָז עס אַראָפּ אין איין קאַלאָשע פון ד׳ הויזן, אין דער צווייטער. ס׳איז ניט גוט. „ניסל, ביסט אַ פאַרפאַלענער!״ — פאַלט מיר איין אַ שלעכטער געדאַנק. ביים טויער וועט מען עס געפינען, און די דייטשן וועלן מיך צענעריקן.

איך ווער נערוועז, הייב אָן פינטלען מיט די אויגן, צוקן מיט די קינ־באַקן, בייסן די ליפּן. עס הייבן מיר אָן ציטערן די הענט. איך כאַפּ אַרויס דאָס פלעשל פון די קאַלאָשעס, לאָז אַראָפּ אין אַ וואָליק, פּרוּוו גיין. עס טויג ניט! איך שלעפּ אַרויס מיין אוצר פונעם וואָליק, שטעל אַריין אין מיין פּאַק האָלץ וואָס איך טראָג אין געטאָ. דערנאָך פּרוּוו איך אויס אַלע קעשענעס, די טאָרבע. אומעטום קאָן מען דערטאַפּן. די בעסטע זאַך וואָלט געווען, באַשליס איך, אויסטרינקען אויף אָן אָרט און פאַרשפּאָרן אַלע צרות און געפאַרן. אָבער ווי דערגייט מען אַהיים אַ שיכּורער?

איך עסק נאָך אַלץ מיטן האַלבן פלעשל, און דאָ שטעלט מען זיך שוין אויס צום צוריקמאַרש אין געטאָ. איך כאַפּ אונטערוועגס אַ פּאָר ליידיקע צעמענטזעק, וויקל אין זיי איין דעם שנאַפּס און באַשליס אָפּצוריזיקירן, און אַזוי טאַקע דורכגיין דעם קאָנטראָל ביים געטאָ־טויער. בסך־הכּל זע איך זיך גאָרניט אַרויס פון אונטער מיינע פּעק. אפשר וועט געשען אַ נס און כ׳וועל זיך דורכשאַרן.

ווי ס׳איז געווען ביים טויער, ווילט איר וויסן? האָט איר דאָך גאָר קיין געדולד ניט! וואָס לענגער די מעשׂה, אַלץ גרעסער דער געניץ, זאָגט איר? איז ווער בעט אייך, איר זאָלט מיך אויסהערן? איר קאָנט די מינוט אַוועקגיין. מילא, הקיצור, איר הערט, געגאַנגען בין איך ביים טויער גלייך צום קאָמענדאַנט, אים אָפּגעראַפּאָרטירט וואָס איך האָב, אָט פונקט ווי אַמאָל אין דער ניקאָלײַעווסקער אַרמיי:

— איך, הער קאָמענדאַנט, בין איין אַרמער יודע, אַ שלעפּער, אויף אונדזער שפּראַכע. אָסור, אויב איך האַבע עטוואָס קראָמע העלצכען, קראָמע

עטלעכע מערכען און בולביטשקעס און קראַמע אַ קראַנק האַרץ און אַ שוואַכן זשעלודאָק...

דערהערט אַזאַ דייטש רעדן, איז דעם קאָמענדאַנטס האַרץ געוואָרן ווייך ווי פּוטער. ער האָט מיר דערלאַנגט אַ פּוטער־קלעצל אין מחילה אַריין און אַ שליידער געטאָן צו דער ייִדישער פּאָליציי.

— פּאַוואָליע! — האָט זיך ביי מיר אַרויסגעכאַפּט אַ געשריי — ייִדן, פּאַוואָליע, איך טראָג גלאָזוואַרג!

אַריין אין שטוב בין איך אַ שייַנענדיקער. געוואָלט אַלץ מאַכן בשתיקה. ערשט אין שטוב איז געווען אַ רויך. די פּליטע האָט ניט געצויגן. ניט גע־ווען מיט וואָס אונטערצינדן. זיסל, מיין ווייב, האָט אַרויסגעכאַפּט דאָס מיטגעבראַכטע פּאַפּיר פון אונטער מיין אָרעם:

— ניסל, ביסט אַ חכם! כ׳וועל האָבן מיט וואָס צו מאַכן פייער.

ווילנדיק ניט ווילנדיק, האָב איך געמוזט אויסוויקלען דאָס האַלבע פלעשל. מיין אישה האָט מיר דעם שנאַפּס שוין ניט געלאָזט טרינקען:

— אַז האָסט שוין יאָ אַריינגעטראָגן, דאַרף מען פאַרקויפן און עפּעס פאַרדינען.

איך בין אַ מענטש אַ לענטנער. כ׳האָב זיך ניט געקאָנט קריגן מיט מיין ווייב. שוין באַשערט מיט איר אָפּצוקומען די יאָרן. פאַרקויפן איז פאַרקויפן. מיין ייִנגל האָט גענומען דאָס פלעשל און אַוועק עס פאַרהאַנד־לען. פאַרקויפט, פאַרדינט. אויף מאָרגן האָב איך דאָס געלט מיטגענומען אויף דער אַרבעט, געקויפט דאָרט עפּעס וואָס. מאַלע וואָס אַ ייִד קויפט. איך קום פאַר נאַכט אַהיים — אַ חורבן, יום־כּיפּור. דאָס ווייב — ניטאָ, דער זון — ניטאָ. די שכנים זאָגן:

— אַרעסטירט פאַר שווינדל, פאַר גנבה.

איך לויף הענדום־פּענדום אין דער געטאָ־פּאָליציי [4], זעצט מען אויך מיך אַריין אין דאַבאָקלע און מען גיט מיר צו פאַרשטיין:

— איַיער זון האָט נעכטן פאַרקויפט אַ פלעשל שנאַפּס, איז דאָס גע־ווען וואַסער! קיין גנבישע שטיק וועט איר דאָ ניט פּראַווען!

איך האָב זיך געוואָלט פאַרטיידיקן און ניט געוווסט פון וואָס פריִער אָנצוהייבן. געזעסן אַ פּאָר שעה, אויפגעקלערט, לסוף אומגעקערט דאָס

[4] געמיינט די ייִדישע געטאָ-פּאָליציי.

געלט פאַרן האַלבן פלעשל און זיך צוגעזאָגט: מער האַנדל איך ניט מיט קיין שנאַפּס, איך מעג אַפילו וועלן אַ זופּ בראַנפן מי יודע ווי. אַ כּפּרה דער י״ש, אַבי דער קאָפּ זאָל זיין גאַנץ. ווי זאָגט איר, ניט אַזוי?

# איך ווער אַ גערטענירער

אַז ס׳איז באַשערט אַן אומגליק, קומט עס אין שטוב אַריין און ס׳העלפט ניט קיין שרייען „גוואַלד!". אויף מיין האַלדז האָבן זיך אָנגעהאַנגען אַ ווייב און אַ שוויגער — אַ ביטערער צוגאָב צו דער געטאָ. מיט מיין ווייב בין איך דורכגעקומען. כ׳האָב מיט איר אָפיציעל חתונה געהאַט, זי האָט מיך ניט אָפיציעל פאַרראַטן מיט אַן אַנדערן, זענען אונדזערע באַציִונגען נאָרמאַליזירט. נאָר די שוויגער, אַז זי זעצט זיך אָן... אָט האָט זי מיך גענומען איינרעדן, אַז די מאַמע־ערד איז דער בעסטער פריינד פון די מענטשן אַפילו אין געטאָ. דאָס וואָס זי, די ערד, גיט פון זיך אַרויס דעם מענטשן וואָס האָט זי באַאַרבעט, איז דאָס זיין אייגנס. ערלעכע מענטשן דאַרפן עסן נאָר גרינס. און אַז מען נעמט עס פון אייגענעם גאָרטן, איז עס נאָך געזינטער. ווער עס קאָן, פאַרלייגט אַ גאָרטן אין געטאָ. און וואָס מער גערטנער עס וועלן זיין, וועלן ייִדן אַלץ וויניקער שלעפּן פון יענעמס גאָרטן...

אויסגעהערט די לעקציע פון נאַטור־וויסנשאַפט און מאָראַל, איז מיר קלאָר געוואָרן וואָס זי וויל. און באמת, פאַר וואָס זאָל איך אויך ניט האָבן קיין גאָרטן, ווי עס האָבן לעצטנס אַ סך ייִדן אין געטאָ? אין קאָפּ האָבן זיך מיר אָנגעהויבן מישן פאַרשיידענע טעאָריעס. פון די פיזיאָקראַטן ביז עבודת־אדמה...

האָב איך אויסגעשריִען:

— זאָ וואַר איך לעב! אַלע ייִדן דאַרפן באַאַרבעטן ערד. גענוג מיט די לופט־פּרנסות, גענוג האַנדל־וואַנדל! מיר זענען פאַרזיכערט מיט דער אויסקומעניש!

אויסגעהערט מיינע עקסטאַזפולע רייד, האָט די שוויגער מיר באַפוילן צו באַזאָרגן אַלץ וואָס מען דאַרף פאַר אַ גאָרטן.

ווי זי האָט עס נאָר אַרויסגעזאָגט, איז מיר געוואָרן קאַלעמוטנע אויפן האַרצן: וואָס הייסט, איך דאַרף באַזאָרגן? און טאָמער געלינגט ניט? וועל איך, הייסט עס, זיין שולדיק... און איר דאַרפט וויסן, אַז מיין שוויגער איז אַ קאַפּריזנע. איר גאָרטן וועט דאַרפן זיין דער גרעסטער, דער בעסטער, דער שענסטער, דער געראָטנסטער. אָט פונקט ווי איר טאָכטער...

איידער איך האָב זיך קלאָר געמאַכט מיין צוקונפט אַלס גערטענירער, האָט זי מיר געגעבן אַ פּאַטש אין פּלייצע:

— נו, הייב אָן, מיט דעם רעכטן פוס!

וואָס זאָל איך אייך אַ סך ברייען, איך בין געלאָפן אין קאָמיטעט[5], אַריינגערוקט דעם גלאַזונעם שווייצער אַ פּאָר פּאַפּיראָסן און גענומען ביי אים די ערשטע קאָנסולטאַציע. ער האָט מיר אָנגעוויזן די טרעפּ, די טיר, דעם טיש, ווו איך דאַרף זיך ווענדן, און אָנגעזאָגט:

— די הויפּטזאַך, פּאָדערן, שטרענג פּאָדערן!

ס'האָט זיך אָנגעהויבן אַ לאַנגע פּראָצעדור. כ'האָב אויסגעפילט אַ לאַנגן צעטל מיט פאַרשיידענע קשיות: ווו וווין איך, און צי זענען פאַראַן נאָך שכנים? ווי גרויס איז דער הויף און וויפל פרייע ערד איז דאָרט פאַראַן?

מאַכנדיק דעם אויספיר, אַז דער הויף איז פול מיט מיסטקאַסטנס, קלאָזעטן, אַ ברונעם און אָנגעשטעלטע סעניקעס, מאַטראַצן און אַלטע טאָפּטשאַנעס, האָט מען מיר אַריינגעבראָקט די אַ פראַגע:

— פאַר וואָס פאַרזייט איר ניט עפּעס אויף אַ קופּע מיסט, צי אויף אַ פאַרשאָטענעם מיסטקאַסטן? איר וועט פאַרשפּאָרן באַמיסטיקן די ערד...

איך האָב די פראַגעס פאַרענטפערט ווי אויפן שווערסטן קרייצפאַרהער ביים אויספאָרשער.

איז געקומען דער באַשלוס מיר צוצוטיילן אַ שטיקל ערד ניט ווייט פון מיין שטוב, אויף אַ פּלאַץ מיט נאָך זעקס איינוווינערס פון דער זעלבער גאַס.

כ'האָב זיך דערפילט גליקלעך און צו גלייך באַשווערט פון אַ לאַסט. ס'האָט זיך אָנגעהויבן די זאָרג פאַרן גאָרטן. אַ וואָך צייט האָבן מיר געמאָסטן און זיך געעצהט, וואָס פאַר אַ שטיקל ערד אויסצוקלייבן. איך האָב

---

[5] געמיינט די יידישע געטאָ-אַדמיניסטראַציע.

געשטעלט פלעקלעך, איז געקומען אַ צווייטער און האָט צעאַקערט דעם שטח. גיי מאַך לייטישע געלעכטערס, רייס זיך אין געטאָ צוליב בכורה — מײַן ערד, דײַן ערד, אַז אַלע ליגן מיר טיף אין דער ערד... האָב איך אָנגעהויבן גראָבן אַן אַנדער שטיקל, איז געקומען דער שכן און אָנגעשטעלט זײַנע פלעקלעך מיט אַ נומער, מיט אַן אויפשריפט: „הקרקע הזה שייך למר...״ לויף איך אין קאָמיטעט, טאַקע צום זעלבן פּאַרשוין, גיב אים נאָך אַ פּאָר פּאַפּיראָסן און פּאָדער יושר.

— די בעסטע זאַך, אַ קאָמיסיע — גיט מיר יענער צו פאַרשטיין — פּאָדערט אַ קאָמיסיע פון ספּעציאַליסטן: אַגראָנאָמען, וועטערינאַרן. זאָלן זיי ריכטיק פאַרצעלירן דעם באָדן.

כ׳לעבן, מען האָט זיך ניט געפּוילט, צונויפגערופן אַ קאָמיסיע און מען האָט אָנגעהויבן שרייבן. זיי שרייבן אַ טאָג, צוויי, און איך גיי אויס מיט די כּוחות. כ׳קום פון דער אַרבעט אַ מידער, אויסגעשעפּטער און דאַרף אײַלן אין קאָמיטעט. בקיצור, אַ מעטער פון דעם, אַ מעטער פון יענעם, מען האָט מיר איינגעטיילט אַ שטיקל זאַמדיקן באָדן מיט אַ גרוב אין דער מיט.

כ׳האָב פאַרקאַשערט די אַרבל און זיך גענומען צו דער אַרבעט מיט גרויס התמדה. געשטעלט דאָס לעבן אין געפאַר, געגנבעט אין שטאָט אויפן אַרבעטספּלאַץ אַ לאָפּעטע, אַ גראַבליע. אַריינגעטראָגן אין געטאָ. אויסגעגליכן די גרוב, געגראָבן, צעגראַבליעט דעם באָדן.

איז געקומען די שוויגער מיט אַ טענה: די בייטן דאַרפן זיין ניט אין דער ברייט נאָר אין דער לענג. האָב איך איבערגעמאַכט. קומט זי מיט אַ צווייטער טענה: וואָס העלפט דאָס גראָבן, אַז מען טאָר ניט זייען ביז ס׳וועט ניט זיין קיין צוים אַרום גאָרטן. מען וועט דאָך אַלץ צעטראַמפּלען און שפּעטער אַהין — צעגנבענען.

— שלאַק — טענהט זי צו מיר — אומעטום גרינט שוין! זאָלסט תּיכּף באַזאָרגן דראָט, און טאַקע שטעכלדראָט, און טאַקע וואָס מער!

הקיצור, אַ גאַנצע וואָך האָב איך געטראָגן פון שטאָט שטעכלדראָט. גאַנצע טעג פלעג איך שטיין און אויספּלאָנטערן פאַרזשאַווערט דראָט, וואָס האָט זיך געוואַלגערט אין מיסטקאַסטנס. די הענט האָב איך צעקאַליעטשעט. עס האָט אויסגעפעלט פאַר מיר יאָד ביי אַלע שכנים און באַקאַנטע. אומ־

קערנדיק זיך פון דער אַרבעט מיטן פּעקל שטעכלדראָט, פלעגן מיך אַלע בריגאַדע־מענטשן שטופּן פון זיך:

— גייט מיט אײַער דראָט! רוקט זיך אָפּ מיט אײַערע שטעכלקעס!

ס׳פלעגן מיר אָפּחלשן די הענט ביזן קומען אין געטאָ, ווייל איך פלעג דעם גאַנצן וועג האַלטן דעם דראָט אין דער הייך, ווי אַ פאָן שׂמחת תּורה.ביים טויער פלעגט מען מיך אַרויסשלעפּן פון דער ריי:

— אַרויס מיטן דראָט, אידיאָט! וואָן פון דאַנען! איר נעמט דאָך מיר אַרויס אַן אויג! איר צערייסט מיר דעם בגד!

ס׳פלעגט ניט העלפן, וואָס איך פלעג הויך אויסשטרעקן דעם פּלאָקן מיטן אָנגעוויקלטן דראָט, די פּאָליציסטן פלעגן מיך שטופּן אויף צוריק. אַ גאַנצע וואָך בין איך געקומען אַהיים דער לעצטער, ווייל דער לעצטער פלעג איך דורכגיין דעם טויער, באַגלייט פון חוזק־בליקן. איך האָב פאַר־דרייט די וואָנצעס אויף אַרויף, אַבי דער פאַרקן אַרום מיין גאָרטן וואַקסט! אין גרויס האָסט האָב איך פאַרגעסן מאַכן אַן אַריינגאַנג, אַ קאַליטקע. נאָר די צרה איז געווען אויך אַ מעלה: אָן אַ טירל וועלן די ייִדישע שקצים ניט וויסן דורך וואַנען אַריינצוקריכן. אײַ, פאַר זיך, וועלן מיר קריכן צווישן די דראָטן.

בקיצור, מיר האָבן פאַרזייט רעטעכלעך, בורעקעס, ציבעלע, אַרבעס, סאַלאַט, אוגערקעס און שאר־ירקות. אַלע טאָג פלעג איך לויפן כאַפּן אַ קוק צי עס וואַקסט. אָבער — ניט פון אָרט.

— אַז דו האָסט שלעכט צעאַקערט, שלעכט צעגראַבליעוועט — וואָרטשעט די שוויגער.

— אויף אַלע בייטן וואַקסט ווילדגראָז, אַ סימן, אַז איך האָב גוט צעאַקערט.

— דו האָסט איינגעהאַנדלט שלעכטע זריעה — איז געווען די צווייטע סעריע פּרעטענזיעס צו מיר — דו באַגיסט צו ווייניק. ערד האָט ליב נעץ!

זי האָט מיר אַריינגערוקט אַן עמער, אַ לייקע, אַ וואַנקע. דער ברונעם איז געווען ווייט, די לייקע — לעכערדיק, די וואַנקע — מיט אַ צעשפּאָל־טענעם דעק. איידער איך פלעג צוטראָגן די לייקע צום גאָרטן, פלעגט דאָס וואַסער אויסרינען. דעם עמער האָב איך שעפּנדיק וואַסער געלאָזט אין ברונעם אויפן דעק...

איין פרימאָרגן נאָך אַ רעגנדיקער נאַכט איז געשען אַ נס. די שוויגער איז געקומען צו לויפן מיט פרייד:

— ביסט אַ מאַלאַדיעץ!

ווייזט זיך אַרויס, ס׳האָבן אַרויסגעשפּראָצט די בוריקעס, רעדיסקעס און מערן. איך בין אַראָפּגעלאָפן אין איין העמד אַ קוק טאָן אויף גאָטס ווונדער. איך האָב זיך גענומען שפּירן ווי אַ שותּף מיטן רבונו־של־עולם אין איין אַקציע־געזעלשאַפט...

נאָך דעם ווי מיין שותּף, גאָט, האָט באַוויליקט צו לאָזן שפּראָצן, האָט אין איינעם אַ פאַרנאַכט מיין שוויגער מיך אָנגעכאַפּט פאַרן גאָרגל און צוגעקוועטשט צום ווענטל:

— זאָג אויס דעם אמת, וואָס האָסטו געקויפט פאַר אַ זאָט? עס טויג דאָך אויף כּפּרות! די מערלעך זענען ווייסע, אָנשטאָט בוריקעס — רונקל, די רעדיסקעס זענען צעטריכניעט, די ציבעלע פוילט, די אוגערקעס קריכן ניט אַרויס...

— וואָס האָסטו צו מיר? — ענטפער איך מיט אַ קשיה אויף אַ קשיה — כ׳האָב איינגעזעצט דאָס וואָס איך האָב באַקומען...

אַ דאַנק גאָט, דער געשפּרעך האָט זיך געענדיקט בכי־טוב. זי האָט מיר נאָר געשטעלט אַן אולטימאַטום צו באַזאָרגן פלאַנצן און איבערזעצן דעם גאַנצן גאָרטן. צווישן אונדז גערעדט, כ׳האָב חרטה געהאַט אויפן גאַנצן עסק. נאָר ס׳איז דאָך אַן אויפגעצוווּנגענע זאַך. וואָס זאָל איך טאָן, באַשערט אַן אומרויִקער זומער.

ווען ס׳האָט ענדלעך אָנגעהויבן אויפגיין דאָס ערשטע גרינס, איז געקומען מיין שוויגערס צווייטער אולטימאַטום:

— וואָס, כ׳האָב אומזיסט געהאָרעוועט? פאַר פרעמדע געפּראַצעוועט? זאָלסט מיר וואַכן ביי נאַכט און היטן דעם גאָרטן, מען זאָל אים ניט צעגנבענען, מען טאָר פון אַזאַ אייגנס דאָס אויג ניט אַראָפּלאָזן!

האָב איך געזאָגט, אַז אויב כ׳וועל ניט שלאָפן די נעכט, וועל איך דאָך ניט קאָנען גיין ביי טאָג אין שטאָט מאַכן „דאָס פּעקל״ [6], מאַכן חיונה.

— דער גאָרטן וועט זיין אונדזער חיונה! — זאָגט זי אַנטשיידן.

[6] אינעם געטאָ-לשון — איינקויפן אָדער אויסטוישן אַ חפץ אויף שפּייז.

— ס׳איז שוין באַלד סוף יולי, און איך האָב נאָך פון קיין זאַך ניט געגנאַשט — זאָג איך פאַרביטערט.

— ווייל דו ביסט דאָס ניט ווערט! — ענטפערט זי מיט כּעס.

מילא, מיר האָבן געמאַכט אַ קאָמפּראָמיס. אָנשטאָט צו וואַכן גאַנצענע נעכט האָב איך אָנגעשטעלט דעם וועקזייגער, ער זאָל קלינגען אַלע פּאָר שעה, און כ׳פלעג יעדעס מאָל אַראָפּגיין אין גאָרטן אַ שמעק טאָן די לופט...

דער גאָרטן און דאָס וואַכן האָט מיר צוגענומען דאָס לעצטע ביסל כּוחות. איך בין געוואָרן פאַרחוּשכט, אויסגעשעפּט. איין מאָל, כאַפּנדיק אַ גנבל אויפן גאָרטן, האָט מיר אויפגעבליצט אַ געדאַנק. כ׳האָב צו אים גע־נומען שרייען:

— איי, דו, בחור, רייס מיר אויס אַלע רעדיסקעס, אַלע אוגערקעס, בּרעך איבער אַלע פלאַנצן, צעטרעט די בייטן, וועסטו מיך ראַטעווען. טו דאָס מיר!

געזאָגט און פאַרגעשטעלט זיך: אויף מאָרגן וועט די שוויגער חלשן. מען וועט זי אָפּמינטערן. מיט אַ שייט האָלץ וועט זי מיר פּלעטן דעם קאָפּ און אַ סוף צו מיינע אַלע צרות. איז דאָס ניט קיין אויסוועג?

# מיין פאַבריק

דרייען אַ ראָד איז ניט פון די קליינע זאַכן. פאַר מיר איז עס אָבער אַ נאַרישקייט. וויפל רעדער האָב איך שוין אין מיין לעבן געדרייט און וויפל — אָפּגעשטעלט. די גרעסטע פירמעס האָבן באַנקראָטירט, ווי איך האָב זיך נאָר אַריינגעלאָזט מיט זיי אין שותּפות. דאָס האָט מיך אָבער קיין מאָל ניט אָפּגעהאַלטן פון פירן געשעפטן. געשעפט בלייבט געשעפט, מעג מען פאַרדינען אָדער צולייגן. אַ ייִד מוז דרייען אַ ראָד. ווען ניט, פון וואָס וועט ער לעבן?

אין מיין פירן געשעפטן האָב איך געמאַכט אייניקע דערפינדונגען. למשל, מען קאָן האָבן היזק, און מאַכן אַ גוט לעבן. מען קאָן גוט פאַרדינען,

און לייגן די ציינער אויף דער פּאָליצע. קיין אייגענע ציינער האָב איך שוין לאַנג ניט, אָבער אַ גלייכוואָרטל בלייבט אַ גלייכוואָרטל.

ווען ס׳האָט זיך אָנגעהויבן די איצטיקע מלחמה, בין איך געווען אַ נאַציאָנאַליזירטער באַנקראָטשיק. די 200 שטיקלעך זייף, די פינף פּעלצן, זעקס פּאָר שטיוול, די פּאָר באַלן וויסצייג און די זייגערס מיט די רינגען און איידלשטיינער — די אַלע קלוגע זאַכן — האָט מען ביי מיר אַזוי גיך ניט געפונען. איך האָב דאָס אַלץ אַריבערגעפירט אויף „דאַטשע״ קיין סלאָבאָדקע, אין געטאָ... מיין ווייב האָט מיר געמאַכט אַ חשבון, אַז דאָס אַלץ וועט אונדז קלעקן אויף קנאַפּע עטלעכע חדשים. און וואָס ווייטער? ווייטער וועט זיך ענדיקן די מלחמה. אָבער פאַר מיר וואָלט עס געווען אַ צו פריִער סוף. נאָך אַ קורצער מלחמה קאָנען נאָך אָנהייבן ווירקן די סילוק־געזעצן. וואָס וועל איך, אַן אויפגעדעקטער באַנקראָטשיק, דעמאָלט טאָן? נאָר גאָט איז אַ פּאָטער. ער פאַרציט די מלחמה און ס׳הייבן זיך אָן די אמתע צרות. די דייטשן האָבן ביי מיר צוגענומען כּמעט אַלץ וואָס איך האָב פאַרשטעקט פון דער נאַציאָנאַליזאַציע. אמת, פאַר מיר איז נאָך אַלץ עפּעס געבליבן. ביז ס׳איז געקומען דער פינצטערער טאָג, ווען פון מיין גאַנצן אייגנס איז געבליבן אַ לאָך. האָבן מיינע שטוביקע גענומען טייטלען אויף מיר מיט די פינגער:

— זע, שלאַק, גאָרנישט איינער, שמאַגעגע! אַלע מענטשן מאַכן אַפילו אין געטאָ אַ לעבן. מען דרייט, מען פאַבריצירט, מען לאַטעט און מען גנבעט, און דו טראַכסט אַפילו ניט עפּעס צו אונטערנעמען!

דער געדאַנק וועגן עפּעס צו אונטערנעמען האָט מיך וואָס אַ טאָג אַלץ מער פאַרכאַפּט. איין מאָל ווען מיין אייניקלס ווינדעלעך זענען געהאַנגען אויף אַ שטריק און זיך געוויגט, געהוידעט אין ווינט, איז מיר איינגעפאַלן אַ גוטער געדאַנק — פון די ווינדלעך מאַכן קאָפּטיכלעך. די אידעע האָט מיך באַהערשט און איך האָב ענערגיש גענומען צופּאַסן זיך אַ שותּף וואָס זאָל העלפן אין געשעפט. ער וועט זוכן פאַרב, אַ מאָלער, געהילפן, רעקלאַ־מע־מאַכערס, פאַרקויפערס, אַגענטן. אויב אַוועקשטעלן אַ ביזנעס, איז מיט אַ האַנט און פוס.

כ׳האָב צונויפגענומען 23 ווינדלעך, אָפּגעפאַרבט אַ „גרונט״, כּדי צו פאַרווישן די שפּורן פון דעם קינדס שוואַכקייטן, און אָנגעהויבן פאַבריצירן...

ביי מיר אין שטוב האָט מען דורכגעפירט די ערשטע אָפּעראַציע — מען האָט געפאַרבט. גאָר שנעל זענען די ווענט געוואָרן פאַרשמירט מיט פאַרב. אויף אַלע טשוועקעס זענען געהאַנגען שאַבלאָנען, מוסטערן, אויס־שניטן. אַלץ איז געווען צעלייגט אויף די שטולן, טישן און בעטן. אין שטוב איז געוואָרן אַ גיהנום מיט אַ גן־עדן צוזאַמען. מען האָט געדאַרפט גיין געבויגן, כּדי ניט פאַרטשעפּען זיך אין די טיכלעך וואָס זענען געהאַנגען אויף שטריק. היינט דער גאַנצער פּראָדוציר־פּראָצעס!

— שטופּ ניט די האַנט! גיס ניט אויס די פאַרב! טרייסל ניט דעם טיש! שמיר ניט איין, צעקנייטש ניט! גיב מיר שנעל צו דער האַנט! ווייק איין דעם פּענדזל! פאַרשטעל ניט דאָס ליכט! טונק שנעלער! הייב שטאַר־קער! צי אָן די שטריק! האַק אַריין אַ טשוואָק! היט זיך! בייג איין דעם קאָפּ!

אָט די און ענלעכע אויסרופן האָבן ניט אויפגעהערט קלינגען ביי מיר אין שטוב.

איך גופא האָב אויפגעהערט קאָנען רויִק רעדן מיט אַ מענטשן. מער ווי ווינדלעך זענען מיר ניט געלעגן אין קאָפּ. איך פלעג צונויפשטעלן ליסטעס פון מטופּלעלע מיט קינדער משפּחות. כ׳האָב אַרויסגעשיקט אַגענטן אויפצוקויפן ווינדלעך, אַלטע ציכלעך, צעריסענע ליילעכער און טשעכאָלן. אַוועק אַ סדרה פון מעסטן, חלקן און שערן. מיין שותּף האָט געטענהט אַז די הויפּטזאַך איז שאַפן אַ וואָס גרעסערן לאַגער.

גאָר אין גיכן איז מיין דירה געוואָרן ענג פאַר אונדזער פאַבריק. דער גאַנצער הויף איז איצט פאַרהאַנגען געוואָרן מיט טיכלעך — געלע, גרינע, בלויע. גאַנצע טעג פלעג איך שטיין און היטן מען זאָל ניט גנבענען, און היטן די טיכלעך פון גאָטס שמד־שטיקלעך. יעדן מינדסטן וואָלקנדל פלעג איך פאַרפאָלגן מיט חשד און פּחד. נאָר ס׳איז מיר געגאַנגען בעסער ווי מען האָט געקאָנט דערוואַרטן. די זון האָט געשיינט, די טיכלעך האָבן זיך געטריקנט, די פּאָליצעס האָבן זיך געבראָכן פון סחורה.

ייִדן זענען אָבער ניט קיין פאַרגינערס, האָבן צוויי שכנים מיינע אויך אָנגעהויבן פּראָדוצירן דעם זעלבן אַרטיקל. ווען ביי זיי האָבן זיך באַוויזן די ערשטע קונדן, האָט מיר געגעבן אַ טיאָכקע אין האַרצן: „איך לאַגער סחורה, און דאָרט גייט עס שוין אין אומזאַץ״. כ׳האָב אָנגעהויבן מאַטערן מיין שותּף:

— גענוג אינוועסטירן! דאַיאָש פּראָדאַזשו! [7]

מיר האָבן אַרויסגעשיקט אַ פּאָר אַגענטן זיך צו פֿאַרבינדן מיט די ייִדן וואָס גייען אין שטאָט אויף אַרבעט. די אַגענטן זענען געווען באַהאַנגען מיט טיכלעך מכּל המינים גרייס, פֿאַרב און מוסטער. איך פֿלעג שטיין הינטער אַ מויער אָדער אַ פּאַרקן און איינהערן זיך צו זייער רעקלאַמירן אונדזער סחורה.

— טיכלעך ווי גאָלד! די גויִים וועלן גיין פֿאַר זיי די כּפּרה! ביליק און גוט. עס פֿאַרבט ניט! עלעגאַנט און מאָדערן! ווייך און שטייף, קנייטשן ניט! נעמט, און איר וועט פֿאַרדינען! קויפֿט, און איר וועט קיין חרטה ניט האָבן!

די טיכלעך זענען אַוועק. די אַגענטן האָבן פֿאַרקויפֿט. ייִדן האָבן פֿאַר־דינט, און אויך מיר בתּוכם. נאָר וואָס הייסט פֿאַרדינט? ווילט איר, האָט מיין שותּף טאַקע פֿאַרדינט און איך האָב צוגעלייגט. לויט מיין מיינונג איז די פֿאַרב און די אַרבעט גאָרנישט ווערט געווען, די הויפּטזאַך זענען מיינע ווינדלעך און דאָס געקויפֿטע ווייסצייג, געקויפֿט פֿאַר מיין געלט. און מיין שותּף טענהט אַז די הויפּטזאַך איז זיין פֿאַרב. און בכלל, זאָגט ער, ווער הייסט עס געבן ראַיעלע סחורה? די פֿירמע איז שוין איינגעריבן, קאָן מען אָנהייבן פּושערן. אַלע טאָג פֿלעגט ער אין שניידן דעם שטאָף פֿאַרקלענערן די גרייס פֿון די טיכלעך. אין גיכן האָבן זיי שוין אויסגעזען ווי נאָזטיכלעך. צו דער פֿאַרב פֿלעגט ער נאָך אַנאַנד צוגיסן וואַסער. די טיכלעך זענען געוואָרן אָפּגעבליאַקעוועט. די פֿאַרב פֿלעגט אָפּקריכן פֿון זון און רעגן.

אין איינעם אַ שיינעם אָוונט זענען אָנגעלאָפֿן אונדזערע אָפּנעמערס און מיך, מיטן שותּף, מיט אונדזערע משפּחות געוואָלט לינטשן.

— אַ גאַנץ דאָרף פּויערטעס אָפּגעפֿאַרבט די שטערנס מיט די נעזער!

— האָט איינער געשריִען.

— איך האָב שיר ניט דערשטיקט אַ גויע וועלנדיק זי איבערצייגן, אַז דאָס טיכל איז גענוג גרויס. כ׳האָב איר געוואָלט מאַכן אַ שלייף אונטער דער מאָרדע און געמוזט געבן אַ קוועטש די גרגרת. זי האָט געמאַכט אַזעלכע קולות, אַז כ׳האָב זיך דערשראָקן.

[7] הייב אָן פֿאַרקויפֿן! (רוסיש).

— באַנדיטן, גזלנים! — האָט געבושעוועט איינער אַ ייִד — איר פּטרט אונדז די רענאָמע! מיר מוזן בייטן די אַרבעטספּלעצער. אַלע פּויערים גיבן אונדז אָפּ חזרה!

און אַלע האָבן זיי גענומען אַרויסשלעפּן טיכלעך פון די הויזן־קעשענעס, פון בוזעם, פון אונטערן רימען, פון די קאַלאָשעס, פון היטל. אַ נס וואָס זיי האָבן ניט „אָפּגעברענט״ [8] ביים טויער, צוריקקומענדיק אין געטאָ.

איינער אַ יונגערמאַן האָט צעהיצטערהייט געדראָעט, אַז ער וועט אַלע קונדן פון אונדז אָפּשלאָגן. דער יונגערמאַן האָט זיך אויסגערעדט אין אַ שלעכטער רגע. חזרה איז געפלאָסן, קונדן האָבן אויפגעהערט קומען, אויך מיין שותּף האָט אויפגעהערט קומען. ער אַנטזאָגט זיך פון געשעפט. „עס לוינט אים ניט״ — זאָגט ער. אַוודאי לוינט אים ניט. דאָס געלט האָב איך אַריינגעלייגט, דעם ריווח האָט ער איינגעקאַסירט און דאָס געשעפט האָט ער איבערגעפירט. איצט לוינט אים ניט...

נאָך איידער איך האָב באַוויזן מיט אים זיך אויסצופירן, האָט ער געגעבן אויף מיר אַ בייזן קוק און אַ ריטשע:

— איר זייט שולדיק! איר זייט אַ קאַפּיטאַליסט, אַ שווינדלער! זאָל נאָר קומען די צייט, וועט איר פאַר אַלץ באַצאָלן! מיר וועלן זיך אָפּרעכענען מיט די בורזשויען!

געזאָגט און אַנטלאָפן...

## אַ שכנטע

שכנים זענען פאַראַן פאַרשיידענע. אַזעלכע וואָס קריכן דיר אין טעפּל אַריין, אין קאָשיק, ווען דו קומסט פון מאַרק. אַנדערע זאָגן דיר נאָר גוט מאָרגן, רוקן אַריין אַ שלום־עליכם, און ניט דו קלערסט וועגן זיי און ניט דו שפּירסט זיי.

גאָר אַן אַנדער סאָרט שכנים זענען אויפגעקומען אין געטאָ. שוין אָפּגערעדט מיט וועלכע מען קריגט זיך, מיט וועלכע מען רייסט זיך אַרום פאַר די נעזער, מיט וועלכע מען טרעפט זיך אין געריכט, אין דער פּאָליציי.

[8] אינעם געטאָ-לשון: קאָנפיסקירט געוואָרן.

צו דעם מיין שכנים איז צוגעקומען נאָך אַ שכן וואָס מיט אים זעסטו זיך ביי טאָג און ביי נאַכט,ביים אויפשטיין און ביים לייגן זיך שלאָפן. ווי דו זאָלסט ניט קאָמבינירן די געלעגערס, איז אָדער דיין צוקאָפּנס קומט אויס צו זיינעם, אָדער דיין צופוסנס — צו זיין צוקאָפּנס.

ס׳טרעפט, אַז ביידע אַזוינע שכנים שטייען־אויף נאָך שווערע חלומות, גיבן זיך אַ זעץ־אויף אין די בעטן, ווי העגער, גרייט אָנצופאַלן איינער אויפן צווייטן.

ס׳טרעפט, אַז ביי נאַכט גייט איינער אַראָפּ אויף הצתרכות און אין דער פינצטער פאַרקריכט ער גאָר צו יענעם אין בעט. און יענער כאַפּט זיך אויף מיט אַ געשריי: „ווער איז? גזלנים, רוצחים, מיין לעצט ביסל שלאָף!״

נאָך אַזוינע פּאַסירונגען איז איינער אָנגעשטויסן אויפן צווייטן. פאַרן גיין שלאָפן מאַרקירט מען ווידער, די בעטן זאָלן זיין אָפּגערוקט איינע פון דער אַנדערער, כאָטש נעם און צעשפּאַר די ווענט...

איך האָב געקראָגן אַ שכנטע גאָר צופעליק. סך־הכל איז זי אַלט 80 יאָר און געבעטן האָט זי מיך דערלויבן איבערנעכטיקן איין נאַכט. ווי האָט מען דאָס ניט קיין יִדיש האַרץ, ווי אַנטזאַגט מען דאָס? האָב איך אָפּגעטראָטן מיין בעט. כ׳האָב מורא געהאַט טאָמער פאַרוועלט זיך איר ברענגען איר אייגענע בעט. דאָס קאָן דינען ווי אַ שלעכטער אָנהייב, ווי אַן אָנהייב פון עקספּאַנסיע און אָקופּאַציע.

די גאַנצע נאַכט בין איך ניט געשלאָפן און געקלערט וועגן מאָרגנדיקן טאָג. וועט זי אַוועקגיין אָדער ניט? טאָמער געפעלט איר גאָר דאָס נאַכט־לעגער און זי לייגט מיר פאָר, ניט פאַר אייך געדאַכט, צו בלייבן נאָך אַ פּאָר נעכט? די ערשטע נאַכט איז זי געווען שטיל, איך האָב אָבער געוואַכט מיט אָנגעשפּיצטע אויערן. כ׳האָב זיך דערמאָנט די סקריפּעניש פון די מיט שפּאַנישע ווענטלעך איבערגעצוימטע בעטן אין די ביליקע פאַריזער האָטעלן, נעכט, געשטערטע פון ווילדע ציגיינערישע געזאַנגען וואָס האָבן געגרילצט דורך נאַכט... און אין ווילנע — אַ שכן, דער בוכהאַלטער פון יאַטקעווער גאַס וואָס פלעגט שנאָרכן, ווי ער וואָלט געבלאָזן שופר...

„זאָל מיין שכנטע זיין נאָר אויף קורצע טעג״ — בין איך געלעגן און זיך געמינטערט און זיך אַלץ פאָרגעשטעלט וואָס עס קאָן נאָך אויסקומען אויסצושטיין.

אויף מאָרגן איז זי אויפגעשטאַנען און מיר ניט געזאָגט קיין גוט־מאָרגן. עס איז מיר געוואָרן חשודיק. אין אייניקע שעה אַרום זע איך דורכן פענצטער, ווי ס׳גייט אַ ייִדל און טראָגט אַ בופעטל, הינטער אים — אַ ייִנגל מיט צוויי טשעמאָדאַנעס. ווייטער — אַ מיידל מיט אַ קישן. און זי, מיין שכנטע אַליין, האַלט זיי קוים נאָך אין גאַנג, טראָגנדיק אַ בענקל.

אַבי ניט קיין בעט — טרייסט איך זיך. אפשר וועט זי דאָס לאָזן אויף אַ פּאָר טעג. אין געטאָ איז ווי אונטערוועגנס, קאָן מען זיך פאַרענגען. אַבי זי האָט ניט קיין אָרדער פון וווינונגס־אַמט. איך בין אַ שטילער מענטש און וויל ניט מאַכן קיין סקאַנדאַל. דערצו איז זי צוויי מאָל עלטער פון מיר, מוז איך דאָך געוויס זיך אָפּהאַלטן פון שריט קעגן איר. האָב איך שלום געמאַכט מיטן געדאַנק, אַז ס׳איז מיר באַשערט אַ שכנטע, פון הימל צוגעפּסקנט.

די ערשטע טעג האָב איך געזען נאָר מעלות. זי פלעגט אַוועקגיין אויף גאַנצענע טעג. נאָר וואָס מער זי האָט זיך איינגעלעבט מיט מיר, האָבן זיך אָנגעהויבן אירע טענות, הלמאי איך קום שפּעט, בורטשעט זי. גיי דערצייל איר, אַז די שטוב איז מיר געוואָרן אַ גיהנום און אַז איך וויל דאָ זיין וואָס ווייניקער. זי איז געוואָרן די באַלעבאָסטע אין צימער. זי האָט מיר אָנגע־זאָגט, אַז אַ שטול וועט איצט דינען פאַר מיין טיש, און מאַכן זאָל איך אַן אָרט ביים פענצטער, ווייל מאָרגן ברענגט זי אַ סאָפקע. אויסער דעם דאַרף זי אַוועקשטעלן אַ קאָרב, און די שאַפקע אירע, און די צוויי טשעמאָדאַנעס. יאָ, זי דאַרף נאָך ברענגען קיכגעשיר... איז כאָטש נעם און וואַרף אַרויס די בעטן, טרעט אָפּ דאָס גאַנצע צימער. קיין אַנדער אויסוועג האָב איך ניט געזען...

אין דער פרי פלעגט זי מיך אויפוועקן פון שלאָף און אָנזאָגן:

— איר זאָלט ניט אַריינגיין אין קיך, איך גיי זיך וואַשן.

און אויסטאָן פלעגט זי זיך ניט אַנדערש ווי ביי ליכט. זי איז טאָקע 80 יאָר אַלט, אָבער איך בין פאָרט אַ מאַנספאַרשוין. די שעה זאָל ניט זיין ס׳קאָנען זיך אויפוועקן פאַרלאָשענע ליידנשאַפטן... איך האָב אויסגעצויגן אַ פאָרהענגל. נעמט זי און שאַרט אָפּ. ס׳איז איר פינצטער צו לייענען, זאָגט זי. האָב איך באַשלאָסן צו שטעלן אַ שאַפערענקע. צונויפגעשלעפט ברעטער, טשוועקעס, לייסטן. האָט זי געחלשט: עס וועט איר פעלן לופט, זי וועט ניט האָבן קיין אָרט זיך אַ דריי צו טאָן.

איך האָב זיך אָבער איינגעעקשנט דאָס ווענטל יאָ צו שטעלן. נאָר דאָ איז מיין פּלאַן בלאָס געוואָרן פאַר מיר אַליין. מיין שכנטע האָט אָנגעהויבן אומרויִק צו שלאָפן, רעדן צו זיך, קערן זיך פון איין זייט אויף דער אַנ־דערער. זי האָט געשנאָרכט, געקראַצט זיך, געקריצט מיט די ציין. שלעכט, קיין שאַפּערענקע קאָן דאָ ניט העלפן. מען דאַרף דאָך האָבן אַ גאַנצע קאַפּיטאַלע וואַנט...

עס האָבן זיך אָנגעהויבן פאַר מיר שלאָפלאָזע נעכט. זי פלעגט וואָיען ווי אַ שאַקאַל. די גאַנצע שטוב איז געווען אויף, און אַלע פלעגן זיך בעטן ביי מיר: דיין צופוסנס גרייכט דאָך איר בעט, גיב זי דאָרט אַ שטורכע, טו זי אַ מינטער, אַ טרייסל.

איך האָב זיך געשלאָגן מיט דער דעה, אָנצוהייבן מיין אָפּענסיווע אָדער ניט? איך בין נאָך אַלץ געווען אין סטאַדיע פון פּאַסיוון ווידער־שטאַנד. כ׳פלעג אַריינשטופּן אין איין אויער דעם ברעג פון טשעכאָל מיטן גראָבן פינגער, דעם צווייטן איינגורענען אין קישן. ס׳פלעגט אָבער ניט העלפן. פון איר כראָפּען האָבן זיך געטרייסלט די שויבן.

די שלאָפלאָזע נעכט האָבן מיך צעשרויפט. כ׳פלעג שטופּן איר בעטל, טרייסלען, הייבן אין דער הייך, אַראָפּלאָזן אויפן דיל, און זי פלעגט פאַר־זעצן איר כראָפּען. איך פלעג אין אויפרעגונג כאַפּן איר קאָלדרע און אַרי־בערציִען איר איבערן קאָפּ, אַרויסלאָזן אַ געשריי. און זי פלעגט זיך געבן אַ כאַפּ־אויף און אָנהייבן:

— אוי, וויי, ווער קריכט עס צו מיר? זייט אַזוי גוט, איר האָט ניט געהערט, איך האָב געשריִען פון שלאָף? איך האָב אַזוינע שרעקלעכע קאָשמאַרן, עס דאַכט זיך מיר אַז ס׳קומט פאַר אַן אַקציע אויף אַלטע לייט, אַז מען שטיקט מיך, דווקא מיך...

אויף מאָרגן איז זי געגאַנגען צום דאָקטער זיך באַקלאָגן אַז זי איז נערוועז, ווי גאָר ניט פאַר אירע יאָרן... דער דאָקטער האָט זי אויסגעהערט און צוגעשריבן אַ רעצעפּט. זי האָט די רפואות גענומען פּינקטלעך און פּאָרזיכטיק, ווי ס׳וואָלט געווען אַ הייליקער צערעמאָניאַל...

(לויטן כתב-יד איז אומקלאָר, צי דאָס איז דער סוף אָדער די הומאָרעסקע איז געבליבן ניט פאַרענדיקט)

# אינהאַלט

## פריינד און קאַמפּס־חברים דערציילן

## חיים יעלינס געטאָ-כתבים

## CONTENTS

### Friends and Comrades-in-arms relate



### The Ghtetto-works of Haim Yelin

THE ISSUE OF THIS BOOK WAS SUPPORTED BY

The Abraham Dov Abrahams Fund
Jewish Lithuanian Organization of America, New York
Alliance of Lithuanian Jews of Philadelphia and Vicinity
Jewish Lithuanian Organization of Los Angeles
Canadian Federation for Lithuanian Jews, Montreal
Dr. J. Brauns, Los Angeles
Friends and Comrades of Haim Yelin

# HAIM YELIN

## The Ghetto-Fighter and Writer

---

Published by

The Association of the Lithuanian Jews in Israel
Tel-Aviv, 1 David Hameleh Blvd.

